ש. יודסאָן

# דאָרע

(בלעטלעך פון אַ געפונענעם טאָגבוך)

ווילנע—1930

ווילנער פארלאַג פון ב. קלעצקין

# ד אָ ר ע

דאָס טאָגבוך אַזער ריכטיקער, די בלעטלעך פונם טאָגבוך, וואָס איך פאַרעפנטלעך דאָ, זענען בײַ מיר געלעגן פון אָנהייב זומער. איך האָב זיי געפונען אין אַ קילן פאַרנאַכט, שפּאַצירנדיק אַליין אין בראָנקס-פּאַרק, אַרום דעם געדיכטן, פאַרוואַקסענעם ברעג פון טייך און כ׳האָב באַרנישט געהאַט בדעה זיי אַרויסצוגעבן פאַר דער וועלט. איך האָב געפילט, אַז איך וועל טון דערמיט אַן עוולה צו דער יונגער פרוי, וואָס האָט אינם ביכל געזאַמלט רעשטלעך פון איר לעבן און באַהאַלטן געפילן פון איר גרונט הארץ און סודות פון איר נשמה, גלייבנדיק, אַז קיין פרעמד אויג וועט זייער הייליקייט קיינמאָל נישט פאַרשוועכן. איך האָב אַנאָנסירט אין אייניקע צייטונגען וועגן געפינס, וועלכעס איך בין גרייט געווען אָפּצוגעבן דער, וואָס וועט אָנגעבן די ריכטיקע סימנים און האָב דערוואַרט, אַז עמעצער וועט זיך אָפּרופן. דער גאַנצער זומער איז אָבער אַוועק און איך האָב פון קיינעם נישט געהערט. איך וואָלט אָבער אַלץ נישט געקאָנט באַשליסן צו געבן דאָס טאָגבוך פאַר די לעזער, ווען איך דערהאַלט נישט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק דאָס פאָלגנדיקע בריוול:

„וווערטער הער —

„צופעליק איז מיר היינט געקומען אין האַנט אַן אַלטע צייטונג, אין וועלכער איר האָט אַנאָנסירט וועגן אַ געפונען טאָגבוך. דאָס טאָג-בוך, ווי איך זע פון אַ פּאָר באַמערקונגען אין דעם, איז מיין. אַ גאַנץ יאָר איז עס געווען מיין איין און אייציקער פריינט, וועלכער האָט מיר געהאָלפן אַראָפּקייקלען די שטיינער פון מיין האַרץ און זיך געטיילט מיט מיר מיט מיינע פריידן און ליידן. פאַר אַ גאַנץ רונד יאָר האָט עס מיר

געדינט ווי אַ טרייער שפּיגל, אין וועלכן מען שעמט זיך נישט צו ווייזן דאָס אמתע פּנים ווען קיין זייטיקער מענטש איז דערביי נישטאָ. אוןווירקלעך, איר וועט קיין איין פֿאַלשע תּנועה פֿון מיר דערין נישט געפֿינען. איך בין דערין געווען טריי צו מיין נאַטור, ווי איך בין עס געווען אין די טאָגביכער, וואָס איך האָב פֿריער געפֿירט. מיינע לעצטע דורכלעבונגען, אָבער, האָבן מיך אויף אַזוי פֿיל געענדערט, אַז איך הייב אָן צו גלייבן, אַז מיין איצטיקער „איך" האָט נישט קיין שייכות מער מיטן „איך" פֿון מיין פֿאַרגאַנגענהייט און אַז די געפֿילן, די געדאַנקען, און די פּאַסירונגען, וואָס איך האָב פֿאַרטרויט בסוד מיינע טאָגביכער האָבן איצט פֿאַר מיר קיין גרעסערן ווערט, ווי די שניי־פֿלעקן, וואָס זענען געפֿאַלן אַזוי פֿריש מיט אַ יאָר צוריק. איך בין איצט אינגאַנצן אַן אַנדערע. איך בין איצט צו אַלץ גלייכגילטיק, מיר טוט נישט באַנג פֿאַר דער פֿאַרגאַנגענהייט און מיך שרעקט נישט די צוקונפֿט. איך בין ווי אַן איבערגעבראָכענט אייזן, וואָס לאָזט זיך בייגן אויף אַלע זייטן, נישט אַרויסלאָזנדיק קיין קרעכץ אַפֿילו.

„געפֿינענדיק זיך אין אַזאַ גייסטיקן צושטאַנד, האָט דאָס באַטרעפֿנדע טאָגבוך, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, מער קיין ווערט נישט פֿאַר מיר און איך גיב אייך די פֿולע רעכט צו טון דערמיט וואָס איר ווילט.

מיט אַכטונג,

די גלייכגילטיקע.

„נ. ב. אין פֿאַל איר וועט דאָס טאָגביכל לאָזן אָפּדרוקן, קאָנט איר, אויב איר ווילט, מיר צושיקן אַן עקזעמפּליאַר".

מיט דער האָפֿנונג, אַז דער אינהאַלט פֿון דעם געפֿינענעם טאָג־בוך וועט פֿאַר פֿיל לעזער זיין אינטערעסאַנט, כאָטש די שרייבערין אַליין געפֿינט דערין קיין אינטערעס נישט, דרוק איך עס דאָ איבער בלעטל פֿאַר בלעטל, נישט צוגעבנדיק און נישט אַראָפּנעמענדיק קיין וואָרט פֿונם אָריגינאַל.

# דאָס ערשטע בלעטל

8-טער מאַי.

איך מוז בייטן מיין דירה. קיין ברעקל פּאַרק פאַר אַ מייל אַרום. די גרויע הינטער-וואַנט קעגן מיין פענצטער שטייט שטום און ברוגז, ווען דער הימל איבער איר איז אַזוי בלוי און דער פרילינג-ווינט טראָגט זיך אַזוי פריש איבערן דאַך. איכ'ל זוכן אַ צימער אין די בראָנקס, נאָענט צום פּאַרק. יאָ, איך וועל מאָרגן אַריבערפאָרן צו בעסין, פילייכט ווייסט זי פון אַ פּאַסנד צימער פאַר מיר.

9-טער מאַי.

זייער געטראָפן מיט מיין דירה. איך האָב זיך בעסער גאָרנישט געקאָנט ווינטשן. אַנטקעגן מיין פענצטער זעען זיך די אָראַנזשעריעס פון באָטאַנישן גאָרטן און די פּראַכטפול-אויסגעלייגטע בלומען-בייטן אַרום. איך וועל זיך מאַכן פאַר אַ געזעץ יעדן פרימאָרגן, איידער איך פאָר צו דער אַרבעט, צו גיין אויף אַ שפּאַציר אין פּאַרק כאָטש אויף אַ האַלבע שעה. מיין באַלעבאָסטע האָט זיך אָנגעשלאָגן מיטצוגיין מיט מיר, איך וואָלט זיך אָבער געווונטשן זי זאָל מיך לאָזן אַליין.

אַ מאָדנע ווייבל די באַלעבאָסטע. אויסזעען זעט זי אויס, ווי אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבצען און רעדן רעדט זי פאַר דריי אַלטע ווייבער. אין די צוויי טעג (אייגנטלעך, נאָר צוויי קורצע אָוונטן), וואָס מיר קענען זיך, האָט זי שוין מיר דערציילט טויזנט זאַכן, האָט מיר פאַרטרויט אַ טוץ סודות און האָט שוין אויספּייעט צו מסורן אויף איר מאַן פאַר-וואָס ער איז אַזוי איינגעהאַלטן מיטן דאָלאַר.

דער באַלעבאָס זעט גראָד אויס צו זיין אַן אינטערעסאַנטער מענטש.

ער מאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט זיך אַרומגעטראָגן מיט טיפע געדאַנקען און דער פּאָרטראַכטער בליק זיינער איז מאָדנע סימפּאַטיש.

מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב באַמערקט אַ לייכטע פאַרלעגנהייט אויף מיין באַלעבאָס געזיכט, ווען זיין יונג ווייבל האָט מיך פאָרגע־שטעלט פאַר אים, קומענדיק נעכטן פון דער אַרבעט. זיכער בין איך אָבער נישט. עס קאָן גאַנץ מעגלעך זיין, אַז די פאַרלעגנהייט איז גאָר געווען פון מיין זייט.

12־טער מאַי.

איך פיל זיך אמת גליקלעך, וואָס איך האָב זיך איבערגעקליבן לעבן פּאַרק. פאַר איין קוק אַליין אויף דער זאַפטיק גרינער אומגעבונג, וואָס געפינט זיך בלויז פינף מינוט גאַנג פון מיין דירה, איז שוין כדאי דאָס שלעפּן זיך אין געפּאַקטן „עלעווייטער־צוג“ אַזאַ לאַנגע שטרעקע צוויי מאָל אין טאָג.

אַ גאַנצע שעה בין איך אַרומגעלאָפן אויף די שמאָלע, געדרייטע שטעגעלעך פון באָטאַנישן גאָרטן. איינע אַליין בין איך געווען, קיין מוטער־מענטש נישט אָנגעטראָפן. די געווירצטע מאַרגן־לופט האָט מיך ווי מיט אַ נאַרקאָטיש געטראַנק פאַרשיכורט און די טוי־פּערעלעך אויף די בלעטער און גראָזן האָבן אין די מילדע שטראַלן פון דער נאַר־וואָס אויפגעגאַנגענער זון ווי דימאַנטן פאַר מיינע אויגן געפינקלט. איך בין געגאַנגען, ניין, איך האָב געשוועבט, פון איין קוסט בלומען צום צווייטן, כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט באַם דורכלויפנדן טייכל, האָב מיינע הענט גע־טונקט אינעם קריסטאַלענעם וואַסער און זיך די אויגן געוואַשן און גע־מורמלט אין אַן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך צו זיך אַליין.

דאָס בוך, וואָס איך האָב געהאַט מיטגענומען, האָב איך אפילו נישט געעפנט. עס האָט מיר אינגאַנצן באַנג געטון, וואָס איך האָב עס מיטגע־נומען. עס איז מיר געווען אַן איבעריקע לאַסט, אַ שטערונג.

אַהיימגייענדיק, האָב איך אויפן ברייטן וועג, וואָס פּאַלט אַריין פון בעדפאָרד־פּאַרק, באַגעגנט דעם ערשטן מענטש. דאָס איז געווען אַ מיטל־יעריקער מאַן מיט אַ בלאָנד בולאַנזשע בערדל, וועלכער איז געגאַנגען שטייפלעך מיט ביידע הענט פאַרלייגט אויף הינטער און מיט אַ דיקן נישט פאַררייכערטן ציגאַר אין מויל. פאַרבייגייענדיק אים, האָט דער מאַן

מיך אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר קאַלטע גרויע אויגן און איך בין געווען זי-
כער, אַז ער האָט בעת מעשה געטראַכט: „אַ ראָמאַנטיש מיידל“.

14-טער מאַי.

דער בלאָנדער יונגערמאַן האָט היינט ווידער דעם גאַנצן וועג מיך פאַרפאָלגט מיט זיין נייגיריקן בליק. ווי מיר דאַכט זיך, איז ער אַרויפגעקומען בײַ דער הונדערט דריי און אַכציקסטער גאַס. נעכטן האָב איך אים צום ערשטן מאָל באַמערקט אין „עלעווייטער“ בײַ טרימאָנט עוועניו. איך האָב אָבער געפילט, אַז ער איז אַרויפגעקומען אויף אַ פריערדיקער סטאַנציע. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז ער אַ זייער אינטעליגענטער מענטש און אַן אָנשטענדיקער מאַן דערצו. קוקנדיק מיט אַ ווינקל פון אויג, האָב איך היינט באַמערקט, אַז איך האָב אים פיל-ווייניק פאַראינטערעסירט. ער האָט אַלץ געזוכט צו לייענען אויף מיין פנים און טרעפן, וואָס פאַר אַ סאָרט מיידל איך בין. ער האָט דריי מאָל געביטן דעם פּלאַץ, ביז ער האָט זיך צוגעפּאַסט דעם ריכטיקן, פונוואַנען ער זאָל אויף מיר קאָנען קוקן, נישט ווערנדיק אויפגעפאַלנד. איך האָב אפילו באַמערקט, אַז איך בין נישט געווען דאָס איינציקע מיידל, וואָס ער האָט געמוסטערט מיט זיין וואַרעמען העפלעכן בליק, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט קיין פרוי אין וואַגאָן נישט געשענקט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט ווי מיר.

ווען ער איז אַרונטער בײַ דער דריי און צוואַנציקסטער גאַס, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט אַ העפלעכער נייגיריקייט און געמאַכט אַ מינע ווי ער וואָלט געזאָגט: „איך האָף, איך וועל זיך מיט אייך בעסער באַקענען“.

15-טער מאַי.

איך קאָן נאָך צו זיך נישט קומען פון דער אומאָנגענעמער דערפאַרונג, וואָס איך האָב היינט געהאַט אין אָפיס.

דעם באַלעבאָס ייִנגערער זון, פרעד, וועלכער האָט, דאַכט זיך, אויסגעזעען ווי אַן אומשולדיק לעמעלע, איז אַ פּאָר מינוט פאַר מיטאָג-צייט צוגעקומען צו מיר און געבעטן „אָפּצוקלאַפּן“ אויף דער שרייב-מאַשין אַ בריוו צו דער פירמע... איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל עס טון

גלייך נאָך מיטאָג, ווייל עס איז שוין פינף מינוט צו צוועלף און אָנ־שרייבן דעם בריוו דאַרף דויערן אַ האַלבע שעה. ער איז אָבער צוגע־שטאַנען צו מיר, דערקלערנדיק ווי וויכטיק עס איז דער בריוו זאָל אָפּ־גיין וואָס שנעלער, און איך האָב געמוזט אָפּלייגן מיין מיטאָג אויף אַ האַלבע שעה שפּעטער.

פרעד האָט אַזוי לאַנג געמאַכט הכנות, ביז די אַנדערע מיידלעך זענען אַוועק מיטאָג עסן, דאַן האָט ער זיך צוגערוקט מיט אַ שטול צו מיין שרייבטיש און גענומען כלומרשט קלערן וואָס צו דיקטירן.

איך האָב גלייך באַמערקט, אַז דער יונג מיינט גאָרנישט דעם בריוו און האָב געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפצוהייבן פון שטול, ווען מיטאַמאָל האָט ער מיך געטון אַ כאַפּ פאַר דער טאַליע און גענומען קושן אויפן מויל און די אויגן.

אַ ציטער איז מיר דורכגעלאָפן דורך אַלע גלידער און איך האָב זיך קוים געקאָנט איינהאַלטן נישט צו מאַכן קיין געוואַלט! באַלד בין איך אָבער געוואָרן פול מיט אימפּעט און קוראַזש און האָב דעם יונג געטון אַ שטויס פון זיך, אַז ער איז פאַרפלויגן צו דער וואַנט און גע־פאַלן מיטן קאָפּ אָן אַ שרייבטיש.

איידער ער האָט באַוויזן זיך אויפצוהייבן, האָב איך געכאַפּט מיין הוט און מאַנטל און בין אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר.

# דאָס צווייטע בלעטל

19-טער מאַי.

עס זעט אויס, אַז פאַרלירן אַ שטעלע איז לייכטער ווי צו געפינען. צומווייניקסטן אין צװאָנציק פּלעצער געווען די לעצטע דריי טעג און אַלץ זיך נישט געקאָנט צופּאַסן. דערצו די קרענקונג און דערנידערונג, וואָס איך האָב געהאַט דורכצומאַכן!

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס קוקעלע, וואָס דער היטל-פאַבריקאַנט פון ווייווערלי פּלייס האָט אויף מיר געטון, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז מיין פּריַיז איז אַכצען דאָלאַר אַ וואָך. — „וואַ-אָס! אַכצען טאָלער אַ וואָך! אַ מיידל?" האָט ער כּמעט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אויסגערופן. — „באַ מיר אַרבעטן דריי מיידלעך פאַר אַכצען טאָלער אַ וואָך, און ווי איר זעט מיך אַ ייד, גאָר נישט קיין שפּעטנע מיידלעך". — „טאָ פאַרוואָס האָט איר אַנאָנסירט פאַר אַן ערשטקלאַסיקער סטענאָגראַפיסטין, אַז איר ווילט נישט צאָלן קיין ריכטיקן פּרייז?" האָב איך געפרעגט מיט פאָרוואורף, אויף וואָס דער נידעריקער, פּליכעוואַטער מציאה-הענדלער האָט זיך, רייבנדיק די הענט איינע אָן די אַנדערע, ווי מיר אויף צו להכעיס, געענטפערט: „כ'על עס קריגן אָלרייט. עס איז נאָך דערווייל נישטאָ קיין דוחק אין די סחורה".

מער טענהן מיט דעם ייד האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב פאַרלאָזט זיין אָפיס אָן אַ „גוד-ביי" און האָב מיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו געבן אַ זעץ די טיר הינטער זיך.

און די דערפאַרונג מיטן היטל-פאַבריקאַנט איז נישט די ערגסטע, וואָס איך האָב געהאַט, זינט איך זוך אַ „דזשאָב".

אין דער מעטראָפּאָליטן-געביידע — דאַכט זיך, אויפן פערציקסטן שטאָק איז דאָס געווען — האָט מיר דער יענקי-וואַטער שפּיצן-אימפּאָר-

טער פארשאפט פיל מער קרענקונג און באליידיקונג, ווי דער האלב אויסגעגרינטער היטל־פאבריקאנט.

א חוצפה פון אן אלטן תרח צו דענקען, אז מיט געלט קאן מען צלך אין דער וועלט קויפן!

אין דער צייטונג האט דער „אימפארטער" אנאנסירט, אז ער זוכט א דערפארענע סטענאגראפערין, אבער אזוי גיך ווי איך בין איבערגע־טרעטן די שוועל פון זיין אפיס האב איך געזעען, אז ער זוכט גאר א דערפארן מיידל. ער האט מיך נישט געפרעגט, וואס איך קען, ווי איך האב געארבעט און וואס מיין געהאלט איז, וואס א „ביזנעס־מאן" טוט געוויינלעך אין אזא פאל, נאר ער האט גענומען מעסטן מיין קער־פער מיט זיין זשעדנע בליק און זיך פאסמאקעווען ווולגאר פון מיין אויס־זעען.

מיר האט זיך געדאכט, אז איך שטיי אויף הייסע קוילן און האב געפילט ווי מיין פנים פלאמט. איך האב מיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן און ווען איך האב געזעען, אז אויסער אים איז קיינער אין צימער נישטא, האב איך האלב־באוווסט גענומען גיין צו דער עלעוויטאר־טיר, ווען דער „אימפארטער" האט זיך העפלעך פארנייגט און מיט א צוקער־דיקער שטימע גענומען רעדן:

— וואס אנטלויפט איר, פריילין? זענט איר נישט געקומען אין באצוג צו דער אנאנסמענט, נו, טא וואָרום רעדט איר נישט — וואס, ווען, ווו?

— איר האט מיר קיין זאך געפרעגט, — האב איך געזאגט מיס־טרויאיש, צולייגנדיק דעם פינגער צום עלעווייטאר־גלעקל. — ווי איך זע, בין איך נישט דאס ריכטיקע מיידל פאר אייך...

— איר זענט שוין גראד די ריכטיקע, איך האב זיך גאר קיין בעסערע נישט געווונטשן. און וועגן פרייז וועלן מיר, האף איך, אין געריכט נישט גיין. איך האב ביז אהער געצאלט א סטענאגראפער פופצן דאלאר א וואך, נאר אז איר וועט זיך איינשפארן, וועל איך אייך געבן נאך דריי — און אז איר זענט א גוטע סטענאגראפין, איז בא מיר קיין צווייפל נישט — האט ער זיך געכאפט צוצולייגן.

איך בין א ווייל געבליבן שטיין, נאכטראכטנדיק אפשר מאך איך א טעות אינם מאן און אז ער איז אין דערווירקלעכקייט פיליכט נישט

אַזוי געפּערלעך, ווי מיר דאַכט זיך. דער „אימפּאַרטער" האָט קענטיק געלייענט מײַנע געדאַנקען פֿון מײַן פּנים און האָט פֿון צופֿרידנקייט געשמייכלט אונטער זײַנע גרויסע קורץ-געשוירענע וואָנסעס.

— נו, זעצט זיך אַ ווײַלע און לאָמיר דורכקומען — האָט ער אויסגערופֿן אין אַ טאָן, ווי מען רעדט צו אַן אַלטן באַקאַנטן.

איך האָב מעכאַניש זיך אַוועקגעזעצט בײַ דער שרײַב-מאַשין, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן ברעג טיש, און דער „אימפּאַרטער" האָט זיך געזעצט לעבן מיר אויף דער צווייטער זײַט שרײַבטיש און גענומען דיקטירן:

— זיס איז די ליבע...

— אַלע חלומות צו דײַן קאָפּ — האָב איך בײַ זיך געקלערט. איך האָב אים צוגעוואָרפֿן אַ וואָרנענדיקן בליק און אַרונטערגעלאָזט די הענט אין שויס.

— איר פֿאַרשטייט גאָרנישט קיין שפּאַס, פֿרײַלין, — האָט דער מאַדנער מאַן זיך פֿונאַנדערגעלאַכט מיט אַ געקינצלטן געלעכטער.

— איך וויל עס אויך נישט פֿאַרשטיין! — האָב איך כּמעט אויסגעשריגן, זיך אויפֿשטעלנדיק האַסטיק. — עס האָט זיך נאָך קיינער נישט דערלויבט צו טרײַבן שפּאַס מיט מיר און איך וועל אײַך עס אוודאי נישט דערלויבן, ווײַל איר קוקט נאָר אויס ווי אַ דזשענטלמאַן, אָבער זײַן זענט איר דאָס נישט, — איך בין מיט איין שפּרונג געווען בײַ דער עלעווייטאָר-טיר.

— אַנטשולדיקט, פֿרײַלין, אַנטשולדיקט, — האָט דער מאַן זיך גענומען בעטן אין פֿאַרלעגנהייט. — שפּאַס אַן אַ זײַט. איך וויל איר זאָלט מאָרגן קומען צו דער אַרבעט.

— נישט איך! — האָב איך אויסגעשריגן, דריקנדיק נערוועז דאָס גלעקל.

דער מאַן האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַם אָרעם און זיך געבעטן, איך זאָל אים אויסהערן נאָך אַ ווײַלע: איך זאָל נישט זײַן אַזוי קינדיש, אַזוי היציק. איך האָב אים אָבער געוואָרנט, ער זאָל גלײַך די האַנט פֿון מיר אַראָפּנעמען, ווען נישט מאַך איך אַ געוואַלט.

ווען איך בין אין עלעווייטאָר אַרײַן, האָט דער „אימפּאַרטער" מיט אַ פֿאַרשטיקט קול מיר נאָכגערופֿן:

— פרײלין, זײט זיך נאָך מישב. איך װעל אײך געבן פינף און צװאָנציק דאָלאַר אַ װאָך!

20־סטער מאַי.

בעסי האָט זיך אויפגעלאַכט פון מיר, װען איך האָב איר דערצײלט װעגן מײנע דערפאַרונגען די לעצטע אײניקע טעג. זי האָט געזאָגט, אַז איך האָב געטון אַ גרױסע נאַרישקײט, װאָס איך בין אַװעק פון מײן פּלאַץ צוליב אַזאַ קלײניקײט. „װען אַלע מײדלעך זאָלן זײן אַזוי האַנע־ראָװע, װי דו" — האָט זי געזאָגט, — „װאָלט קײנע פון זײ געקאָנט אָנהאַלטן אַ שטעלע מער װי אײן טאָג".

21־סטער מאַי.

אַ לינד װינטל בלאָזט אַרײן דורך דעם האַלב אָפענעם פענצטער און מײן צימער איז פול מיט אַ בשמימדיקער פרישקײט. די זון האַלט אין אַרױסקרוכן פון הינטערן ריזיקן גלאָז־דאַך פון בלומען־הױז און די פּערל־קאָליר פון דעם מאַטן גלאָז איז דורכגעמישט מיט אַ גאָלדענעם גלאַנץ, װאָס װאַרפט מיליאָנען מילדע שטראַלן אין אַלע ריכטונגען. אַ גרופּע פײגעלעך צװיטשען לוסטיק אין די געדיכטע צװײגן פון מאַיעס־טעטישן מײפּעל־בױם, װאָס שטײט צו דער לינקער זײט פון מײן פענצ־טער, און די לופט איז דורכגעדרונגען מיט זונטיק־רו און פרידן. די מילך־ און ברױט־װעגן, װאָס פאָרן דורך אַלע פאָר מינוט, זענען די אײנציקע, װאָס שטערן די שטילקײט פון פרימאָרגן.

נאָכמיטאָג.

צוריקקומענדיק פון אַ צװײ־שעהדיקן שפּאַציר אין פּאַרק, האָב איך געפונען די „מיסיס" און דעם „מיסטער" שטאַרק אױפגערעגטע. איך האָב אָן זײערע פּנימער געזען, אַז צװישן זײ איז אַ מחלוקה פאָרגע־קומען. נאָר איך האָב זיך געמאַכט נישט װיסנדיק און גענומען גײן אין מײן צימער, װען דאָס װײבל האָט מיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט:

— זאָגט איר אַלײן, מיס בערמאַן, װאָלט איר געקאָנט פאַרטראָגן אַזױנס? שױן אפשר זעקס װאָכן, אַז איך קלױב זיך צו גײן זען די

„פאַרלוירענע נשמות" אין יידישן טעאַטער אין מיין מאַן וויל זיך נישט רירן פון אָרט. אַלעמאָל האָט ער אַן אַנדערן תּירוץ: דאָ איז דאָס וועטער צו מיאוס, דאָ איז דאָס וועטער צו שיין, דאָ האָט ער איינגעלאַדן אַ פריינט צו קומען שפּילן שאַך, און דאָ דאַרף מען גיין אָפּצאָלן אַ וויזיט. אויף היינט האָט מיך מיין מאַן אפשר מיט צען שבועות פאַרזיכערט צו גיין מיט מיר, אָבער איר זעט דאָך שוין, ווי מיר זענען געגאַנגען.

— איך פרעג אייך — האָט דער באַלעבאָס זיך געווענדט צו מיר מיט פיל ערנסט, — ווי קאָן דאָס אַ מענטש פועלן אין אַזאַ גן-עדנדיקן טאָג זיך פאַרשפּאַרן אויף פיר שעה אין אַ טעאַטער, שוין נישט רעדנדיק פון די צוויי שעה, וואָס מען דאַרף זיך שלעפּן אין עלעווייטער-באַן. איז נישט גלייכער אין אַזאַ טאָג צו פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט?

— לופט, שמופט! — האָט דאָס יונגע ווייבל קאַפּריזנע אויסגעשריגן. — מיר קריכט שוין פון האַלז דיין לופט. איך וואָלט געווען מער צופרידן צו ווינען אין „דאַון-טאַון", ווו אַלע יידן ווינען, און קאָנען אָנזעען אַ מענטש אין די אויגן, ווי צו זיצן דאָ און קוקן אויף די ביימער און אויפן הימל גאַנצע טעג!

דער באַלעבאָס האָט נישט געענטפערט. ער האָט נאָר צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק זיין פרוי. דאַן האָט ער אַ קוק געטון אויף מיר, צו זעען אויב איך פיל מיט מיט אים.

אינבאַוונט.

איך ווייס נישט מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט בײַ מיינע באַלעבאַטים, ווען די געסט קומען נישט אָן. עס האָט געהאַלטן גאָרנישט ווייט פון אַן ערנסטן קריג. די „מיסיס" איז אינגאַנצן אַרויס פון די כּלים און האָט געלאָזט איר צונג פריי איבער אַלע גרענעצן. בײַם „מיסטער" האָבן די קאַלירן זיך געביטן אויפן פּנים און איך האָב געזעען, אַז עס קאָסט אים די גרעסטע אָנשטרענגונג אויפצוהאַלטן זיין כּעס. ער האָט, קענטיק, זיך אַ ביסל געשעמט פאַר מיר, דאָך ווען איך האָב געמאַכט אַ פאַרזוך אַריינצוגיין אין מיין צימער, האָט ער מיך צוריקגעהאַלטן מיט זיין בעטנדיקן בליק.

צום גליק זענען אָנגעקומען די געסט פון „הארלעס" און די קריגס־שטימונג אין הויז איז באַלד פאַרשוווּנדן.

22־סטער מאַי.

איך האָב געקריגן אַ בריוו פון מיין געוועזענעם באַלעבאָס, איך זאָל צוריקקומען צו דער אַרבעט, אויב איך פיל זיך שוין אײנגאַנצן געזונט. דער בריוו איז אונטערגעשריבן פון באַלעבאָס אַליין, דיקטירט האָט אים אָבער פרעד, דאָס קאָן איך שוין זעען אָן דער שפּראַך — נישט קיין נאַרישער יונג כ'לעבן.

# דאָס דריטע בלעטל

23־סטער מאַי.

באַ פּרעדן האָבן זיך די קאַלירן אין פּנים געביטן, ווען דער אַלטער בערנהיימער האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן מיין קראַנקהייט. דער בחור האָט געקוקט פאַרשעמט, אַמאָל אויף מיר און אַמאָל אויף זיין טאַטן, און זיין קערפּער האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט פון אומגעדולד. מיין האַרץ איז געוואָרן פול מיט רחמנות צו אים, און נאָר אַ דאַנק מיין מיטלייד, בין איך בייגעשטאַנען דעם נסיון און נישט דערציילט מיין באַלעבאָס דעם גאַנצן אמת וועגן זיין בן־יאָק.

מיין חברטע באַם צווייטן שרייבטיש האָט געקוקט אויף מיר מיט פאַרדאַכט, ווען איך האָב מיט אַ האַלב מויל דערציילט, ווי מיר איז פּלוצלינג „נישט גוט״ געוואָרן. זי האָט זיך איבערגעקוקט מיט די אַנדערע מיידלעך אין אָפיס און אַ כיטרער שמייכל האָט געשוועבט אויף אירע תמיד פאַרפרעסטע ליפּן. איך האָב זיך געפילט אין אַ מאָדנער לאַגע און האָב אינגאַנצן חרטה געהאַט, וואָס איך בין צוריקגעקומען.

25־סטער מאַי.

וואָס פאַר אַן ענדערונג אין בעסין איז געוואָרן אין די פּאָר טעג, וואָס איך האָב זי נישט געזעען! עס איז גאָרנישט מער דאָס זעלבע מיידל. זי זעט אויס, ווי זי וואָלט מיטאַמאָל מיט צען יאָר ייִנגער געוואָרן. איר שטים איז, דאַכט זיך, נישט מער די זעלבע און איר קער און ריר דריקן אויס די פרישקייט און באַגייסטערונג פון אַ שול־מיידל אין וואַקאַציע־צייט. און דאָס אַלץ איז צו פאַרדאַנקען איין באַקאַנטשאַפט! יאָ, עס מוז שוין זיין איינמאָל אַן אינטערעסאַנטע באַקאַנטשאַפט. איך

קען בעסין צו גוט צו דענקען, אז די אויפמערקזאַמקייט פון אַבי אַ יונגנמאַן קאָן אויסאיבן אויף איר אַזאַ איינפלוס.

ווען איך רייס זיך מיט געוואַלט נישט אָפּ פון איר, וואָלט זי מיך אפשר די גאַנצע נאַכט אָפּגעהאַלטן מיט אירע ליבלעכע פּלוידערייען. איך וואָלט שוין געוואָלט, עס זאָל זיין מאָרגן, צו וויסן ווי אַזוי זי איז דאָס באַקאַנט געוואָרן מיטן מיסטער פיינמאַן.

26-סטער מאַי.

איך קאָן זיך גאָר נישט אָפּוווּנדערן פון בעסין. דאַכט זיך, אַזאַ איידעלע, צאַרטע נאַטור, ווי אַ געצערטלט קינד, ווי אַ קליינשטעטלדיקע כּלה, און דאָך אַזוי פעסט און אַנטשלאָסן, זו ען עס קומט צו אַ וויכטיקן שריט. אָ, וויפיל דאַרף איך זי מקנא זיין דערפאַר!

ווי האַרציק איז געווען איר געלעכטער, ווען זי האָט מיר דער־ציילט, ווי זי האָט זיך באַקאַנט מיט פיינמאַנען, און וויפיל נאַיוויטעט עס איז געווען אין איר בליק, ווען זי האָט האַלב פאַרשעמט געזאָגט, אַז זי האָט די באַקאַנטשאַפט מיט פיינמאַנען נאָר מיר צו פאַרדאַנקען? און ווירקלעך בין איך אומדירעקט די אורזאַך פון בעסיס איצטיקער שטימונג. איז דאָס נישט אַ מאָדנער צופאַל?

דער מר. פיינמאַן האָט געפונען אויף די טרעפ פון דער הויך־באַן דעם בריוו, וואָס איך האָב געשריבן בעסין וועגן דעם אינצידענט מיט פרעדן און וועלכן בעסי האָט פאַרלוירן נישט קיין געעפנטן, זיך איילנ־דיק צום צוג. דער יונגערמאַן האָט זיך גענומען די מי און אָפּגעבערענגט דעם בריוו בעסין אין הויז אַריין. ער איז דריי מאָל געגאַנגען ביז ער האָט זי אינדערהיים געטראָפן, אָבער ווען ער האָט זי געטראָפן, האָט ער שוין אַזוי גיך נישט געקאָנט אוועק פון איר. איך קאָן גלייבן בעסיס וואָרט. זי וועט נישט איבערטרייבן קיין זאַך אפילו אין דער גרעסטער התפעלות. איך וועל זי גיכער חושד זיין אין נישט דערזאָגן, ווי אין זאָגן צו פיל, און ווי מיר דאַכט זיך, האָט זי אַ סך באַהאַלטן פון מיר פון איר באַציונג צום יונגנמאַן בײַ דער ערשטער באַגעגעניש. זי באַזיצט אַ וווּנדערבאַרע קראַפט צוצוציען צו זיך מענטשן, פון וועלכן געשלעכט זיי זאָלן נישט זיין.

זי האָט מיר פאַרשפּראָכן פאַרצושטעלן זונטיק פאַר איר נייעם פריינט, און איך וואָלט זיך געוווּנטשן זונטיק זאָל זיין כאָטש מאָרגן.

27-סטער מאַי.

א שטיק האַרץ האָט דער בייזער ווינט מיר היינט אויסגעריסן. די גאַנצע בלומען האָט ער אַראָפּגעטראָגן פון די קוסטעס. דאָס גראָז אין קליינעם סעדל און דער טראָטואַר פאַרן הויז זענען איבער נאַכט ווייס געוואָרן פון דעם בליעכץ, וואָס דער שטורם האָט אָפּגעטרייסלט פונם ברייטן עפּל-בוים. א ציטער איז מיר איבערן לייב אריבער, ווען איך האָב דערזעען די צווייגלעך פון דעם ליליען-קוסט אַרונטערהענגען גע-בויגן, קוים האַלטנדיק די בינטלעך קנאָספּן אויף זיך.

אין פּאַרק איז דער חורבן געווען נאָך טויזנטער מאָל גרעסער. ווו דאָס אויג האָט א קוק געטון איז א צעקאַליעטשעטע בלום געלעגן, און אויפן ברייטן אספאַלט-וועג האָבן טולפּן, גאַנצע און צעשאָטענע, זיך געוויקעט אין דער קאַלטער נאַסקייט. מיך האָט שרעקלעך באַם האַרץ פאַרקלעמט און איך האָב געמוזט אונטערברעכן מיין שפּאַציר אין רעכטן מיטן.

אַרויסגייענדיק פון פּאַרק, האָב איך באַגעגנט א גרופּע גערטנער באַוואָפנט מיט טאַטשקעס און בעזעמער. דער עלטסטער פון זיי, קענטיק דער פאָרמאַן, א מאַן מיט א צונטער-רויט פול געזיכט און קורץ געשוי-רענע זילבער-האָר, האָט מיט א פאַרדריסלעכע מינע זיך געקראַצט אין פּאָטיליצע און געמורמלט אונטער דער נאָז:

„דזשי וויז, ווען נישט דער פאַרדאַמטער שטורם, האָב איך נאָך געקאָנט שלאָפן נאָך פולע צוויי שעה!“

אינאַווגט.

מערקווירדיק, וואָס די נאַטור איז. אינדערפרי האָב איך געמיינט, אַז עס איז שוין א סוף צום פרילינג. די רויע לופט נאָכן שטורם אין געווען דורכגעדרונגען מיט האַרבסט-ערנסט און דער פאַרוואָלקנטער הימל האָט אַראָפּגעקוקט אַזוי טריב, אַזוי מעלאַנכאָליש אויף די צעשטערטע בלומען און גראָזן, און האָט אויסגעזען, ווי ער וועט שוין קיינמאָל מער

זיך נישט אויסלייטערן. און איצט — איצט קוקט אַן אויסגעשטערנטער הימל געהיימנישפול אַרונטער און אַ מילד פרילינג-ווינטל וועקט מאָדנע געפילן אין האַרץ.

29-סטער מאַי.

וואָס פאַר אַן איבערראַשונג! מר. פיינמאַן — דער בלאָנדער יונגערמאַן, וואָס האָט מיט אַזעלכע זשעדנע בליקן געזוכט מיין באַקאַנט-שאַפט אין עלעוויטער-באַן! און ווי האָט ער זיך עס פאַרשעמט, ווען בעסי האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים? ער האָט מיר נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן. ער האָט אַרונטערגעלאָזט זיין בליק, ווי ער וואָלט זיך געפילט שולדיק קעגן מיר. בעסי האָט, קענטיק, פאַרשטאַנען, אַז ער איז אין עפּעס אַ פאַרלעגנהייט. זי האָט געקוקט פאַרשנד אַמאָל אויף מיר, אַמאָל אויף אים. ענדלעך האָט זי זיך געווענדט צום יונגנמאַן מיט פיל ליבלעכקייט אין איר שטימע:

— איר קענט זיך ביידע?

דער יונגערמאַן האָט אַ קוק געטון אויף מיר מיט אַן אָפענעם בליק און שעמעוודיק מיט אַ שמייכל געזאָגט: „ניין, איך האָב ביז איצט נאָך נישט געהאַט די ערע צו קענען פריילין בערמאַן. מיר דאַכט זיך אָבער, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר, — אַז איך האָב אייך ערגעץ-ווו יאָ געטראָפן".

— קאָן זיין, אפשר אין גאַס אָדער אין עלעווייטער, — האָב איך אים געהאָלפן זיך דערמאָנען.

— איר זענט גערעכט, — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט אַ ביסל דערמוטיקט. — איך גלייב, איך האָב אייך געזען איינמאָל אין עלע-ווייטער-באַן, פאָרנדיק אַרונטער דאַון-טאַון.

איך האָב באַמערקט, אַז בעסי איז געווען זייער אומגעדולדיק, ווען דאָס געשפּרעך צווישן מיר און פיינמאַנען איז פאָרגעקומען. זי האָט נישט געקאָנט איינשטיין רויק אויף אַן אָרט און איז, אין די פאָר מינוט, וואָס דאָס געשפּרעך האָט געדויערט, צוגעלאָפן פינף מאָל צו דער טיר, כאָטש עס האָבן זיך נישט געהערט קיין טריט אויף די טרעפּ.

30-סטע מאי.

איך וואָלט זיך דאָס קיינמאָל נישט געגלייבט אויף בעסין! אַזאַ קלוג מיידל, מיט אַזאַ פעסטן כאַראַקטער, זאָל זיך לאָזן אַזוי ווייט פאַרטראָגן פון אַ בלינד אייפערזוכטס-געפיל.

קומענדיק פון דער אַרבעט, האָב איך זי שוין געטראָפן, וואַרטנדיק לעבן הויז. זי האָט מיך באַגעגנט מיט אַ לייכטער פאַרלעגנהייט אין איר בליק.

— וואָס עפּעס אַזוי אומגעריכט? — האָב איך זי געפרעגט. — דו האָסט דאָך מיר נעכטן גאָרנישט געזאָגט, אַז דו קומסט היינט!? עס איז נאָך גוט, וואָס איך בין אַהיימגעקומען. איך בין שיער נישט געפאָרן צו מיין טאַנטע אין „בּאָראָ-פּאַרק” אויף איבערנאַכט.

— דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך טאַקע נישט געדענקט צו קומען היינט, — האָט מיין פריינט געזאָגט, אַרונטערלאָזנדיק דעם בליק. — איך האָב היינט זיך נאָר געזאָלט טרעפן מיט פריימאַנען. נאָר עפּעס אומבאַוווסטס האָט מיך געצויגן דיך צו זען און איך האָב נישט געקאָנט ווידערשטיין.

איך האָב געקוקט און געקוקט אויפן מיידל און מיר האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס איז די זעלבע בעסי, וואָס איך קען. ווי אַ הילפלאָז קינד איז זי פאַר מיר געשטאַנען און עס האָט מיר געדריקט באַם האַרץ צו זען זי אין אַזאַ לאַגע.

— איך זע, אַז דו ביסט עפּעס נישט מיט אַלעמען, — האָב איך זי גענומען אויפמונטערן. — זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס פעלט דיר, אפשר קאָן איך דיר מיט וואָס העלפן?

דאָס אָרימע מיידל האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע אויגן, ווי זי וואָלט אָנגעשטעלט אַ פּאָר „סוירטש לייטס” קעגן מיין האַרץ. דאַן האָט זי פאַרשעמט גענומען רעדן אין האַלבע ווערטער:

— זאָג מיר דעם אמת, דאָרע, האָסט זיך געקענט מיט פיינמאַנען פון פריער? עפּעס קומט מיר פאָר, אַז צווישן אייך ביידע איז עפּעס געווען און איך פאַרלאַנג פון דיר, דו זאָלסט מיר זאָגן אַלץ, איידער עס ווערט צו שפּעט.

— דו מיינסט טאַקע, אַז מען איז פֿאַרליבט, דאַרף מען שוין אויך זיין פֿאַרריקט? — האָב איך זיך פֿונאַנדערגעלאַכט. איך האָב איר דאַן דערציילט פֿון די פּאָר באַגעגענישן מיט פֿיינמאַנען אין עלעווייטער און האָב איר פֿאַרזיכערט, אַז דער יונגערמאַן האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַן אמתן דזשענטלמען און איך פֿיל זיך העכסט צופֿרידן, וואָס זי האָט געהאַט די געלעגנהייט מיט אים נענטער באַקאַנט צו ווערן.

ווען בעסי האָט מיך שפּעט אינאָוונט פֿאַרלאָזט, האָט זי מיר פֿאַרזיכערט, אַז זי פֿילט זיך אינגאַנצן באַרויִקט. אין איר בליק האָב איך אָבער באַמערקט, אַז זי זאָגט נישט דעם גאַנצן אמת,

# דאָס פערטע בלעטל

1-ער יוני.

וואָס א טאָג ווייטער זע איך אַלץ מער איין, וואָס פאַר אַן אומגלייכע פּאָר מר. און מרס. הילפּרייך זענען: קיין ענלעכקייט אין זייערע כאַראַקטערן, קיין שייכות אין זייער צוזאַמענלעבן קאָן איך נישט געפינען און מיר הייבט זיך נישט אָן צו לייגן אויפן שכל ווי אַזוי אַזעלכע צוויי פאַרשידנאַרטיקע מענטשן וועלן קאָנען דורכפירן זייער וועלטל צוזאַמען. דער „מיסטער", זעט אויס, פאַרשטייט גאַנץ גוט דעם צושטאַנד פון דער זאַך און אַפּטמאָל ווערט ער שטאַרק פאַרטראַכט איבער דעם, אָבער זי, די „מיסיס", הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין, אַז איר פאַמיליען-לעבן איז אַ צוזאַמענקומען פון פייער מיט וואַסער.

2-טער יוני.

מיינע באַלעבאַטים זענען אינדערהיים נישט געווען, ווען איך בין פון „דאון-טאון" געקומען און איך האָב געטראַכט, אַז זיי זענען אַוועק אין טעאַטער אָדער אויף אַ באַזוך, און איך וועל דאַרפן זיין דעם גאַנצן אָוונט אַליין אין הויז. איך האָב מיר לאַנגזאַם אָפּגעגעסן, האָב זיך געמאַכט באַקוועם אין מיין נייעם זיידענעם שלאָפראָק, און זיך אַוועקגעזעצט אין פאָדערשטן צימער בא דעם האַלב-אָפענעם פענצטער לייענען „די געשיכטע פון אַן אַפריקאַנישן פאַרם", אָבער ווען איך האָב גענומען איבערקערן דאָס ערשטע בלעטל, האָב איך מיטאַמאָל דערהערט דעם קלונג פון הינטער דער טיר.

מר. הילפּרייך איז אַריינגעקומען. פון זיין „גוטן אָוונט" האָב איך באַמערקט, אַז ער איז צופרידן, וואָס ער האָט מיך אין הויז געטראָפן. איידער איך האָב באַוויזן צו ענטפערן אים אויפן „גוטן אָוונט", האָט ער

מיט אַ לייכטער אומזיכערקייט אין טאָן געזאָגט, אַז די „מאַדאַם" איז אַוועק זעען אירס אַ חברטע, וואָס איז מיט אַ טאָג פריער פון דער שיף אַראָפּ און זי וועט וואַרשיינלעך אַהיימקומען גאַנץ שפּעט.

איך האָב אים געוואָלט פרעגן, צו וואָס מיר איז דאָס נייטיק צו וויסן, אָבער ווען איך האָב דאָס מויל געעפנט, האָט זיך מיר אַרויסגע־כאַפּט: „עס טוט מיר לייד פאַר אייך, מר. הילפרייך, וואָס איר דאַרפט זיין דעם גאַנצן אָוונט אַליין — איך מיין אָן אייער פרוי".

מיין באַלעבאָס האָט מיר צוגעוואָרפן אַ כלומרשט ברוגזן בליק און איז שטאַרק רויט געוואָרן.

איך האָב זיך גלייך געכאַפּט, אַז איך בין באַגאַנגען אַ נאַרישקייט. איך האָב אָבער איינגעזען, אַז איך קאָן עס צוריק שוין נישט כאַפּן און האָב געזוכט צו פאַרנעמען זיך אין אַן אַנדערער ריכטונג.

— וואָס דענקט איר פונם היינטיקן אומגליקס־פאַל אין סאָבוויי ? — האָב איך זיך אָפּגערופן, אָנשטעלנדיק אַן ערנסט פּנים.

— יאָ, עס איז נאָך אַ גליק, וואָס עס איז אָפּגעלאָפן אַזוי. עס האָט געקאָנט אום אייך האָר געשעען גאָר אַ גרויס אומגליק, — האָט מר. הילפרייך געענטפערט מעכאַניש. פון זיין האַלב פאַרטראַכטקייט האָב איך געקאָנט זען, אַז ער איז אָבער נישט צופרידן, וואָס איך זוך אויס־צומיידן דעם אָנגעהויבענעם געשפּרעך.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און זיך אַנטשולדיקט פאַר בעמען צופיל פרייהייט און האָב געמאַכט אַ באַוועגונג אַריינצוגיין צו זיך אין צימער, ווען מיין „מיסטער" האָט מיט אַ גוטמוטיק קינדישער מינע זיך געשטעלט מיר אין וועג און געזאָגט, אַ ביסל פאַרפּיעשטשעט : „ניין, איר טאָרט מיך אַזוי נישט באַשולדיקן. נישקשה, אויס העפלעכקייט אַליין מעגט איר זיצן אַ ביסל מיט אייער „מיסטער", ווען ער בלייבט אינגאַנצן אַליין..."

אין די לעצטע ווערטער האָט מר. הילפרייך געפּרוווט נאָכמאַכן דעם טאָן, אין וועלכן איך האָב אַ ווײַלע פריער די זעלבע ווערטער אַרויסגערעדט.

איך בין געשטאַנען עטלעכע סעקונדן, נישט וויסנדיק וואָס צו טון. דער האַלב־פאַרטראַכטער, בעטנדיקער בליק פון מיין „מיסטער" האָט אָנגערירט די סימפּאַטיע־סטרונעס באַ מיר אין האַרץ. איך האָב געפילט, אַז ער האָט באַ מיר נישט פאַרדינט, איך זאָל אים פאַרשאַפן קרענקונג. איך האָב אָבער נישט געוואָלט ער זאָל באַמערקן, וואָס אין מיר קומט

פאַר און האָב באַשלאָסן אַרײַנצוגײן צו זיך אין צימער. אַלס תּירוץ האָב איך געזאָגט, אַז איך בין נישט אָנגעטון ווי געהעריק צו זיצן מיט אַ פרעמדן מאַן אַלײן אין אַ צימער.

הילפרײַך האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנער ווארעמקייט אין זײַן בליק. איך האָב געפילט, ווי ער וואָלט מיט זײַן בליק געגלעט צערטלעך איבער מײַן אָנגעבלײַזטן האַלז און איבער מײַנע שולטערס און פון זײַן אָטעם, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, האָבן הייסע קושן זיך געטראָגן צו מײַנע ליפּן. איך בין געוואָרן אַ ביסל צעמישט, אָנגעגעם צעמישט, און איך האָב געפילט ווי מײַן האַרץ הייבט זיך און הייבט זיך. מײַן באַלעבאָס איז געשטאַנען מיט אַרונטערגעלאָזטע הענט און קאָפּ און די קאָלירן אין זײַן פּנים האָבן זיך געביטן, ווי בײַ אַ שעמעוודיקן חתן.

איך ווייס נישט ווי לאַנג מיר וואָלטן אַזוי געשטאַנען בײַ דער טיר, ווען טריט דערהערן זיך נישט מיטאַמאָל אויף דער וועראַנדע. מר׳ הילפּרײַך איז אַרויס זען ווער עס קומט, און איך האָב האַסטיק זיך אַרײַנגעכאַפּט אין מײַן צימער.

אין אַ מינוט אַרום האָב איך דערהערט אַ לויז קלאַפּן אין מײַן טיר.

אויף מײַן „אַרײַן״ האָט זיך באַוויזן אין טיר הילפּרײַך. ער האָט געהאַלטן אַ בריוו אין האַנט.

— דאָס איז פאַר אײַך, — האָט ער אויסגערופן מיט באַהאַלטענער אײפערזוכט, מיר איבערגעבנדיק אַ ראָזן קאָנווערט, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון פּערפום.

דער אָנבליק פון ראָזן קאָנווערט האָט מיך אַ ביסל צעטומלט. איך האָב זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן פון וועמען דאָס האָט געקאָנט קומען. די האַנטשריפט אויפן אַדרעס איז מיר געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט.

הילפּרײַך האָט זיך פאַרנייגט מיט אַ נעבעך-מינע און געמאַכט אַ באַוועגונג אַרויסצוגײן. איך האָב אָבער געפילט, אַז עס וועט זײַן אַן עוולה פון מײַן זײַט צו לאָזן אים גײן אין אַזאַ מאָמענט און איך האָב אים צוגערוקט אַ שטול.

— ווי אָנגענעם מיר זאָל נישט זײַן צו זײַן אײַער גאַסט, — האָט הילפּרײַך אויסגערופן, קוקנדיק אומזיכער אויפן ראָזן קאָנווערט, וועלכן

איך האָב אַרויפגעוואָרפן אויפן קישן — וויל איך אייך דאָך נישט שטערן איצט. איך וועל אַריינקומען אַ ביסל שפּעטער.

— אמת, — האָט דער געקרענקטער יונגערמאַן פאַרגעזעצט נאָך אַ קורצער אונטערברעכונג, — עס איז שוין לאַנג געווען מיין ווונטש מיט אייך נעענטער באַקאַנט צו ווערן. איך האָב פון ערשטן טאָג, וואָס איך האָב אייך דערקענט, געזען, אַז איר זענט אַ מענטש מיט כאַראַקטער און מענטשן־קענטניש און בין געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס איר דענקט פון — —

ער האָט דעם זאַץ נישט געענדיקט. נאָכן „פון", וועלכן ער האָט צוויי מאָל איבערגעחזרט, האָט ער מיר טיף אין די אויגן אַריינגעקוקט און האָט לייכט אָפּגעזיפצט. איך האָב נישט געהאַט ווו מיין בליק אַהינ־צוטון. איך האָב זיך געמאַכט ווי איך וואָלט געווען פאַרנומען מיט אויס־גלייכן דאָס דעקל אויפן קישעלע, און די געדאַנקען האָבן אין גרויס אומאָרדנונג געאַרבעט שנעל בא מיר אין קאָפּ. צום סוף האָב איך זיך צונויפגענומען און מיט אַ געמאַכטער קאַלטבלוטיקייט אים פאַרזיכערט, אַז ער שטערט מיר נישט אַ האָר; אַז איך וועל דעם בריוו סיי־ווי־סיי נישט לייענען פאַרן שלאָפן גיין און אַז אויב אים איז אַנגענעם, קאָן ער זיך צוזעצן אַ ווײַלע.

מיין באַלעבאָס האָט מיין איינלאַדונג, קענטיק, אָנגענומען פאַר אַ געוואַלטיקן חסד. זיין פּנים האָט זיך באַצויגן אינגאַנצן מיט אַן אויסדרוק פון טיפער דאַנקבאַרקייט.

נאָך מערערע קורצע געשפּרעכן, וואָס האָבן בשום אופן זיך נישט געלאָזט אַנטוויקלען, האָט הילפּרייך גענומען רעדן וועגן פאַרהייראַטן לעבן בכלל, און עס האָט גענומען גאָר נישט לאַנג ביז ער האָט זיך אָפּ־געשטעלט בא זיך אַליין.

— אָט ווי איר זעט אונז, — האָט ער געזאָגט, אָנרירנדיק מיך לייכט בא דער האַנט — זענען מיר שוין פיר יאָר פאַרהייראַט און נאָך האָבן מיר זיך נישט צוגעפּאַסט איינער צום צווייטן. פאַרקערט, מיר דאַכט זיך, אַז די פּאָר חדשים, וואָס מיר האָבן זיך געקענט פאַר דער חתונה האָבן מיר זיך בעסער פאַרשטאַנען און עס איז געווען מער גע־מיינשאַפטלעכס צווישן אונז, ווי איצט.

הילפּרייך האָט אויסגעזעען נערוועז, ווען ער האָט גענומען רעדן

פון זיך און זיין פרוי. ער האָט מער מאָל מיר אַריינגעקוקט אין אויגן, צו זעען וואָס איך דענק פון אים פאַר זיין פרייוויליקער ווידוי. און בײַ יעדע עטלעכע ווערטער האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל אים נישט מיספאַרשטיין און נישט האַלטן פאַר אַ שוואַכלינג.

— מיין באַקאַנטשאַפט מיט איידאַן איז געווען אַן אומגליקלעכער צופאַל, — האָט ער נאָך אַ קורצער אונטערברעכונג פאָרגעזעצט. — איך האָב זי געטראָפן אויף אַ פאַרוויילונג. מיט איר יוגנטלעכן אויסזעען און איר קינדישן באַנעמען האָט זי אויף מיר געמאַכט אַן אָנגעמען איינדרוק און ווען איך האָב דערפאַרן, אַז עס „דרייט זיך" אַרום איר אַ בחור, וואָס האָט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו זיך און דער וועלט, האָב איך געפילט, אַז עס ליגט אויף מיר אַ חוב צו באַפרייען זי פון זיין איינפלוס. איך האָב געזען, אַז זי איז לייכטזיניק, נאַיוו און אומאַנטוויקלט און זי נייטיקט זיך אין גוטער אויפפּאַסונג און איך האָב געגלייבט, אַז אין גוטע הענט און די ריכטיקע געזעלשאַפט וועט זי זיך אַנטוויקלען אין אַן אינטערעסאַנטע, ליבנסווירדיקע פרוי.

— עס האָט מיר נישט גענומען לאַנג צו דערוויטערן זי פונם בחור, וועמענס נאָמען איך האָב שוין אינגאַנצן פאַרגעסן, און אין די ערשטע צייט האָב איך ווירקלעך באַמערקט, אַז מיין געזעלשאַפט איבט אויס אויף איר אַ ווינשסווערטן איינפלוס. זי האָט געשענקט פיל אויפמערקזאַמקייט צו יעדן וואָרט מיינעם און האָט בײַ יעדער געלעגנהייט געזוכט צו איבערצייגן מיך, אַז זי באַטראַכט מיך פאַר איר וועגווייזער און באַשיצער.

— קיין עלטערן האָט זי דאָ נישט געהאַט, זיי זענען נאָך איצט אויך אין איראָפּע. איר נאָענטסטער קרוב איז געווען אַ פאַרהייראַט שוועסטערקינד, בײַ וועלכן זי איז געשטאַנען לאָזשי פונם ערשטן טאָג, וואָס זי איז אַהער אַריבערגעקומען. דאָסדאָזיקע שוועסטערקינד איז געווען אויפן „זיבעטן הימל", ווען ער האָט געזען, אַז איך נעם אַן אינטערעס אין זיין קוזינע, ווייל ער האָט געהערט וועגן מיר, אַז איך בין אַן אינטעליגענטער, געזעצטער מענטש און אַ גוטער פאַרדינער דערצו. דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין צו אים אין הויז געקומען, האָט דאָס שוועסטערקינד מיך גענומען איינפאַך צורעדן צו מאַכן די חתונה וואָס גיכער — כאָטש איך האָב נאָך גאָרנישט געטראַכט פון קיין חתונה.

ווען איך האָב גענומען איבערטראַכטן וועגן דעם ענין, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב געהאַנדלט אַ ביסל צו אומפאַרזיכטיק און אַ פאַרגעפיל האָט מיר גענומען זאָגן, אַז איך וועל אַמאָל זיך ארומזען, אַז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער. איך האָב זיך אָבער געשעמט פאַר זיך אַליין צוריקצוציען זיך און האָב זיך איבערגעגעבן צום שיקזאַל אין די הענט.

פונקט דריי חדשים נאָך אונזער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָבן מיר התונה געהאַט און צוויי חדשים שפּעטער איז בּאַ מיר מער קיין ספק נישט געווען, אַז איך וועל פאַר מיין עקספּערימענט דאַרפן צאָלן מיטן גאַנצן לעבן. איך האָב דאַן שוין איינגעזעען, אַז איך און מיין פרוי זענען צוויי גאַנץ פאַרשידענע נאַטורן, שוין נישט נעמענדיק אין באַטראַכט די אינטעלעקטועלע אומגלייכקייט.

הילפרייך האָט פלוצלינג אָפּגעהאַקט. אייניקע סעקונדן האָט ער געקוקט גלאַט אין דער וועלט אַריין, דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבן, און לאַנגזאַם צוגעטרעטן צו מיר, און אויסגלייכנדיק דאָס האַלזבענדל פון שלאַפראָק אויף מיין אַקסל מיט פיל צערטלעכקייט, האָט ער געבעטן איך זאָל אים אַנטשולדיקן פאַרוואָס ער האָט מיין צייט גערויבט.

אַרויסגייענדיק פון מיין צימער האָט דער אומגליקלעך-פאַרהייראַטער מאַן צוגעוואָרפן אַן אייפערזיכטיקן בליק אויפן ראָזן קאָנווערט, וואָס איז נאָך געלעגן נישט קיין געעפנטער אויפן קישן.

# דאָס פינפטע בלעטל

2־טער יוני. אינדערפרי.

לאַנג נאָכדעם ווי הילפרייך האָט מיין צימער פאַרלאָזט האָב איך זיך נישט געקאָנט באַשליסן צו עפענען דעם בריוו. יעדעס מאָל, וואָס איך האָב דעם ראָזן קאָנווערט אין האַנט גענומען, האָט אַ פאַרבאָרגענע האַנט מיינע פינגער געפּענטעט און דער ריח פון דעם פּערפום, וואָס האָט געשלאָגן פון קאָנווערט, האָט פאַרשיכּורט מיינע געפילן און איך בין געבליבן זיצן ווי אין אַ חלום. מיין פאָרשטעלונגס-קראַפט איז אַרויסגע־קראָכן פון ערגעץ־ווו אין אַ ווינקל מוח און, אומגעשטערט פון מיין קלאָרן פאַרשטאַנד, גענומען מאָלן בילדער פאַר מיינע אויגן, וועלכע עקזיסטירן גאָרנישט אין דער ווירקלעכקייט. איך האָב געפילט, ווי איך ווער פאַר־טראָגן אין אַן אַנדערער וועלט: ווי פאַרבאָרגענע אָרעמס נעמען מיך צערטלעך אַרום, דריקן מיך צו אַ וואַרעמער ברוסט, וואָס קלאַפּט אַזוי שטאַרק און האַסטיק אין טאַקט מיט מיינע און ווילן מיך גאָרנישט אָפּלאָזן.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך געמוזט אָפּזיצן אַ לאַנגע צייט. וואָרים ווען איך האָב זיך צוריק דערפילט אין די גרענעצן פון מיין קלאָרן פאַרשטאַנד, האָב איך דורכן פענצטער באַמערקט, אַז די קראָמען לעבן דער באַן־סטאַציע זענען שוין צוגעמאַכט. איך האָב איבער דער וואַנט דערהערט מיין „מיסיס״ קול און איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס איך האָב זי נישט געהערט אַהיימקומען. דער ראָזער קאָנווערט, וועלכן איך האָב געהאַלטן פעסט אין מיין לינקער האַנט, איז געווען אָפּגעריסן בײַ די בּרעגעס און ווען איך האָב גענומען זיך דערמאָנען, ווען איך האָב די ריסן געמאַכט, האָב איך דאָס בשום אופן נישט געקאָנט.

— פאַרוואָס זאָל איך טאַקע נישט קאָנען טרעפן ווער עס האָט

מיר דעם בריוו געשריבן? — האָב איך זיך אַליין געשטעלט די פראַגע, ווען איך האָב אַ נעם געטון דעם אָפּגעריסענעם ברעג פון קאָנווערט, כדי אים אָפּצורייסן אינגאַנצן. — אַלע יונגעלייט וואָס איך קען זענען איינער נאָכן אַנדערן מיר פאַרבייגעלאָפן אין געדאַנק, אָבער פון קיינעם פון זיי האָב איך נישט געקאָנט דערוואַרטן אַ שמעקעדיקן בריוו אין אַ ראָזן קאָנווערט.

אפשר איז דאָס גאָר פון מיין „מיסטער״? — איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק — זיין באַציונג צו מיר, פונעם ערשטן טאָג, וואָס איך האָב מיך אַריינגעצויגן צו אים אין הויז, איז מיר פאָרגעקומען מאָדנע. באַלד, אָבער, האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער מינע, מיט וועלכער ער האָט געקוקט אויף דעם בריוו, ווען ער האָט מיר אים איבערגעגעבן און בא מיר איז מער קיין ספק נישט געווען, אַז עס איז נישט זיין אַרבעט.

— אהאַ, איך האָב עס! — איז מיר ענדלעך איינגעפאַלן — דאָס איז געוויס פון מאַלין. דאָס לאָזט זי מיר מסתמא חיסן, אַז זי האָט אַ מיידעלע געבוירן. איך האָב האַסטיק געטון אַ ריס דעם קאָנווערט און גענומען אַרויסציען אַ ראָזע בייגעלע פאַפּיר. ווען איך האָב זיך פלוצלינג דערמאָנט, אַז עס איז נאָך צו פרי פאַר מאַלין: אַז זי האָט דערוואַרט ערשט אינמיטן יולי...

איך האָב דערלאַנגט אַ וואָרף דעם בריוו אויפן טישל און אויס כעס אויף זיך אַליין, פאַרוואָס איך קאָן נישט טרעפן ווער עס האָט מיר אים געשיקט, האָב איך האַסטיק גענומען צורעכט מאַכן דאָס בעט. איך האָב באַשלאָסן, להכעיס וועמען איך האָב אַליין נישט געוווסט, דעם בריוו נישט צו לייענען ביז אינדערפרי, אָבער ווען איך האָב זיך שוין געהאַט אינגאַנצן אויסגעטון און האָב זיך אויפגעהויבן אויף די שפּיצן פינגער צו פאַרלעשן דעם גאַז, האָב איך מיטאַמאָל חרטה געקריגן אויף מיין באַשלוס און האָב ווידער גענומען דעם קאָנווערט אין האַנט.

מיינע געפילן און געדאַנקען האָבן זיך ווידער גענומען מישן, אָבער דאָס מאָל האָב איך זיך שוין נישט געלאָזט פאַרטומלען. איך האָב האַסטיק, ווי מיט אַן איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג, אַרויסגעכאַפּט דאָס בייגעלע פאַפּיר פון קאָנווערט און האָב עס גענומען קערן אויף אַלע זייטן, ביז איך האָב דערזען די אונטערשריפט: „דייוו פיינמאַן״.

— גאָר ער ? — האָב איך מיט שטוינען זיך אַליין געפרעגט. — דאָס ווערט שוין צו קאָמיש !

מיט אַ באַשלאָסנקייט, פון וועלכער איך האָב אַליין נישט געוווּסט דעם מאָטיוו, האָב איך דעם בריוו שנעל צוזאַמענגעלייגט, אים אַריינגעטון אין קאָנווערט און מיט אַ קאַפּריז, וואָס איך האָב נישט געקאָנט קאָנטראָלירן, אים צוריקגעוואָרפן אויפן טישל.

— בישקשה, ער קאָן וואַרטן, אויב ער איז אַזאַ סאָרט בחור ! — האָב איך מיט כעס אויסגערופן, אַרונטערדרייענדיק האַסטיק דעם גאַז.

אין קלאָרע און דאַן האַלב-צעמישטע געדאַנקען וועגן בעסין, פייגמאַנען, מיינע באַלעבאַטים און זיך אַליין, בין איך איינגעשלאָפן, ווען דער הימל האָט זיך גענומען פאַרבן ראָז אין עק מזרח.

---

אויפגעשטאַנען בין איך מיט אַ לייכטער קאָפּ-ווייטיק. איך האָב פאַרן שלאָפן גיין פאַרגעסן דעם גרינעם ראָלעט אַרונטערצולאָזן און די זון האָט שטאַרק אָנגעוואַרעמט מיין פנים. איך האָב געפילט ווי אַרונטערצוציען דעם ראָלעט און זיך לייגן צוריק שלאָפן. דער זייגער אָבער איז שוין געווען זיבן. דערצו האָב איך געדאַרפט קומען אין אָפיס נאָך פריער ווי געוויינלעך.

איך האָב מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן זיך גענומען שנעל אָנטון, ווען דער ראָזער קאָנווערט האָט פּלוצלינג ווי אַ ווונק געטון צו מיר פון טישל. איך האָב קאַפּריזנע אַ מאַך געטון מיטן קאָפּ און צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק דעם שטיקל אומשולדיקן פּאַפּיר. באַלד, אָבער, איז אַ שמייכל אַריבערגעלאָפן מיינע ליפּן און איך האָב געפילט, אַז איך לאַך דאָס פון זיך אַליין : „נאַר איינער, וואָס איז דאָס שטומע פּאַפּיר שולדיק ? און דערצו ווייסטו נאָך גאָרנישט, וואָס דאָס פּאַפּיר אַנטהאַלט !“

— טאַקע, וואָרום האָב איך עס נישט איבערגעלייענט נעכטן ? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג. — עפּעס האַנדל איך אינגאַנצן ווי אַ נאַריש קינד די לעצטע צייט. איך האָב, ווי צו להכעיס זיך אַליין, שטייענדיק אין איין שוך און איין זאָק, אַ כאַפּ געטון האַסטיק דאָס בריוול און גענומען לייענען :

— טייערע פריינדין —

— איך פיל, אַז איך בין אייך שולדיק אַ דערקלערונג; איך פיל, אַז איך האָב פאַר אייך פאַר עפּעס זיך צו פאַרענטפערן און איך בין גרייט דאָס צו טון אַזוי גיך, ווי איר וועט האָבן אַ פאַר פרייע מינוט מיך אויסצוהערן.

— איך בין זיכער, אַז איר וועט זיך אָנשטויסן, וואָס איך מיין מיט דידאַזיקע ווערטער און וועל דעריבער נישט פאַרנעמען אומזיסט אייער ווערטפולע צייט. ווען מיר וועלן זיך ווידער זען, וואָס איך האָף, וועט זיין גאָר גיך, גלייב איך, וועל איך האָבן די געלעגנהייט אייך צו איבערצייגן, אַז איך בין נישט קיין לייכטזיניקער מענטש, ווי איר קאָנט דענקען, און איר וועט אפשר נישט באַדויערן בעסין אומזיסט. איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב אָוועקגעשענקט בעסין מיין גאַנצע ליבע, כאָטש אַרויסגערופן אין מיר די ליבע האָט גאָר אַן אַנדערע, וועלכע איך האָב נישט געהאַט דאָס גליק צו געווינען...

— אַנטשולדיקט מיר, טייערע פריינדין, פאַר מיין טאַקטלאָזיקייט — און אפשר וועט איר עס גאָר אָננעמען פאַר פשוטע נאַרישקייט.

אייערער מיט פיל אַכטונג, דייוו פיינמאַן.

נ. ב. דאָס פּאַפּיר און קאָנווערט האָב איך געליען (אָן איר וויסן אפילו) פון בעסין. זי האָט געקויפט אַ גרויס שעכטל פון דער קאָליר און זי שיקט מיר יעדן טאָג צו עטלעכע ווערטער אויף דעם. זאָגט, ווי געפעלט אייך עפּעס דער ריח, פאַרטראָגט עס נישט אין ווייטע וועלטן?

4־טער יוני.

איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער, ווען די אָרימע בעסי האָט פאַר מיר מיטאַמאָל גענומען לויבן איר קוזין הערי. פריער האָט זי פון אים זיך שטענדיק אויסגעלאַכט. זי פלעגט זיך שעמען צו גיין מיט אים צווישן מענטשן און איצט איז בײַ איר געוואָרן הערי גאָר אי, אי, אי!

— כ'לעבן, — האָט זי געזאָגט. — איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט אַ גרויסן טעות אין אים, אָבער וואָס אַ טאָג ווייטער, זע איך

אַלץ מער איין, וואָס פאַר אַ טייערער בהור ער איז: פעיק, יאויפריכטיק, געזעצט און צו דעם אַלעם טאַקע אויך אַ געזונטער און אַ שיינער. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט אים איינגעלאַדן אויף זונטיק און זי וויל, איך זאָל אויך קומען. וועלן מיר אַלע צוזאַמען, דאָס הייסט אויך פיינמאַן אריינגערעכנט, פאָרן אויף אַן „עקסקורשאַן".

איך האָב אַריינגעקוקט מיין חבדטע טיף אין די אויגן און האָב געזעען, אַז איר האַרץ ליידט פון עפּעס. איך האָב זי געוואָלט פאַרזי־כערן, אַז איך וועל פיינמאַנס ליבע נישט אָפּציען און זי דאַרף זיך נישט באַמיען אומזיסט צו פאַראינטערעסירן מיך אין איר קוזין. איך האָב זיך אָבער מישב געווען, אַז שוויגן איז גלייכער און האָב די ווערטער אַרונ־טערגעשלונגען.

5־טער יוני.

מיין טאַנטע פון „בּאָראָ־פּאַרק" האָט מיר אָנגעטון דעם כבוד און איז געקומען צו מיר מיט אַ באַזוך. זי האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס איך אַרבעט אַזוי שווער און וויל נישט הערן פון קיין תכלית.

— אַן אַנדער מיידל אויף דיין פּלאַץ — האָט די טאַנטע געזאָגט מיט פיל ערנסט אין איר טאָן, — וואָלט דאָך געווען אָנגעטון אין גאָלד און דימענטן אַזוי גרויס ווי זי איז. קיין עין הרע אַזאַ פּאַרשוין, אַזוי קלוג און געבילדעט! און די גאַרנישט, דיר האָט פאַרשמעקט דער טעם פון ווינען באַ יענעם און ווילסט פון קיין אייגענער היים גאַרנישט קלערן.

דאַן האָט זי מיר גענומען דערציילן פון היהקען און פון באַשען, פון ליזען און פון דאָרען און מיר געשילדערט די גליקן זייערע: היהקע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ „מאַנופעקטשורער" פון „פּאַקעט בוקס" און זי לעבט ווי אַ קעניגין; באַשע האָט געהייראַט מיט אַ מאַן פון דער „סויטה" און זי באָדט זיך פשוט אין עשירות; ליזע איז געוואָרן אַ כלה פאַר אַ רייכן „ריעל עסטייטניק" און האָט געקריגן אַ מתנה אַ פּאָר דימענ־טענע אויערינגלעך, וואָס קאָסטן אפשר פינפצען הונדערט דאָלאַר. און דאָרע, דאַכט זיך אַזאַ גאָרנישט אַ מיידל, נאָך אַ גרינהאָרן, גייט שוין אַרום מיט אַ „בייער", וואָס האָט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל.

איך האָב אויסגעהערט אַלץ מיט אַ שמייכל און פאַרזיכערט מיין

טאַנטע, אַז איך בין נישט ווייניקער גליקלעך פון די אַלע, וועלכע זי האָט אויסגערעכנט, כאָטש איך האָב נישט קיין דימענטענע אויערינגלעך און באַד זיך נישט אין עשירות, ווי מיינע ווייטע קרובהטעס, וועלכע, זי אליין זאָגט, זענען מיין מינדסטן נאָגל נישט ווערט.

6-טער יוני.

איך האָב היינט געמוזט אויפשטיין אויף דער לינקער זייט. ווו איך האָב זיך געקערט און וואָס איך האָב נישט געטון, איז מיר נישט גע-גאַנגען. עסנדיק פרישטיק, האָב איך דאָס טישטוך מיט קאַפע פאַרגאָסן, אוועקגייענדיק פון הויז האָב איך די שליסלען פאַרגעסן מיטצונעמען און כמעט אין יעדן בריוו, וואָס איך האָב „אָפּגעקלאַפּט" אויפן שרייב-מאַשין, האָבן אַ פּאָר טעותן זיך אַריינגעכאַפּט.

# דאָס זעקסטע בלעטל

8-טער יוני.

עס זעט אויס, אַז די גאַנצע ניו-יאָרקער מענטשהייט קלויבט זיך אויף וואַקאַציע. ווו איך בין געגאַנגען היינט, האָב איך נישט געהערט רעדן פון קיין אַנדערער זאַך, ווי נאָר פון „סי שאָר“ און „מאָונטיינס“, און מיט וועמען איך האָב זיך נאָר באַגעגנט, איז געוועזן די ערשטע פראַגע וואָס מען האָט מיר געשטעלט: „ווען פאָרסטו אויף וואַקאַציע?“

באַ מיין טאַנטע אין הויז האָב איך געפונען אַ גאַנצע איבערקערעניש. מיין טאַנטע איז געשטאַנען אַ פאַרשוויצטע איבער אַ באַרג אָנגעוואָרפענע קליידער און מיט דעם ערנסט פון אַ גוטע באַלעבאָסטע געטראַכט און אונטערזוכט יעדעס מלבוש באַזונדער. מאָריסל און פעגעלע האָבן געזוכט אין די שראַנקן, אין די קופערטס און ווו נאָר אַ ווינקעלע אין הויז און האָבן אַלע ווײַלע צוגעטראָגן, דאָ אַ קליידעלע, דאָ אַ גאַרביטאָרל, דאָ עפּעס אַנדערש און עס צוגעוואָרפן צו דער הורבע זאַכן. מיין טאַנטע האָט מיך אויפגענומען מיט אַ האַלב-נאַטירלעכן האַלב-געמאַכטן שמייכל. זי האָט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און מיט פיל ערנסט געזאָגט:

— זעסט ווי „ביזי“ מען איז, אַז מען איז אַ באַלעבאָסטע! דעם גאַנצן טאָג האָב איך אויף אַ מינוט זיך נישט צוגעזעצט, אָט ווי דו זעסט. אסור אויב עס לוינט זיך די גאַנצע וואַקאַציע!

— איך זע נישט איין וואָס עס איז אַזוי די אײַלעניש. איר וועט דאָך מסתמא נישט פאָרן איידער די שולן מאַכן זיך צו? — האָב איך געפרעגט, זיך איינבייגנדיק אויפצוהייבן אַ בלוזקע פון דיל.

— הערסט! — האָט די טאַנטע זיך האַרציק פונאַנדערגעלאַכט. —

וויפיל איז דאָס אַזוי ביז די שולן שליסן זיך ? אינגאַנצן פיר וואָכן, און גלייב מיר, אַרבעט האָב איך כאָטש אויף אַ האַלב יאָר. דו האָסט באַ-דאַרפט זעען, וואָס עס טוט זיך באַ די ליפשיצעס, אין דעם ברוינעם הויז קעגנאיבער ! דאָרט איז מען שוין „ביזי" מיט דער קאַנטרי זינט דעם ערשטן הייסן טאָג, וואָס מיר האָבן געהאַט, ווען איז עס געווען ? דאַכט זיך היינט אַ וואָך צוריק, אַ יאָ ! און די ליפשיצעס קאָנען אויך נישט אָוועקפאָרן איידער די שולן מאַכן זיך צו. זיי האָבן דאָך עפּעס דריי קינדער, וואָס גייען אין שול.

מיין טאַנטע האָט באַמערקט, אַז איך שמייכל צו און זי האָט עס, קענטיק, פאַרדראָסן.

— וואַרט, וואַרט ! — האָט זי זיך אָפּגערופן, — ווען דו וועסט אם ירצה השם זיין אַ באַלעבאָסטע און אַ מאַמע און וועסט וועלן זיין מיט לייטן גלייך, וועסטו שוין וויסן, וואָס עס מיינט אויסצוקלויבן זיך אין קאַנטרי מיט קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין.

באַם פאַרלאָזן דאָס הויז האָט די טאַנטע מיך געפרעגט, אויב איך האָב עמעצן צווישן מיינע באַקאַנטע, וואָס וואָלט געקאָנט מאַכן אַ גע-ברויך פון אַ גוט קלייד און אַ פּאָר בלוזעס, וועלכע זי האָט אָוועקצו-געבן. — דער איינציקער חסרון אין זיי, — האָט זי געזאָגט, — איז וואָס זיי זענען געוואָרן אַ ביסל צו שמאָל אויף איר. אויף דיר וואָלטן זיי געווען ווי אָפּגעמאָסטן, נאָר גיי הייב זיך אָן מיט אַזאַ יחסנטע ווי דו !

— וואָס הייסט, איך בין דאָך עפּעס מיין טאַנטעס פּלימעניצע ! — האָב איך אויסגערופן מיט סאַרקאַזם און האָב גענומען אָנטון דעם הוט.

ווען איך בין שפּעט אינאָוונט אַהיימגעקומען, האָב איך געטראָפן מר. הילפּרייך שטודירנדיק אַ מאַפּע פון די קעטסקיל-בערג. מרס. הילפּ-רייך איז געזעסן אָן אָנגעבלאָזענע. זי האָט זיך אויף מיר נישט אומגע-קוקט און האָט אויף מיין „גוד איווינינג" געענטפערט אונטער דער נאָז, ווי אָן אייגעבעטענע. מר. הילפּרייך האָט אין פאַרלעגנהייט אַ קוק גע-טון אויף מיר, האָט לייכט אָפּגעזיפצט און גענומען צונויפלייגן די מאַפּע.

אַריינגייענדיק צו זיך אין צימער, האָב איך דערהערט מיין „מיסיס" קול : „מיר וועלן שוין זעען, ווער עס וועט אויספירן ! אַז די וועלט וועט אונטערגיין, וועל איך נישט פאָרן אין די קעטסקילס מיט

אלע מאַישעס און יענטעס, אַז נישט „סי-שאַר״, זיך איך אינדערהיים איינגאַנצן!

9-טער יוני.

מר. בערנהיימער האָט אויסגעזעען מאָדנע קאָמיש אין דער ראָלע פון אַ יובילאַר. זיין אַזוי נישט צו-קלוג פּנים האָט אויסגעזעען לעכער-לעך-נאַריש, ווען ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט האַלטן דעם „ספּיטש״ פאַר די אָפּיס-אָנגעשטעלטע און זיין רודנע, שמאַלציקע פיגור האָט אויסגעזעען ווי זי גייט זיך פונאַנדערגיסן, ווען ער האָט זיינע קורצע הענט אויף הינטן פאַרלייגט. מאַדאַם בערנהיימער און איר געוויקסיקע דעבוטאַנטע-טאָכטער זענען געזעסן אין אויטאָמאָביל-מאַנטלען און אויטאָמאָביל-היטלען און געבלאָזן פון זיך מיט דער פוסטער גרויסקייט פון אויפגעקומענע גבירים. פרעד, פאַרפּוצט אין אַ „טאַקסידאָ״-אָנצוג, איז געזעסן אויף אַ הויכער דעסק-שטול און געגרייזלט זיינע קוים אָנקענטיקע וואָנסעלעך.

„עס ווערט היינט צוואַנציק יאָר, אַז איך בין אין ביזנעס, דאָס הייסט, אַז מיין פירמע עקזיסטירט, — האָט מר. בערנהיימער אָנגעהויבן, זיך ספּאַטיקענדיק מיט די ווערטער. — מיין ערשטער אָפּיס איז געווען קליין און באַשיידן. איך אַליין בין געווען דער באַלעבאָס, דער קלערק, דער מענעדזשער און דער שיק-באָי און דער אַלץ מיט אַנאַנדער, אָבער גאָט האָט מיר געהאָלפן און מען האַלט מיך איצט פאַר איינעם פון די גרעסטע שפּיצן-אימפּאָרטערן אין לאַנד. איך גלייב, אַז איך האָב געטון אורזאַך צו פראַווען היינט אַ שטיקל יום-טוב און איך האָף, אַז אַלע מיינע אָנגעשטעלטע וועלן זיך מיט מיר מיטפרייען — איך דאַנק אייך״.

מאַדאַם און מיס בערנהיימער האָבן אויסגעשריגן „טהרי טשירס!״ און אַלע, אויך איך, נאָטירלעך, האָבן אַפּלאָדירט דעם בעל-שמחה.

נאָכן „ספּיטש״ האָט די דעביוטאַנטקע געטיילט שאַכטלען קאָנ-פעקטן צו אַלע מיידלעך און דער באַלעבאָס האָט געגעבן יעדן איינעם עפּעס אַ מתנה. איך האָב געקריגן אַ לעדערן קאָפּטל און אַ פּאָר זיידענע הענטשקעס.

10-טער יוני. אינדערפרי.

גלייך מיט זון-אויפגאַנג בין איך אויפגעשטאַנען און בין אין פּאַרק

אוועק. די מילד-קילע לופט איז געווען דורכגעמישט מיט געווירצטע ריחות און פייגל-געזאַנג און די זאַפטיקע לאַנקעס זענען געלעגן איינגע-הילט אין שלייערס פון פערלדיקן טוי. די בלענדנדע קאָלירן פון די בלומען-קוסטעס אַרום די אַראַנזשעריעס האָבן פונדערווייטנס אויסגעזעען ווי שטיקער צעשמאָלצענע רעגן-בויגן און דאָס גערויש פון עלעווייטער-באַנען, טראַמווייען און אויטאָמאָבילן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געמורמל, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ דומפן אָפּקלאַנג פון די ווייטע עקן פאַרק. די זון האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און אירע שטראַלן האָבן ביסלעכווייז פאַרטריבן די קילקייט פון דער לופט.

מיינע פיס האָבן מיך געטראָגן כמעט אָן מיין וויסן, און ווען איך האָב זיך גענומען אַרומזעען ווו איך ווער געטראָגן, האָב איך זיך מיט-אַמאָל געפונען אויפן „דזשאַנגל-וואָק".

דער געדיכטער וואַלד מיט זיין נאַטירלעך-ווילדן אויסזעען האָט פאַרשטעלט די זון פון מיר און דער שמאָלער שטרייף הימל איבער מיין קאָפּ האָט נאָך געהאַט זיין נאַכטיק-בלויען אויסזעען. איך האָב געזוכט, אפשר וועל איך אַ שטערן ווו אַנטדעקן, אָבער איך האָב עס נישט געקאָנט באַווייזן. אַ געהיימניספולע קילקייט האָט מיך דורכגענומען דורך דער דינער בלוזע און עס איז מיר געגאַנגען ווי אַ פרעסטל איבערן לייב. איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל זיך נישט פאַרקילן און האָב זיך גלייך פאַרנומען אויף צוריק.

אַרויסקומענדיק צוריק אויף דעם מיט זון-באַגאָסענעם וועג, האָב איך דאָן ערשט ריכטיק דערפילט די אָנגענעמקייט פון דער מאָרגן-זונס וואַרעמקייט און ווען איך האָב דערזעען פונדערווייטנס, פון הינטער דער געדיכטער, גרינער מאַסע די „על"-סטאַנציע און די דעכער, און איי-בערשטע עטאַזשן פון די נייע „אַפּאַרטמענט"-הייזער, האָט דאָס אַלטעג-לעכע לעבן, פון וועלכן איך בין געווען אָפּגעריסן אַ ווײַלע, צוריק גענו-מען אַרויסשווימען פאַר מיינע אויגן. איך האָב דערשפירט אויף מיין נשמה דעם וואַרעמען הויך פון דער צאַפּלדיקער מענטשהייט און אַן אומאָנגעג-נעם בענקען האָט מיין האַרץ אויסגעפילט.

10-טער יוני. אינאַוונט.

איך בין געוואָרן שטאַרק איבעראַשט צו באַגעגענען זיך מיט פיינ-

מאַנען אויף די טרעפּ פון עלעוויייטער. דער בחור האָט, קענטיק, מיך אָפּגעוואַרט. איך האָב גראָד געפילט ווי צו פאָרן מיט זיך אַליין דאָס מאָל, צו קאָנען אומגעשטערט דורכלעבן נאָכאַמאָל די איינדרוקן און גע־פילן, וואָס דער פאַר־פרישטיק־שפּאַציר האָט אין מיר אַרויסגערופן.

— איך בין געווען אין פּאַרק אויף אַ שפּאַציר, — האָט פיינמאַן געזאָגט, גלייבנדיק, אַז איך חידוש זיך, ווי אַזוי ער קומט פּלוצלינג צו דער סטאַנציע, ווען ער וווינט דריי סטאַנציעס ווייטער. — איך קום אָפט אַהער אינדערפרי, איך גלייב, אַז דאָס איז די בעסטע צייט צו שפּאַצירן, איבערהויפּט אין דעם מאָנאַט. נעכטן בין איך דאָ געווען מיט בעסין, אָבער היינט האָט זי זיך שוין געפילט אויפשטיין פרי.

— איך בין אויך געווען דעם גאַנצן פרימאָרגן אין פּאַרק, — האָב איך געזאָגט, — און האָב געמיינט, אַז איך בין דאָרט געווען די א־נציקע.

— טאַקע! — האָט פיינמאַן אויסגערופן מיט פאַרדראָס, — וואָלט איך עס וויסן, איך וואָלט אייך שוין אויסגעזוכט!

— עס מאַכט נישט אויס, אַז נישט, — האָב איך געזאָגט מיט אַ קאָקעטישן שמייכל.

פיינמאַן האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ כלומרשט ברוגזן בליק, געבנדיק מיר דורך דעם צו פאַרשטיין, אַז ער פאַרשטייט זיך אויף אַ שפּאַס.

ווען מיר האָבן זיך געזעצט אין וואַגאָן, האָט מיך פיינמאַן געפרעגט, אויב איך האָב דערהאַלטן זיין בריוו. ער איז דערביי שטאַרק רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט זיין בליק צום דיל.

— אַז מען שיקט, קומט אָן, — האָב איך אים באַרויקט.

— נו, טאָ פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געענטפערט? — האָט ער מיט אַ נעבעך־מינע געפרעגט.

— ווייל איך האָב נישט געהאַט פון וועמען צו לייען קיין ראָזע שרייב־פּאַפּיר, — האָט זיך קעגן מיין ווילן אַרויסגעכאַפּט. — אויף ווייס פּאַפּיר איז עפּעס צו וואָכעדיק, האָב איך געדענקט.

דער יונגערמאַן האָט פאַרביסן די ליפּן. ער האָט פאַרדרייט דעם קאָפּ אַ ביסל אָן אַ זייט און זיך געמאַטערט צו שמייכלען. איך האָב

געזעען, אַז ער פילט זיך אין אַ טיפער פאַרלעגנהייט און מיך האָט אמת פאַרדראָסן, פאַרוואָס איך האָב אים דערצו געבראַכט.

עטלעכע מאָל האָט פיינמאַן געמאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרציען אַ געשפרעך וועגן דעם אינהאַלט פון בריוו און וועגן דער אורזאַך, וואָס האָט אים געבראַכט צו שרייבן דעם בריוו, אָבער עס איז ווייט נישט געקומען. די שטימונג, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען, האָט וואַרשיינלעך דאָס קאַליע געמאַכט.

— איך האָב שיער געקאָנט פאַרגעסן, — האָט פיינמאַן אויסגערופן, נעמענדיק אָפּשייד פון מיר בײַ דער זדריי און צוואַנציקסטער גאַס. — האָט איך בעסי געזאָגט וועגן דער עקסקוירשאָן הייגטיקן זונטיק?

— יאָ, האָב איך געזאָגט. — איך ווייס נאָך אָבער נישט באַשטימט, אויב איך וועל קאָנען מיטפאָרן.

איך האָב געפילט, אַז עס האָט דעם יונגנמאַן טיף ווי געטון פון מיין ענטפער, און איך בין געווען אמת אין כעס אויף זיך אַליין פאַר באַהאַנדלען אים אַזוי.

# דאָס זיבעטע בלעטל

12-טער יוני. אינדערפרי.

עפּעס איז מיר געוואָרן מיטאַמאָל אַזוי לייכט און פריילעך אויפן האַרץ. ווען איך שעם זיך נישט פאַר זיך אַליין, וואָלט איך אַרויס אַ טענצל איבערן צימער. — אַזוי, גייען די הילפרייכס אויך צום „עקס־קורשאָן!" אָבער, וואָס מיך וואונדערט, איז, וואָס מרס. הילפרייך האָט איינגעוויליקט צו גיין, וויסנדיק, אַז איר מאַן איז גאָרנישט דאַקעגן... אַ צאַרט מיך שוין נישט, וואָס בעסיס קוזין פאַרט מיט. עס מעגן מיטפאָרן נאָך צען אַזעלכע בחורים פון אַ גאַנץ יאָר. קוים וועט נאָר הילפרייך זיין איינער פון דער קאָמפּאַניע, וועל איך זיך שוין נישט לאַנגווײַלן.

מערקווירדיק ווי איך און מיין „מיסטער" פאַרשטייען זיך איינער דעם צווייטן. מיר דאַכט זיך, אַז מיר קאָנען זיך דורכרעדן און פאַרשטענדיקן איבער אַלץ אין דער וועלט, נישט דאַרפנדיק עפענען אַ מויל. זיין גאַנצע נשמה קאָן איך זען דורך זיינע ליכטיקע בלויע אויגן. ווען איך דענק פון אים, פאַרגעס איך אינגאַנצן, אַז עס איז דאָ אַ „מיסיס" הילפרייך אויף דער וועלט — און אין אמתן איז זי טאַקע נישט אויף איר ריכטיקן פּלאַץ.

עס זינגט מיר נאָך אין די אויערן דער ליבער קלאַנג פון זיינע ווערטער: „מיר גייען אויך מיט אייך צום עקסקורשאָן". איך בין זיכער, אַז אין האַרץ האָט ער געזאָגט, „איך גיי אויך מיט דיר", איך האָב עס אין זיינע אויגן געזעען.

און ווי באַצויבערנד איז געווען דער צערטלעכער ריר פון זיין האַנט, ווען ער האָט מיך, ווען ז י איז אין קיך אַריין, אָנגענומען באַם

אָרעם און מיר לייכט אַ דריק געטון, אַריינציענדיק אין זיך ליידנשאַפט־לעך דעם אָטעם.

אינאַוונט.

איך פיל זיך ווי פאַרשיכּורט און קאָן זיך נישט אָנפאַרטרויען די פען און דעם טאָגבוך. איך האָב אָבער מורא, אַז ביז מאָרגן וועט דער איינדרוק פון טאָג ווערן שוואַכער, און איך וועל נישט זיין בכּוח איבער־צוגעבן אפילו אַ קליינע טייל פון דעם, וואָס איך האָב דורכגעלעבט. איך וועל פּרובירן:

אָנקומענדיק צום פּיער פון דער הונדערט און דרייסיקסטער גאַס, האָבן מיר געטראָפן הונדערטער פּאָרלעך, די גרעסטע טייל מיט פּעק־לעך אין די הענט, וואַרטנדיק פאַר דער שיף. הילכיקע געלעכטערס און לויטע געשרייען האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן און האָבן זיך צוזאַ־מענגעמישט אין איין מונטער קלינגענדן עכאָ אונטערן ריזיקן דאַך פון פּיער. ווייסע פרויען־קליידער, העלע און טונקעלע מענער־אַנצוגן, קאָ־לירטע פּאַראַסאָלן און שטרויענע הוטן אין פאַרשידענע פאָרמעס האָבן זיך באַוועגט און געריבן איינע אָן די אַנדערע, ווי די קליינע כוואַליעס אויפן מיט זון באַגאָסענעם האָדסאָן און אויף אַלץ אַרום האָט געשוועבט דער גייסט פון אומבאַשרענקטע פריילעכקייט. אונזער קליינע קאָמפּאַניע האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן צוזאַמען. דאָ זענען מיר פונם מענטשן־שטראָם צוזאַמענגעדריקט געוואָרן איינע אין די אַנדערע, דאָ זענען מיר אָפּגעריסן געוואָרן איינע פון די אַנדערע און מיר האָבן זיך געדאַרפט אַרומזוכן. בעסי האָט זיך אָנגעקלאַמערט אָן פיינמאַנס אָרעם, ווי זי וואָלט מורא געהאַט עמעצער וועט אים פון איר אַרויסכאַפּן; מרס. הילפּרייך האָט זיך פעסט אָנגעהאַלטן אָן איר מאַן און קיקנדיק אויף זיי, האָט הערי אַלץ געזוכט צו האַלטן זיך נאָענט צו מיר, אָבער יעדעס מאָל, וואָס ער האָט מיין אָרעם אָנגענומען, האָב איך אויף אַן איידעלן אופן זיך באַפרייט פון אים. ענדלעך האָב איך אים געמוזט פאַרזיכערן, אַז איך בין גרויס און אַלט גענוג צו קאָנען אויפפּאַסן אויף זיך אַליין, וואָס האָט אים זייער נישט געשמעקט.

נאָך אַ האַלבע שעה וואַרטן איז די שיף אָנגעקומען. זי האָט אויסגעזען פול געפּאַקט מיט יונגע מענטשן און מיר האָט זיך נישט

געקאָנט גלייבן, אַז עס וועט אויף איר זיין פלאַץ אפילו פאַר אַ קליינער טייל פונם גרויסן עולם, וואָס האָט געוואַרט אויפן פּיער. די שיף האָט אָבער אַלעמען אַרייפגענומען און האָט נישט אויסגעזען מער געפּאַקט ווי פריער. אונזער גרופּע האָט זיך פאַרקליבן אויף דער העכסטער „דעק", ווו עס איז נאָך געווען נישקשהדיק גרוים אויף דער זוניקער זייט.

די פאָר מינוט, וואָס די שיף איז געשטאַנען אין האַפן, האָט די זון שרעקלעך געברענט איבער אונזערע קעפּ. עס איז נישט געווען קיין סימן פון קיין ווינט און די גרויסע פלאַג אין פראָנט פון דער שיף איז אַרונטערגעהאָנגען ווי אַן אויסגעריבענע רויט-בלוי-ווייסע שמאַטע. דראָבנע שטיקלעך קוילן האָבן זיך געשיט ווי שוואַרצע האָגלען אויף דער זייט, ווו דער געדיכטער רויך האָט זיך געצויגן פון ריזיקן קוימען און יונגע פנימער האָבן דאָ און דאָרט זיך געקרומט פון אומצופרידנקייט, אָבער אַזוי גיך ווי די שיף האָט גענומען גיין, האָט אַ מחיהדיק ווינטל גענומען בלאָזן און אָנגעפּילט די לופט מיט פרישקייט.

די קליינע בונט-קאָלירטע הייזלעך אויף די פּאַליסאַדן צו דער לינקער זייט און די הויכע אַפּאַרטאַמענט-הייזער אויף ריווערסייד צו דער רעכטער זייט האָבן ווי אַן אומענדלעכע שניר זיך געצויגן פאַרביי אונז. דער ברייטער גאָלדענער שטרייף איבער דער ברייט פון האָדסאָן, אין וועלכן די זון האָט זיך געשפּיגלט און געברעקלט אירע שטראַלן אין אַ בלענדנדן שימער, האָט נאָכגעפאָלגט די שיף מיט דעם זעלבן טעמפּאָ ווי די שיף איז געגאַנגען, און ווייט פאָרויס האָט די בלויקייט פון הימל זיך צונויפגעגאָסן מיט דער בלויקייט פון האָדסאָן און אָנגעפּילט די אַטמאָספערע מיט מוט און פרידן.

אַריבערפאָרנדיק יאַנקערס האָט די לאַנדשאַפט פון ביידע זייטן זיך גענומען הייבן גראַדעוויי. פון די אין גרין איינגעטונקענע בערג האָט דאָ און דאָרט אַ ווייסער אָדער גרויער פּאַלאַץ, אַ ברוין אָדער רויט הייזל אַרויסגעקוקט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי ווינקען און גריסן די לוסטיקע פאַרבייפאָרער. באַ די פאַרענטשעס פון די אייבערשטע דעקן האָבן זיך באַוויזן יונגעלייט מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, וועלכע האָבן „אונטערגעכאַפּט" די פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן. עס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס קיינער פוי אונזער קאָמפּאַניע האָט נישט גע-

האָט אַזאַ אַפּאַראַט. די אַנזיכטן האָבן זיך איינפּאַך געבעטן מען זאָל זיי פאָטאָגראַפירן. מר. הילפּרייך האָט אויך באַדויערט, וואָס ער האָט נישט קיין „קאַמערא". ער האָט מיר אין דער שטיל פאַרזיכערט, אַז ווען מיר וועלן אַ צווייט מאָל ווו אַרויספאָרן, וועט ער שוין האָבן אַ פאָטאָגראַף-מאַשינקע מיט זיך.

די שיף האָט מיט אַ שטאָלצן און זיכערן גאַנג געשניטן די קליינע כוואַליעס פון האַדסאָן און האָט הינטער זיך איבערגעלאָזט אַ ווייסן שוים-שליאַד, וואָס איז געוואָרן אַלץ ברייטער מיט דער דערווייטערונג פון דער שיף. דאָס רעגלמעסיקע גערויש פון דעם אינדזשין האָט געדינט אַלס הינטערגרונד צו דעם הוזשעריי פון דעם פריילעך געשטימטן עולם. פון צייט-צו-צייט האָט דער אָרקעסטער אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ ווינער וואַלס, אַן אויסצוג פון אַ פּאָפּולערע אָפּערע אָדער גאָר אַ „רעג טאַים" און פון אַלע ווינקעלעך האָבן זיך געהערט מענער-און פרויען שטימען שטיל נאָכברומען דער מוזיק.

פּאַר אַ טייל פון אונזער גרופּע איז דאָס זיצן אויף איין פּלאַץ געוואָרן צו לאַנגווייליק און זיי האָבן גענומען אַרוממאַרשירן איבער דער שיף. מרס. הילפּרייך האָט אויסגעפונען אַ גאַנצן „באָנטש" באַקאַנטע אויף איינעם פון די אונטערשטע דעקן און זי איז געווען אַזוי צופרידן מיט דעם, אַז זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן איר אייגענע קאָמפּאַניע. בעסי און פיינמאַן זענען אויך אָפּט פאַרשוווּנדן געוואָרן און הערי, פילנדיק, אַז ער גייט מיך ווייניק אָן, האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן פּאָרענטש און געקוקט אָנגעברוגזט אַרונטער צום וואַסער, ביז אים איז עס מיאוס געוואָרן און ער איז אויך פאַרשוווּנדן. הילפּרייך און איך זענען געווען די איינציקע, וואָס האָבן זיך „געפוילט" אַרומצולויפן, און האָבן געהיט די פּלעצער און די זאַכן.

הילפּרייכס אויגן זענען, דאַכט זיך, געווען בלויער ווי שטענדיק. פיליכט האָבן עס דער לויטערער הימל און דער רויקער האַדסאָן אין זיי זיך אָפּגעשפּיגלט. זיין פּאַרטראַכטער בליק האָט מיך געצויגן אין אומבאַקאַנטע וועלטן און מיין פאַנטאַזיע האָט זיך געלאָזט פריי איבער אַלע גרענעצן פון ווירקלעכקייט. נישט איך, נישט ער האָבן געוואַגט אַ וואָרט צו זאָגן, אונזערע נשמות נאָר האָבן זיך פאַרטרוילעך געסודעט.

א פּאָר מאָל האָט עס מיר אַ צופּ געטון בײַ דער נשמה און איך האָב זיך געוואָלט מאַכן פאַרוואָרפן פאַר אָפּגעבן זיך ׳אין מײַנע געדאַנ-קען מיט אַ מאַן, וואָס באַלאַנגט שוין צו אַן אַנדערער. איך האָב אָבער באַלד געשמייכלט איבער מײַן באַלעבאַטישער קאָנווענציאָנאַליטעט און האָב געלאָזט מײַנע געפילן זייער פרייען וועג.

הילפּרייך האָט אָפּט אין אַ לײַכטער פאַרלעגנהייט זיך אַרומגע-קוקט, אויב מיר ציען נישט די אויפמערקזאַמקייט פון אונזערע נאָענטע שכנים. איך האָב געפילט, אַז ער שעמט זיך פאַר מיר דאָס צו טון און האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין מיט מײַן בליק, אַז ער האַנדלט פול-שטענדיק ריכטיק אונטער די אומשטענדן.

עס האָבן מיטאַמאָל זיך באַוויזן די מיליטער-געביידעס פון „וועכט פּיאָנט״ און דער עולם האָט זיך גענומען באַוועגן און גרייטן אַרונטער-צוגיין. העררי איז אַוועק זוכן בעסין מיט פיינמאַנען, אָבער גלײַך ווי ער איז פאַרשוווּנדן, זענען זיי אַרויפגעקומען פון אונטערשטן דעק.

בעסי האָט זיך פעסט געהאַלטן אָן פיינמאַנס אָרעם, איר פּנים האָט געשטראַלט פון גליק און אירע באַוועגונגען זענען געווען לײַכט און פריש, ווי פון אַ קינד. דאָס קרעם קאָלירטע זײַדן-קלייד איז געלעגן ווי אויסגעגאָסן אויף איר שיינעם קערפּער, וועלכער האָט געצויגן אַלע-מענס אויפמערקזאַמקייט. איך האָב זיך געפילט אין פאַרלעגנהייט, צוקוקנ-דיק ווי דער ווינט קלאַפּט דאָס ווייכע זײַדן-שטאָף צו אירע גלידער און האָב זיך פאַרגעשטעלט, ווי איך אַליין מוז אויסקוקן אין מײַן לײַכטן טען-קאָלירטן קליידל.

פיינמאַנס בליק איז געפאַלן אויף מיר און מר. הילפּרייך און איך בין געווען זיכער, אַז ער האָט געוווּסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען בײַ מיר אין האַרץ. עס האָט אים, קענטיק, פאַרדראָסן, און כּדי אָפּצורעכענען זיך מיט מיר, האָט ער מיט אַ מינע פון אַנטציקונג אַרומגעכאַפּט בעסין מיט זײַן פרייער האַנט און זי פאַר אַלעמען אין די אויגן האַרציק אַ דריק געטון צו זיך.

בעסי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קאָקעטישן קוויטש, זי האָט געזוכט צו לייענען אין מײַנע אויגן, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט אויף מיר געמאַכט פיינמאַנס באַנעמונג צו איר. איך האָב זי אָנגעקוקט מיט אַ גוט-

מוטיקן שמייכל און איר געגעבן צו פארשטיין, אז איך פארגין איר דאס גליק מיטן גאנצן הארץ.

ווען מיר זענען ארונטער בא „וועסט פאינט", האט א גראניט-בלויער וואלקן זיך גענומען ארויסרוקן פון מערב-זייט. די לופט איז געווען שרעקלעך פארבע און א טייל פונם עולם האבן באזארגטע געקוקט צום הימל און נביאות געזאגט, אז מיר וועלן האבן א גוס רעגן.

# דאָס . אַכטע בלעטל

12-טער יוני. אינאָוונט.

קלעטערנדיק אויפן באַרג צו דער לינקער זייט פון „וועסט פּאָינט“, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן מיט אַ קאָמפּאַניע בחורים און מיידלעך, צווישן וועלכע עס זענען געווען צוויי באַקאַנטע פון מר. פיינמאַן. דורך די צוויי און פיינמאַנען זענען מיר באַלד באַקאַנט געוואָרן. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן איינע אָן די אַנדערע און זיך געהאַלטן אין איין גרופּע.

די פרישע באַקאַנטשאַפטן און די אומבאַקאַנטע פריש-פריינדלעכע געגנט האָט אונז געבראַכט אין אַ מאָדנער פריילעכער שטימונג. דאָס שטיפן און לאַכן פון יעדן איינעם האָט אויסגעזען אַזוי נאַטירלעך ווי באַ קליינע קינדער, און ווען איך האָב דערזען, ווי דער מאַן מיט דער שוואַרצער קוטשמע, וועלכן פיינמאַן האָט פאַר מיר פאָרגעשטעלט אַלס דעם „יידישן שעללי“, האָט פּלוצלינג אַראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל פון זיך און אומגעשיקט, מיט ווילדער התלהבות גענומען קלעטערן אויף אַן אויסגעקרומטן בוים, האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָב אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, וואָס האָט אַרויסגערופן צוויי עכאָס, איינעם נאָכן אַנדערן פון דער אַנדערער זייט האָדסאָן.

— איר האָט אַ שיין קול צום קוויטשען, — האָט איינער פון די ביידע באַקאַנטע, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, געזאָגט, אָנשטעלנדיק אויף מיר אַ טשיקאַווען בליק. — אַנו, ווייזט אונז נאָך אַ מאָל, וואָס איר קענט!

— אַז איר וועט ווייזן, אַז איר קאָנט קלעטערן אַזוי ווי דער יונגערמאַן מיט דער קוטשמע, וועל איך דערפילן אייער ווונטש, — האָב איך געענטפערט מיט אַן אָנגעשטעלטן ערנסט.

דער מאַן האָט נישט געמאַכט קיין שהיות און זיך גענומען לאָזן

צו אַ הויכן סענקעוואַטן בוים. דער קלײנער עולם האָט געקוקט שמייכלענדיק אויף מיר און געוואַרט אויפן קוויטש. איך האָב אָבער באַמערקט אַ שטומען פּראָטעסט אין הילפּרייכס בעטנדן בליק און האָב גלייך מוט און שׂכל פאַרלוירן.

— זייט זיך נישט מטריח אומזיסט, ר׳ ייד, — האָב איך זיך געװענדט צום ענטוזיאַסטישן בעלן, — איך קאָן נישט קוויטשען אויף באַשטעלונג.

אַ געלעכטער און פּאַטשעריי האָט אויסגעבראָכן, ווען דער מאַן האָט אַן אַנטוישטער אַראָפּגעלאָזט די צווייג, אָן וועלכער ער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעקלאַמערט מיט ביידע הענט. — אַז עס איז נישטאָ קיין מזל, גיי, מאַך! — האָט ער געזאָגט כּלומרשט מיט באַדויערן.

עמעצער פון עולם האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג אָפּצופּטרן דעם „לאָנטש“, כּדי נישט צו דאַרפן טראָגן זיך מיט די פּעקלעך, און אין אַן אויגנבליק זענען מיר אַלע געווען אויסגעזעצט אויפן גראָז און מיט אַפּעטיט געגעסן די סאַנדוויטשעס און פרוכט.

בײַ דער צייט איז אַ האַלבער הימל שוין געווען פאַרדעקט פון גראַניט און אַש־קאָלירטע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געריקט אַלץ נעענטער צו דער זון און געסטראַשעט זי צו פאַרשלינגען. פון גאַנץ ווייט האָט זיך געהערט דאָס דומפּע ראָלן פון אַ דונער, און דאָ און דאָרט האָבן יונגע צווייגעלעך זיך באַוועגט, ווי אַ ציטער וואָלט זיי דורכגענומען.

— קינדער, לאָמיר באַצייטנס זוכן שוץ, ווען נישט, וועלן מיר האָבן אַ שפּריץ־באָד! — האָט זיך אָפּגערופן פיינמאַן. — לאָמיר טאַקע שוין גיין צו דער שיף.

בעסי האָט זיך גלייך אויפגעהויבן, האָט אָפּגעטרייסלט די ברעקלעך פון קלייד און איז געווען פאַרטיק צו גיין. קיינער, אויסער איר, האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט.

— וואָס מיר באָד, ווער מיר שטורעם! — האָט דער „יידישער שעלי“ אויסגערופן מעשה העלד. — און אַז אפילו יאָ, וואָס איז? וועט זיין אַ ביסל מער שפּאַס!

אַלע האָבן זיך געטון אַ לאָז מיט איין מאָל צו אַ פּלאַץ, ווו די ביימער זענען געווען שיטער, האָבן פאַרריסן די קעפּ און געקוקט אויף די דראָענדע וואָלקנס. דער „יידישער שעלי“ האָט פאַרזיכערט, אַז מיר

װעלן נישט האָבן קיין רעגן, װייל די װאָלקנס גייען אין אַ דרומדיקער ריכטונג. ער איז דאַן מיט אַ „הוליע קבצן”-מינע צוגעשפּרונגען צו מיר און באַװוּנדערט מיינע אויגן. — אַזעלכע אויגן, — האָט ער אויסגערופֿן מיט התפּעלות, — קאָן האָבן נאָר אַ יידישע טאָכטער. דער גאַנצער אָריענט, — האָט ער געזאָגט, שלינגענדיק דאָס שפּייעכץ — שפּיגלט זיך אָפּ אין זיי. פֿון גרויס באַגייסטערונג האָט ער זיך גענומען רוקן מיט די הענט צו מיר, איך האָב אים אָבער געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז עס װעט זיין אַ סך שענער פֿאַר אים, װען ער װעט זיך האַלטן װי אַ מענטש.

אַ בלאָנד מיידל, האָב איך באַמערקט, האָט שטאַרק הנאה געטון די מפּלה, װאָס דער דיכטער, מיט דער לאַנגער קוטשמע האָט געכאַפּט. זי האָט זיך געסודעט מיט אַ צװייטער בלאָנדינקע, װאָס האָט געטראָגן אַזאַ הוט װי זי, און װען איך האָב דעם יונגנמאַן געלאָזט שטיין אינמיטן פֿון זיין באַגייסטערונג און בין אַװעק צו מיין קאָמפּאַניע, האָבן די ביידע מיידלעך אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

הערי האָט זיך געפֿילט אינגאַנצן װי אַן איבעריקער אין דער קאָמפּאַניע. בעסי איז די גאַנצע צייט געװען פֿאַרנומען מיט פֿיינמאַנען און איך האָב אים אויסגעמיטן אַזוי װייט, װי איך האָב געקאָנט. דער אָרימער בחור האָט געמאַכט מערערע פֿאַרזוכן צו פֿאַרציען אַ געשפּרעך מיט מיר, צו טון עפּעס פֿון מיינעטװעגן. אַ פּאָר מאָל האָב איך אויס רחמנות מיט אים אויסגערעדט עטלעכע װערטער און אים דערלויבט מיך אָנצונעמען באַם אָרעם, קלעטערנדיק אויף די בערגלעך. ער האָט אָבער געהאַט גענוג שכל צו פֿאַרשטיין, אַז איך טו עס נאָר פֿון יוצא װעגן.

בעסי האָט מיר אויסגערעדט פֿאַרװאָס איך האַלט זיך אַזוי װייט פֿון איר קוזין. — דאַכט זיך, אַזאַ פֿיינער בחור, — האָט זי געזאָגט. — אַ סך מיידלעך האָבן זיך געמעגט װינטשן צו קריגן אַזאַ.

— אָרימע בעסי! — האָב איך געטראַכט. — מיינסט טאַקע, אַז דאָס גאַנצע גליק באַשטייט אין חתן-כּלה? — איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין האַרץ צו זאָגן, װאָס איך האָב בעת מעשה געטראַכט פֿון איר.

פֿיינמאַנס האַלטונג איז מיר פֿאָרגעקומען זייער קאָמיש. ער האָט

די גאַנצע צייט, צי מען איז געזעסן, צי מען איז געשטאַנען, אָדער געגאַנגען, זיך געהאַלטן אין איין טוליען צו בעסין. זיין בליק אָבער האָט פאַרגנבעט אַלץ מיר נאָכגעפאָלגט. איך האָב געזען, אַז ער „חלשט" צו רעדן מיט מיר, צו זיין מיט מיר אַליין אַ ווײַלע. מר. און מרס. הילפּ־רייך האָבן פון אָנהייב זיך געהאַלטן אַ ביסל ווייטלעך פון דער קאָמ־פּאַניע. נאָר שפּעטער־צו האָט מיין „מיסיס" זיך אָנגעשלאָסן אָן די צוויי בלאָנדע מיידלעך, וואָס זי האָט אויסגעפונען, אַז זיי זענען לאַנדסלייט פון אירס אַ קרובה, און מר. הילפּרייך איז אַרומגעקראָכן אַליין צווישן די קוסטעס, ווו ער פלעגט אָפט נעלם ווערן. דאָס האַרץ האָט פיל מאָל מיך געטון אַ ציי צו אים. איך האָב זיך אָבער געשעמט פאַר דער קאָמ־פּאַניע און מורא געהאַט פאַר מיין „מיסיס" און האָב זיך פון אָרט נישט גערירט.

די וואָלקנס האָבן מיטאַמאָל פאַרשטעלט די זון און אַ מאָדנע אימה האָט זיך אָנגערוקט איפן וואַלד. אַ בייז ווינטל האָט זיך געטראָגן איבער די שפּיצן ביימער, וועלכע האָבן זיך געבויגן און געהוידושעט, ווי זיי וואָלטן פאַרצווייפלט קעגן עפּעס זיך געווערט.

די פינצטערניש איז געוואָרן שטאַרקער מיט יעדער רגע, און איידער אונזער קליינע קאָמפּאַניע האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אויף איין אָרט, איז דער גאַנצער הימל געווען איין שטיק גראַניט. העל־גרויע וואָלקן־פלעקן האָבן זיך געשאַרט איבער דער טונקעלער מאַסע, ווי ווייסע שוים איבער די קעפּ פון ווילדע כוואַליעס און האָבן די אימה געמאַכט נאָך גרעסער און אימהדיקער.

מיר האָבן אויף גיך זיך גענומען לאָזן אַראָפּ באַרג איבער די שמאָלע אויסגעקרומטע שטעגעלעך. די פינצטערניש איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן קוים געקאָנט זען ווי צו גיין. פון אַלע זייטן וואַלד האָבן זיך געטראָגן קוויטשערייען און געשרייען. פרויען האָבן אויף זייערע העכסטע טענער גערופן זייערע מענער. מיידלעך האָבן גע„יוהוס" צו זייערע באָיס און די פינצטערע פאַרענע לופט איז געווען אָנגעפילט מיט טומל און ליאַרם. עס האָט אויסגעזען ווי די וועלט האַלט באַם אונטערגיין.

מיטאַמאָל האָט ווי אַ פייערדיקער שלאַנג זיך דורכגעשניטן אין זיג־זאַג פון איין עק הימל צום צווייטן און אַ דונער האָט געטון אַ

קראַך, אַז איך האָב געמיינט, דער באָדן ווערט אַוועקגעריסן פון זינטער מיינע פיס. ווען איך כאַפּ זיך נישט אָן בײַ אַ בוים, וואָלט איך אפשר האַלז און נאַקן געבראָכן אין דעם שפּיציקן שטיין, אין וועלכן איך האָב זיך פאַרטשעפּעט. איך בין געבליבן שטיין בײַם בוים האַלב צעטומלט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער הילפרייכס קול, ווי ער רופט פאַר־שטיקט: מיס בערמאַן! מיס בערמאַן!

איך האָב גענומען לויפן ווייטער נאָכן עולם. די בלענדנדע בליצן און פאַרטויבנדע דונערן האָבן זיך צעלאָזט מיט ווילדער רציחה און האָבן שטיקער האַרץ פון מיר געריסן. איך האָב זיך געפילט אַזוי קליין, אַזוי עלנט און הילפלאָז, אַז מיך האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ צום וויינען.

באַלד האָבן טראָפּנס רעגן, גרויס ווי ווײַנטרויבן, גענומען קלאַפּן האַסטיק אויף די בלעטער איבער אונזערע קעפּ, און איידער אַ מינוט איז אַוועק, האָבן גאַנצע שטראָמען זיך געלאָזט דורך די נישט געדיכטע צווייגן. איך האָב אין גרויס פאַרצווייפלונג גענומען לויפן צו אַ געדיכטן קוסט, וואָס איך האָב אַ מינוט פריער באַמערקט אין דער בלענדנדער שײַן פון בליץ.

איך בין געווען דורכגענעצט ביזן ביין, ווען איך בין אונטערן קוסט אַרונטערגעלאָפן. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ צווייגל צו קאָנען האַלטן זיך אויף די פיס, ווען איך האָב מיטאַמאָל דערהערט האַסטיקע טריט פון הינטערן קוסט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס זוכט נאָך עמעצער צו שיצן זיך פון מבול און מײַן האַרץ האָט גענומען קלאַפּן מאָדנע אומרויִק.

איך האָב שיער נישט אויסגעשריגן פאַר פרייד, ווען איך האָב דערקענט אין דער האַלב־טונקלקייט הילפרייכן. ער איז געווען דורכגע־ווייקט נישט ווייניקער ווי איך.

— איר, מיס בערמאַן, זעט סאַראַ גליק מיר איז דאָס באַשערט! — האָט הילפרייך געשטאַמלט, אָטעמענדיק שווער. איך האָב קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן. איך האָב זיך אַרײַנגערוקט טיפער אין קוסט צו מאַכן מער פּלאַץ פאַר אים.

אַ היפּשע צייט האָט דער שטורם ווילד געבושעוועט איבער און אַרום אונז. איך האָב עס אָבער געהערט נאָר ווי דורך אַ חלום. איך בין

געשטאַנען איינגעשלאָסן אין הילפלייכס אָרעמס און מיינע געדאַנקען האָבן מיך געטראָגן איבער ווייטע זון-באַגאָסענע וועלטן.

ווען אונזער קאָמפּאַניע האָט נאָכן שטורם זיך ווידער צונויפגעזאַמלט פון דער שיף, האָב איך זיך געשעמט קוקן מיין „מיסיס“ אין די אויגן. איך האָב זיך געפילט שולדיק קעגן איר...

אַ, נאַרישע קליינלעכע היפּאָקריטן! בין איך נישט קיין היפּאָקריטקע? זענען נישט אַלע וואָס איך קען היפּאָקריטן?

# דאָס ניינטע בלעטל

13-טער יוני.

איך האָב מורא, איך וועל די נסיעה אויפן האַדסאָן איבערקרענקען. איך פיל זיך שוין ערב קראַנק. דעם גאַנצן טאָג האָבן די ביינער מיך געבראָכן און עס האָט מיך געוואָרפן אין היץ און קעלט. גייענדיק אַהיים פון אָפיס, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַזאַ קעלט, אַז מיינע ציין האָבן אַזש זיך געקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע. זאָל איך כאָטש זיך נישט אַריינלייגן אין בעט. מער ווי דאָס פעלט מיר טאַקע נישט.

23-סטער יוני.

מערקווירדיק, וואָס אַ מענטש איז! ווי מען דערציילט מיר, בין איך שוין געווען מער טויט ווי לעבעדיק און איך האָב עס, דאַכט זיך, באַרנישט געפילט. עס לאָזט זיך מיר קוים גלייבן, אַז איך ליג שוין צען טעג אין בעט. מיר קומט פאָר, אַז ערשט צוויי טעג צוריק האָט אונז געכאַפּט דער שטורעם אין וואַלד און ערשט נעכטן האָב איך גענומען פילן אַ ברעכעניש אין די ביינער און אַ שווינדל אין קאָפּ.

ווען איך האָב נעכטן די אויגן געעפנט, האָב איך באַמערקט מיין באַלעבאָסטע זיצנדיק בײַ מיר אויפן בעט. זי איז פון איבערראַשונג אויפגעשפרונגען און צוגעלאָפן צום טעלעפאָן און געלאָזט וויסן דר. פרידבערג, אַז „דער חולה האָט די אויגן געעפנט“.

אייניקע מינוט שפּעטער האָט זי מיר איינגעגעבן אַ לעפל מע-דיצין, און איז אַריינגעלאָפן אין קיך צוואַרעמען אַ ביסל זופּ.

ווי אַ טשאַד האָט גענומען אַרויסגיין פון מיין קאָפּ. פאַרטושטע בילדער, פאַרבלאַסטע אילוזיעס האָבן געזוכט זיך אַרויסצושיילן פון מיין זכרון. איך האָב זיך גענומען דערמאַנען אָן דעם פרימאָרגן, ווען איך

האָב מיטאָמאָל דערפילט, אַז איך קאָן מיט קיין גליד נישט רירן, ווען פון מיין אָטעם האָט געשלאָגן אַ היץ און מיין האַרץ האָט געציטערט, ווי אַ פליענדיגע אָפּגעלאָזטע ספּרוזשינע. — איך האָב זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און האָב באַמערקט אַ סך קעגנשטאַנדן, וואָס זענען אין צימער פריער נישט געווען. אויפן קליינעם טישל, באַם פענצטער, איז געווען אַ גאַנץ אַפּטייקל, קעסטעלעך און פלעשעלעך זענען געווען אויסגעשטעלט אין רייען. אויפן אונטערשטן פאַך זענען געלעגן גומענע אייזזעקלעך, אייניקע כלים, וואָס מען זעט אָפּט אין אַפּטייקן-פענצטער, אויסגעליידיקטע פלעשלעך, שטיקער וואַטע און אַ צעבראָכענער טערמאָמעטער. איך האָב געקוקט אַרום זיך און געקוועטשט מיט די פלייצעס: איז דאָס אַ חלום? דאַכט זיך מיר נאָר דאָס אַלץ אין שלאָף? אָדער איך בין טאַקע פון טויט לעבעדיק געוואָרן. — איך האָב אַ קוק געטון אויף מיינע אָפּגעצערטע אויסגעבלאַסטע הענט און באַ מיר איז מער קיין צווייפל נישט געווען, אַז איך האָב דורכגעמאַכט אַ זייער געפערלעכע קראַנקייט. איך האָב באַלד אויך באַמערקט, אַז דאָס נאַכט-העמד, וואָס איך טראָג, האָט מען אויף מיר איבערגעביטן, אַז עס איז נישט דאָס, אין וועלכן איך האָב מיך געלייגט שלאָפן די נאַכט, וואָס איך האָב זיך געפילט ערב קראַנק.

איך זע, אַז עס איז געווען אוממעגלעך, אַז עס איז געווען באַשערט מיר ווי אויך פרעמדע מענטשן צו ליידן, אָבער וואָס מיך באַאומרויקט איז: טאָמער האָט עמעצער אַריינגעקוקט אין מיין טאָגבוך. איך בין זיכער, אַז איך האָב דאָס ביכל די נאַכט נאָכן עקסקווירשאָן אַוועקגעלייגט אונטערן קישן און געפונען האָב איך עס גאָר אויפן פענצטער.

איך קאָן איצט מער נישט שרייבן. עס פעלט מיר איינפאַך די קראַפט צו האַלטן די פען אין דער האַנט.

23-סטער יוני. באַנאַכט.

מיט וואָס פאַר אַ שמחה מר. הילפרייך איז פאַרנאַכט אַריינגעלאָפן צו מיר אין צימער! זיין פרוי, וועלכע האָט ווי אַ שאָטן אים נאָכגעפאָלגט, האָט אים געמוזט דערמאַנען דעם הוט אויסצוטון.

— שעם זיך! — האָט מיין באַלעבאָס געזאָגט מיט אַ מינע, ווי

מען רעדט צו אַ קינד, ווען די „מיסיס" איז אין קיך אַריין. — אַזעלכע שײנע צען טעג געפּטרט אין בעט. ער איז דאָן צוגעטרעטן צום בעט, האָט מיט פיל צערטלעכקייט מיך אָנגערירט באַם שולטער און צוגעפּרעסט אַ הייסן קוש אויפן שטערן.

אַ הייסער שטראָם איז מיר דורכגעלאָפן איבערן גאַנצן קערפּער. איך האָב, נישט פילנדיק, וואָס איך טו, אויסגעשטרעקט ביידע אָרעמס. אָבער הערנדיק דער מיסיס טריט, האָב איך פאַרשעמט און אַנטוישט זיך גלייך צוריקגעצויגן.

24-סטער יוני.

איך הייב זיך שוין אָן פילן גאָר נישקשהדיק. באַ אַ שעה צייט בין איך אינדערפרי באַם פענצטער געזעסן און זיך געקוויקט מיט דער ליבער ווארעמקייט פון דער זון און מיטן מהיהדיקן ווינטל, וואָס האָט געטראָגן אָנגענעמע ריחות פון באָטאַנישן גאָרטן. איך האָב זיך געפילט, ווי איך וואָלט פון אַ לאַנגער רייזע זיך צוריקגעקערט און עס איז מיר געווען אַן אמתע פרייד צו פילן דעם שטאַרקן פולס פון לעבן, וואָס האָט געשלאָגן פון יעדן ווינקל, וווּ מיין בליק איז געפאַלן.

דר. פרידבערג האָט מיר געזאָגט, אַז מאָרגן, אויב עס וועט זיין אַ שיינער טאָג, וועט ער מיר דערלויבן צו גיין אין פּאַרק אויף אַ שעה. ער האָט אויסגעדריקט גרויס צופרידנהייט מיט דעם „פּראָגרעס", וואָס איך מאַך. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט זייער ווייניק האָפנונג, אַז איך זאָל פון דער לונגן-אָנצינדונג אַרויס מיטן לעבן.

בעסי און פיינמאַן האָבן צוגעשיקט אַ שיינעם בוקעט בלומען מיט אַ זייער האַרציקע ווינטשעוואַניע. זיי שרייבן, אַז מאָרגן וועלן זיי אַריבערקומען און מיר געבן אַ גוטע פּאַרציע, פאַרוואָס איך האָב זיי אַלעמען אַזוי איבערגעשראָקן.

מערקווירדיק, איך קאָן זיך נישט דערמאַנען, אַז איך האָב געזען בעסין זינט דעם עקסקורשאָן און מיין באַלעבאָסטע זאָגט מיר, אַז זי האָט נישט פאַרפעלט קיין איין טאָג צו קומען פאַר דער צייט, וואָס איך האָב געשוועבט צווישן לעבן און טויט.

25־סטער יוני.

נו, איך האָב עס היינט געהאַט אַ טאָג פון געסט! איך האָב זיך קיינמאָל גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז איך האָב אַזוי פיל פריינט.

די ערשטע איז געווען בעסי. דאַן איז געקומען מיין טאַנטע פון באָראָ־פּאַרק, מיין קוזינע דאָרע, וועלכע איך האָב שוין נישט געזעען אפשר צוויי יאָר, דריי מיידלעך פון מיין אָפיס, מיין „מיסטערס" שוועס־טער, פיינמאַן, מאָלי, פעני זילבערבוש, מיט וועלכע איך בין געווען אַזוי גוט באַפריינדעט ביז איך האָב אַרויסגעצויגן פון האַרלעם, און נאָך אַ האַלב צענדלינג.

ווען הילפּרייך האָט, אַהיימקומענדיק פאַרנאַכט, געעפנט די טיר און דערזעען אַ פול צימער מיט מענטשן, איז ער געבליבן שטיין אין אַ לייכטער פאַרלעגנהייט. ער האָט ווי פאַרשעמט מיך געפרעגט ווי איך פיל זיך און איז באַלד צוריק אַרויס.

26־סטער יוני.

דר. פרידבערג האָט בײַ מיר היינט געמאַכט דעם לעצן „וויזיט". ער האָט געזאָגט, אַז איך דאַרף מער קיין מעדיצין נישט און אויב עס איז זייער נייטיק, קאָן איך מאָנטיק פאָרן אין אָפיס אויף אייניקע שעה. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל למען השם און למען השם זיך היטן פאַר פאַרקעלטונג.

מיין באַלעבאָסטע איז נאָכמיטאָג פון הויז אַוועק. איר אָנקל האָט זי דורכן טעלעפאָן געלאָזט וויסן, אַז זי מוז קומען אומבאַדינגט „דאַון־טאַון". זי האָט מיך געבעטן זאָגן איר מאַן, ער זאָל זיך אַליין העלפן מיטן אָוונטברויט, ווייל זי ווייסט נישט, צי זי וועט קאָנען זיין צוריק פאַר שפּעט אינאָוונט.

26־סטער יוני. בײַנאַכט.

איך פיל, אַז מיין האַרץ ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ מער אָנגעי־קלאַמערט אָן הילפּרייכס. איך גלייב נישט, אויב עס זענען דאָ נאָך צוויי הערצער, וואָס זאָלן זיך צופּאַסן אַזוי האַרמאָניש, ווי אונזערע. — בלייבן מיר ביידע אַליין, איז די גאַנצע וועלט פאַר אונז איבעריק. איך זע מיין

וועלט אין אים אזן ער, פיל איך און בין איבערצייגט, געפינט זיין וועלט אין מיר. איך פארגעס, יאָ, איך מאַך זיך פארגעסן, אז עמעצער האלט אים געבונדן. ער שטייט פאַר מיר פריי, גרויס און הייליק. און איך פיל זיך אליין פריי, גרויס און הייליק, ווען איך פיל און טראַכט פון אים.

ער איז דער איידלסטער מענטש, וואָס איך האָב ווען געטראָפן. גאָט האָט אים געבענטשט מיט פעיקייטן צו באַגרייפן פולשטענדיק דעם טיפן זין און די דערהויבענע שיינהייט פון לעבן. יאָ, ער איז אַ געבוי־רענער דיכטער, אַ גרויסער דיכטער, כאָטש ער האָט קיין פרעטענזיעס און מאַכט קיין לעבן פון דיכטעריי. אַלץ, וואָס אים פעלט, איז אַ ביסל אַמביציע, ער איז אָבער צופיל קלאָרער דענקער און ערנסטער מענטש, צו קאָנען פאַרטראָגן דעמדאָזיקן ביליקן סטימולאַנט. — אָ, ווען מיר ביי־דע קאָנען פירן אונזער לעבן צוזאַמען! ער וואָלט שוין נישט דאַרפן קיין אַמביציע צו ווערן גרויס און באַרימט.

איך האָב אים דאָס עסן געהאָלפן צוגרייטן און איך האָב געפילט, אַז דאָס האָט מיר אַ שטיק געזונט צוגעגעבן. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געטון קיין אַרבעט מיט אַזאַ פרייד, ווי פרעגלען דעם „סטייק" פאַר אים. איך וואָלט, דאַכט זיך, מיין האַרץ פאַר אים אויף דער בראָטפאַן געלייגט, אַבי עס זאָל אים בעסער שמעקן.

נאָכן עסן האָט ער פאַר מיר פאַרגעלייענט אַ פּאָר לידער, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַר דער צייט, וואָס מיר קענען זיך און איך בין זיכער, אַז קיין בעסערע, הארציקערע לידער האָט נאָך קיין דיכטער נישט אָנגעשריבן. איך האָב באַ די ערשטע פּאָר שורות גלייך באַמערקט, אַז איך האָב דאָס אין אים די מוזע אויפגעוועקט און די פּערלדיקע ווערטער האָבן מיר טאָפּלטן גליק פאַרשאַפט. נאָך אַ קורצער פויזע, אין וועלכער מיר האָבן אין אַ הייליקן עקסטאַז צוגעקוקט ביידע, ווי די נאַכט פאַלט צו אין דרויסן, האָט מיין „באַלעבאָס" געבעטן, איך זאָל פאַר אים עפּעס פאָרלייענען, און ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב צווישן אַלע מיינע ביכער קיין איין בוך פון באַזונדערן אינטערעס, האָט ער אַרויפגע־לייגט זיין האַנט אויף מיין קאָפּ און מיט אַ ליבן שמייכל געזאָגט: „נו, טאָ לייענט פון אייער טאָגבוך".

איך בין געבליבן אַ ווײַלע צעמישט. איך האָב געפילט, אַז דאָס

בלוט איז מיר אין פנים געקומען. מיין בליק האָט צעטומלט געזוכט אונטערן קישן און מיין רעכטע האַנט האָט נישט ווילנדיק ווי אַ געפּעג־טעטע אים נאָכגעפאָלגט. באַלד אָבער האָב איך זיך געפּאַסט, האָב אויפ־געפּנט פול מיינע אויגן אויף מיין באַלעבאָס און מיט אַ מוסר־מינע שטרענג געזאָגט:

— אַזוי, זענט איר דאָס דער גנב, וואָס איז געקראָכן צו מיינע סודות? — איך האָב מיין שטרענגן טאָן לאַנג נישט געקאָנט אָנהאַלטן. איך האָב זיך פונאַנדערגעלאַכט אויפן קול און באַלד האָב איך זיך גע־פילט איינגעפּרעסט אין הילפרייכס פעסטע אָרעמס. זיינע קושן זענען הייס און ווילד געפאַלן אויף מיינע ליפּן, מיין האַלז און מיין שטערן און האָבן מיך פאַרשיכורט ווי מיט אַ באַטויבנדן געטראַנק.

שפּעטער האָט הילפרייך פאַר מיר זיך מתוודה געווען, אַז ער האָט צופעליק „געכאַפּט" אַ קוק אין מיין טאָגבוך. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט עס געפונען אויפן פענצטער דעם טאָג פון מיין „קריזיס". ער האָט מיך אָבער פאַרזיכערט, אַז ער האָט, מיט דער אויסנאַמע פון די ערשטע פאָר שורות, דאָרט קיין וואָרט נישט געלייענט.

## דאָס צענטע בלעטל

28-סטער יוני.

וואָס פאַר אַ מיאוסע, קליינלעכע ברואים עס קריכן אַרום אויף דער וועלט! אָפטמאָל זעט מען איינפאַך ווי זיי בעטן זיך, מען זאָל אויף זיי אַ פוס אַרויפשטעלן און ווי אַ וואָרעם צעקוועטשן.

קעגנאיבער אונז, אין אַ ביליק הילצערן הויז, וווינט אַ יידישע פאַמיליע מיטן נאָמען כאַמולע.

מר. כאַמולע איז, קענטיק, אַ „גאַס פיינטער". אָפט זע איך פון זיין הויז אַרויסטראָגן לייטערס, קעסטלעך פאַרב און צונויפגעקייקלטע שטיקער וואַנט-פאַפיר. ער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מגושמדיקן היימישן בעל-גוף. זיין פרוי, וועלכע איז אין דער טאַליע ברייטער ווי באַם בוזעם און איז שוואַרץ ווי אַ זיד-איטאַליענערין, איז תמיד פאַרפוצט אין אַ פּאָר גרויסע דימענטענע אויערינגלעך און פינגערלעך. באַזעצט מיט אַלערליי קאָלירן שטיינער. דער מאַן, די פרוי און דאָס האַלבע טוץ שוואַרצע קינדער באַזיצן אַלע אויסערגעוויינלעך טיפע שטימען און ווען זיי רעדן, מעג זיין וועגן וואָס ווי געמיטלעך, דאַכט זיך אויס, אַז זיי שרייען אָדער בייזערן זיך.

ווען די קינדער זענען אין הויז, רעדן טאַטע-מאַמע „ענגליש", אָבער ווען די קליינע כאַמולעס זענען נישטאָ, רעדן די גרויסע צווישן זיך אַ טאַטער-שפּראַך געמישט פון יידיש, געבראָכענעם ענגליש און גאָט ווייסט וואָס נאָך פאַר שפּראַכן. פון די קללות, וואָס זיי גיבן זיך אָפט איינע די אַנדערע נישט געזשאַלעוועטערהייט, שייבען מר. און מרס. כאַמולע צו זיין ליטוואַקעס פון סאַמע ליטע, אָבער פון זייערע אכילות, פון וועלכע די ריחות פאַרכראָגן זיך אָפט צו אונז אין הויז, קאָן מען מיינען, אַז זיי קומען פון רומעניען.

אין גאַס היטן זיך מר. און מרס. כאַמולע פאַר אַ יידיש וואָרט, ווי פאַר פייער. מר. כאַמולע טראָגט תמיד אַן ענגלישע צייטונג אין קעשענע און טראָגן טראָגט ער זי אַזוי, אַז די גרויסע בוכשטאַבן פון קאָפּ זאָלן זיך גוט אַרויסזעען.

זיצנדיק היינט פאַרנאַכט-צו באַם פענצטער, האָב איך באַמערקט ווי מר. און מרס. כאַמולע לאָזן זיך אַרויס אויף אַ שפּאַציר. דער „באַס פיינטער" האָט נאַר-וואָס זיך אָפּגעגאָלט און זיין בלוי גרינגלעכע מאָרדע האָט שטאַרק אָפּגעשלאָגן פון דער טונקעלער הויט-פאַרב פון דער אייבערשטער העלפט פון זיין פנים. ער האָט גענומען זיין שוואַרצע גראָבע יידענע אונטערן אָרעם און איז געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט צום פּאַרק, קאַטשענדיק אַ גראָבן נישט פאַררייכערטן ציגאַר אין אַ ווינקל מויל.

דאָס לינדע ווינטל, וואָס האָט געבלאָזן, האָט פונאַנדערגעפּנט די פּאָלעס פון כאַמולעס ראָק און פון בוזים-קעשענע האָט זיך מיטאַמאָל דערזעען אַ יידישע צייטונג. מרס. כאַמולע האָט עס גלייך באַמערקט און חי צעשראָקן האָט זי גיך צוריקגעוואָרפן די פונאַנדערגעפּנטע פּאָלע פון איר מאַנס ראָק און געהייסן איר מאַן זיך פאַרשפּיליען.

אַ פּאָר טריט ווייטער האָבן יינגלעך געשפּילט אין „קרעפּס" אויפן טראָטואַר און מר. און מרס. כאַמולע האָבן, קענטיק, נישט געוואָלט שטערן די יינגלעך אין זייער געים. זיי זענען אַרונטער פון טראָטואַר און גענומען גיין מיטן מיטן גאַס, ווען אַ פּאָר פון די הברה׳לייט האָבן מיטאַמאָל אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער און טייטלענדיק מיט די פינגער, גענומען שרייען:

ניני! ניני! קאַפּישא איטאַליאַנאַ, וואָפּ, וואָפּ!

כאַמולע און זיין פרוי זענען שנעל אַריבערגעלאָפן אויפן צווייטן טראָטואַר, זיי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ נאַריש צופרידענעם שמייכל און זיך נענטער געדרוקט איינע צו די אַנדערע.

— דו האָסט געהערט, דאַבע, — האָט דער „באַס פיינטער" געזאָגט מיט שמחה, — מען דערקענט דאָך נישט, אַז מיר זענען יידן!

29-סטער יוני.

איך האָב זיך געפילט זייער נישט אָנגענעם, קומענדיק היינט צו

דער אַרבעט. מר. בערנהיימער איז געווען נאַר-וואָס אַריינגעקומען. ער האָט געהאַלטן אין אויפהענגען זיין הוט און שטעקן און ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער אָנגעשטעלט זיינע גלעזערנע אויגן אויף מיר און זיך פאַרביסן, פלעגמאַטיש צושמייכלענדיק מיט זיין נאַרישן שמייכל.

— וואָס איז מיט אייך עפּעס, מיס-י-ע-בערמאַן, דאַכט זיך, עפּעס זענט איר מיר צו אָפט קראַנק, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר, גרייזלענדיק ביידע וואָנסעס פאַר איין מאָל.

— קראַנקייט איז אַ גאָט-זאַך. — האָב איך געענטפערט מיט אַ שמייכל. — גלייבט מיר, אַז איך וואָלט זיך דאָס אַליין נישט גענומען.

— יאָ, אָבער עס איז שווער אויסצוקומען מיט קראַנקע אַרבעטער. אַט האָט אין דער זעלבער צייט, וואָס איר זענט קראַנק געוואָרן, אויך מיס ציטראָן זיך אַריינגעלייגט אין בעט און די „פויר גוירלס" האָבן טאַקע געהאַט צו שוויצן אָן אייך. איר האָט נאָך גוט געטון, וואָס איר זענט היינט געקומען, — האָט ער נאָך אַ קורצער פּויזע געזאָגט. — מיר האָבן שוין געטראַכט אויף מאָרגן אַריינגעבן אַן אַנאָנסמענט פאַר אַ סטע-נאָגראַפעריין.

איך האָב געפילט, ווי צו נעמען מיין הוט און מאַנטל און זאָגן „גוד-באַי", איך האָב זיך אָבער געמאַכט האַרץ און בין געווען גרייט אויסצוהערן אינגאַנצן מר. בערנהיימערס לעקציע.

„צו מיין גליק זענען אַריינגעקומען אַ פּאָר „קאַסטאָמערס" און האָבן איבערגעשלאָגן מיין באַלעבאָס אינמיטן דרשה.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט בײַ מיין שרייבטיש, וואָס איז געווען גוט פאַרשטויבט און זיך צוגעכאַפּט צו דער אַרבעט, ווי אַ הונגעריקער צום עסן. עפּעס איז מיר פאַרגעקומען, אַז איך האַלט באַם פאַרלירן דעם „דזשאַב" און האָב אינסטינקטיוו געזוכט זיך אָנצוהאַלטן אָן אים מיט אַלע מיינע קרעפטן.

30-סטער יוני.

מרס. הילפּרייך איז שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן, ווען איר מאַן האָט מיך היינט געפרעגט, אויב איך וואָלט וועלן בייטן מיין שטעלע. ער האָט געזאָגט, אַז די געהילפס-בוכהאַלטערין אין דעם פלאַץ, ווו ער אַר-

בעט, גייט קומענדיקן מאָנטיק התונה האָבן און אויב איך וויל. וואָלט ער שוין געזעען איך זאָל קריגן איר „דזשאָב". — אמת, מען צאָלט זיך באַ אונז נישט איבער — האָט ער געזאָגט — דאָך גלייב איך, אַז איר וועט קריגן אייערע צוואַנציק — צווײ און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך.

— דאָס איז שוין מער ווי איך קריג איצט — האָב איך געזאָגט מיט אַ טאָן פון דאַנקבאַרקייט — דאָך וועל איך זיך נאָך מישב זיין וועגן דעם.

— וואָס דרייסטו אַ קאָפּ! — האָט מיין „מיסיס" אויסגערופן. ווארפנדיק בייזע בליקן אויף מיר און איר מאַן. — ביסט אַ מעקלער פון שטעלעס. וואָס? אַז מיס בערמאַן וועט וועלן בייטן איר פּלאַץ, וועט זי שוין וויסן ווי דאָס צו טון. און דאַן — האָט זי געזאָגט מיט אַ ווייכערן טאָן — וואָס קאָנסטו וויסן, אויב דיינע באַלעבאַטים וועלן זיין צופרידן פון מיס בערמאַן און מיס בערמאַן וועט זיין צופרידן מיטן פּלאַץ? עס איז שטענדיק גלייכער צו שטיין ווו מען שטייט, איבערהויפּט היינטיקע צייטן, ווען „ביזנעס" איז אַזוי שלעכט און אויף יעדן „דזשאָב" זענען דאָ הונדערט בעלנים.

— מרס. הילפּרייך איז גערעכט, — האָב איך זיך אָפּגערופן ווי צו זיך אַליין און געמאַכט אַן ענדע צום געשפּרעך.

ווען מיין בליק האָט אַ ווײַלע שפּעטער זיך באַגעגנט מיט מר. הילפּרייכס בליק, האָב איך גלייך געזעען, אַז ער האָט אינגאַנצן חרטה, פאַרוואָס ער האָט דעם געשפּרעך אָנגעהויבן אין זיין „פּרויס קעגנוואַרט.

2-טער יולי.

בעסי און פיינמאַן האָבן מיר אָפּגעשטאַט אַ באַזוך פאַרנאַכט. בעסי איז דאָס געקומען זיך געזעגענען מיט מיר פאַר איר אָפּפאָרן אין „קאָנטרי". שבת, האָט זי געזאָגט, פאָרט זי אַוועק, פיינמאַן וועט זי באַגלייטן ביזן פּלאַץ און וועט פאַרבלייבן מיט איר איבער זונטיק. איך האָב איר כמעט צוגעזאָגט, אַז איך וועל פאָרן אין זעלבן פּלאַץ, ווו זי פאָרט, אויב זי וועט נאָך זיין דאָרט, ווען מיר וועט אויסקומען צו פאָרן. איך ווייס אָבער נישט, אויב איך וועל עס טון. איך האָב נישט צו שטאַרק ליב די געגנט אַרום מאָנטיסעלאָ. איך וואָלט בעסער פאַרגע-

צויגן אַרום האַנטער אָדער פליישמאַנס. דאָרט זענען די בערג, טאַקע אמתע בערג.

3-טער יולי.

מיין טאַנטע האָט מיך איינגעלאַדן מיטצופאָרן מיט איר אין קאַנטרי אויף אַ פּאָר וואָכן. זי האָט מיר פאַרשפּראָכן אַ „גוד-טיים" און ווער ווייסט וואָס פאַראַ גליקן, אַבי איך זאָל איר „אָנטון דעם כבוד". אמת פיין פון איר. איך וואָלט זיך אַזאַ זאַך פון איר קיינמאָל נישט געריכט. איך פיל אָבער נישט ווי אָנצונעמען איר איינלאַדונג. עפּעס ווילט זיך מיר היינטיקן וואַקיישאָן אוועקפאָרן אין אַ פּלאַץ, וווּ איך זאָל קיין באַקאַנטע נישט טרעפן. עפּעס פיל איך ווי צו זיין אַליין מיט זיך, צו קאָנען אומגעשטערט גאַנצע טעג טראַכטן און דענקען פון אים.

אפשר זאָל איך גאָר פאָרן צום ים אין מעין אָדער אין די אדיראנדאק-בערג. מען דערציילט זיך אָן אַזוי פיל פון זיי, אַז עס נעמט מיך אָן אַ חשק.

עס איז זייער נישט גוט, אַז אַלץ איז צוגעטיילט און צוגעמאָסטן, וואָרים וואָס קאָן מען טאַקע אויפטון מיט צוויי וואָכן און מיט דעם געלט, וואָס איך קאָן זיך דערלויבן אויסצוגעבן אויף וואַקאַציע ?

4-טער יולי באַנאַכט.

איך האָב זיך נישט געריכט, אַז איך וועל האָבן אַזאַ אָנגענעמען טייערן יום-טוב.

די הילפרייכס האָבן געקריגן געסט פון פּעטערסאָן : צוויי יונגע פּאָרלעך און אַן עלטערער בחור, און אין דעם זכות פון די געסט האָב איך דערווייל אויך גענאָסן.

דער אַלטער בחור, אַ שיפּס-ברודער און אַ שטיקל קרוב פון מיין „מיסיס", איז אַ געבוירענער קאָמיקער. ער האָט אונז אַלעמען געמאַכט צו לאַכן דעם גאַנצן טאָג. ער האָט זיך געשדכנט צו מיר, ער האָט זיך דערקלערט אין ליבע צו מיין באַלעבאָסטע, ער האָט אַרויסגערופן אויף אַ דועל מיין „מיסטער". ער האָט געזונגען יידישע פאָלקס-לידער און „קון סאָנגס", האָט געטאַנצט אַ שערעלע, אַ כשר-טאַנץ, אַ „קעי וואָק" און

אַ „דשיג" און אַלץ האָט ער דורכגעפירט אַזוי אַרטיסטיש, אַזוי גוט און פיין, ווי ער וואָלט געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר.

נאָכמיטאָג האָט די „מיסיס" געבראַכט אַ גאַנצן באַרג מיט „פייער־קרעקערס" און דער פריילעך־מאַכער איז אַרויס אויף דער וועראַנדע און מקיים געווען די מצווה פון פייערן „קרעקערס" אויף אַ העכסט פּאַטריאָטישן אופן. דאַן זענען מיר אַלע אַוועק זען די חיות אין בראָנקס פּאַרק.

דער פריילעכער בחור האָט געכאַפּט מיין „מיסיס" געאָרעמט און איז געלאָפן מיט איר פאָרויס. די צוויי יונגע פּאָרלעך זענען מיט פיל אָנשטרענגונג זיי נאָכגעלאָפן אַזוי נאָענט, ווי זיי האָבן געקאָנט. הילפּרייך און איך זענען געבליבן די לעצטע.

איך בין געווען אַזוי פריילעך געשטימט, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט אונטערוואַרפן אונטער קיין באַשרענקונג. איך האָב גענומען הילפּרייכן געאָרעמט און, גייענדיק לאַנגזאַם, זיך געטוליעט פעסט צו אים, ווי ער וואָלט געהערט צו מיר אינגאַנצן.

מיין באַלעבאָס האָט, קענטיק, אויך פאַרגעסן, ווו ער געפינט זיך אין דער וועלט. ער האָט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געדריקט מיין אָרעם צו זיין זייט און האָט זיין קאָפּ אַלץ מער און מער געבויגן צו מיינעם.

— דאָרעלע, — האָט ער פּלוצלינג אויסגערופן מיט אַנטציקונג, — דאָרעלע, פילסטו נישט, ווי מיר ביידע זענען ענג צוזאַמענגעוואַקסן ?

מיין קערפּער האָט ווי דורך אַ מאַגנעט זיך אַ צי געטון צו זיינעם. עס איז מיר געוואָרן הייס אין אַלע אברים און די קאָכיקער ווייַן האָט זיך מיר געגאָסן אין קאָפּ.

— בערנאַרד, — האָב איך געשטאַמלט, אָנקלאַמערנדיק זיך פעסט אָן זיין אָרעם. — אָ, בערנאַרד, ווען דו זאָלסט וויסן, ווי גליקלעך איך פיל זיך, ווען דו ביסט לעבן מיר.

הילפּרייך האָט אויף מיר אָנגעשטעלט זיינע ליכטיק־בלויע אויגן, און איך האָב געפילט, ווי ער זאָגט: אָט קוק און זע, וואָס עס טוט זיך באַ מיר אין האַרץ. מיין גאַנצער איך באַלאַנגט צו דיר.

אַ היפּשע צייט האָבן מיר נאָכדעם זיך אַרומגעדרייט איבער די־

בעדרייטע שטעגלעך, זיך טוליענדיק איינער צום אַנדערן און רעדנדיק פאַרטרוילעך פֿער „דו״, ביז מיר זענען אָנגעקומען צום שלאַנגען־הויז, וווּ די קאָמפּאַניע האָט אויף אונז געוואַרט.

— פּאַסט אויף, איידאַ — האָט דער אַלטער בחור אויסגערופן, טייטלענדיק מיט אַ פֿינגער אויף אונז. — עפּעס האָט באַ דעם „מיסטער״ און דער „באַרדערקע״ צו לאַנג גענומען דער וועג. צי האָבן זיי זיך נישט דערציילט קיין סודות איינע די אַנדערע ? !

## דאָס עלפטע בלעטל

5-טער יולי.

דעם טאַטנס ברייוו האָט מיך גאָר אינגאַנצן צעטומלט. ער שרייבט, אַז ער האַלט באַם פאַרקויפן דאָס הויז און דאָס גאַנצע באַלעבאַטישקייט און קלייבט זיך, אַזוי שנעל ווי מעגלעך, צו פאָרן קיין אַמעריקע. דאָס געשעפט, שרייבט ער, איז אַזוי שלעכט, אַז ער איז פשוט געצוווּנגען צו עסן פון גרייטן. אָבער דאָס גרייטע האָט דאָך אַ שיעור, און קיין האָפנונג פאַר בעסערע צייטן זעט זיך נישט.

איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס עס מיינט פאַרן טאַטן צו עסן פון גרייטן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרגונען אויסצוגעבן אַן איבעריקן רובל, אפילו אין די בעסטע צייטן, ווען דער האָלץ-האַנדל האָט געבליט און ער האָט „געשאַרט גאָלד", ווי מען פלעגט זאָגן אויף אים אין שטאָט. ער פלעגט תמיד זאָגן, אַז אַ פאַרשפאָרער איז בעסער ווי אַ פאַרדינער, און אַז דער, וואָס ווייסט נישט ווי צו שאַנעווען אַ רובל, איז אומזיסט זיין אָנשטרענגונג אים צו קריגן. און אַז ער דאַרף עסן פון גרייטן מיט אַזאַ פאַמיליע און אַ ווייב אַן אויסברענגערקע, מוז אים שוין זיין געגנוג ביטער.

פאַר דער מאַמעס לעבן איז דער טאַטע, דאַכט זיך, גאָרנישט געווען אַזאַ קאַרגער. מעגלעך דערפאַר, וואָס ער האָט געוווּסט, אַז די מאַמע איז געווען אַ טייערע באַלעבאָסטע און האָט נישט געלאָזט גיין אַ האָר אין ניוועץ, אָבער נאָך איר טויט האָט ער אָנגעהויבן ציטערן איבער געלט, ווי דאָס וואָלט געווען זיין איינציקער ציל אין לעבן.

איך קאָן זיך נאָך גוט דערמאָנען די סקאַנדאַלן, וואָס ער פלעגט מאַכן, ווען די דינסט, וואָס ער איז געווען געצוווּנגען אַריינצונעמען נאָך דער מאַמעס טויט, האָט אויסגעגעבן אַן איבעריקן גילדן. נישט איין

מאָל האָב איך אין דער שטיל געוויינט, צוקוקנדיק ווי דער טאַטע מאַכט זיך אַזוי קליין און ביליק פאַר דער פרעמדער פרוי און פאַר די שכנים אַרום, וועלכע פלעגן אַרויסקוקן פון די פענצטער, ווען דער טאַטע פלעגט זיך צעשרייען איבער עטלעכע קאָפּיקעס.

איך בין געווען נאָך צו יונג דאַן צו פאַרשטיין, אָבער אַז איך בין אַ ביסל עלטער געוואָרן, האָב איך איינגעזעען, אַז די שכנים האָבן געהאַט רעכט, ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז דער טאַטע האָט חתונה געהאַט אַ צווייט מאָל, כדי צו פאַרשפּאָרן די מערציק רובל אַ יאָר פאַר אַ דינסט. ווען די שטיפמאַמע „פייגעלע" האָט זיך גענומען פירן ברייטלעך, איבערהויפּט נאָכדעם ווי זי האָט געבוירן דאָס ערשטע קינד צו מיין טאַטן און זי האָט זיך געפילט שטאַרק יחסנדיק, פלעגט דער טאַטע אָפּט-מאָל אַרומגיין איבערן הויז און בורטשען: „נו, אַ הוצאה אַ ביסל! מיט דער דינסט איז נישט אַוועק אַזוי פיל!"

פיל מאָל האָב איך זיך געבראָכן דעם קאָפּ, געבראָכן צו דערגרונ-טעווען דעם טאַטנס נאַטור. איך האָב זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ווי אַזוי אַ מענטש ווי ער, אַ ייד אַ למדן, אַ היינטוועלטיקער און אַ גרויסער סוחר, זאָל קאָנען זיין אַזוי קליין ווי ער, ווען עס קומט צו דער קע-שענע. איינמאָל האָב איך אים אָבער געהערט רעדן אין דער שטיל מיט דער שטיפמאַמע און בײַ מיר איז די קשיא בײַלד פאַרענטפערט גע-וואָרן.

די שטיפמאַמע האָט אים געשטעלט די זעלבע פראַגע, וואָס האָט מיר אַלץ געגעבערט אין קאָפּ: ווי קומט צו אַזאַ מענטש, ווי ער, די מידה פון קמצנות, אויף וואָס ער האָט אין אַ מילדן, זיסן טאָן געענט-פערט: „קינד איינס, דו מיינסט, אַז איך בין דאָס אַזוי קאַרג פאַר זיך, זאָג איך דיר, אַז דו האָסט אַ גרויסן טעות! איך בין דאָס קאַרג פאַר לייטן, איך ציטער דאָס אַזוי פיל איבער פרעמד געלט!".

פון דאַן אָן האָב איך זיך גענומען פילן שטאַרק מיטן טאַטנס קאַרגשאַפט. איך האָב געקוקט אויף זיך אַליין מיט פאַראַכטונג, פאַרוואָס איך האָב אים פריער נישט פאַרשטאַנען, און וואָס מער איך האָב אים גע-זעען זיך אָנשטרענגען איינצוהאַלטן דעם רובל, אַלץ ברייטער, גרעסער און נאָבעלער האָט ער אין מיינע אויגן אויסגעזעען.

מיין שטיפמאַמע האָט עס אָבער נישט געקאָנט פאַרשטיין, זי האָט

זיך געזוכט צו גלייכן צו די אַנדערע גבירהס אין שטאָט, האָט געוואָלט שיין צירונג, דאַטשעס אין זומער און אַ גוווערנאַנטקע פאַר איר ע קינדער. „אַז מאַדאַם ליפשיץ האָט געמעגט אַראָפּברענגען אַ באָנע פון פּאַריז, מעג איך כאָטש אַריינגעמען אַ דייטשקע", האָט זי געטענהט. „נישקשה, מיר קאָנען עס באַווייזן, אפשר נאָך גיכער ווי די ליפשיצעס. ליפשיץ האָט שוין איינמאָל באַנקראָטירט און מיט גאָטס הילף וועט ער נאָך מסתמא אינגיכן נאָך אַמאָל באַנקראָטירן". איך האָב גענומען דעם טאַטנס צד און נישט איין מאָל האָב איך דער שטיפמאַמען געזאָגט, אַז הלוואי וואָלטן אַלע וואָס טוען געשעפט מיט פרעמד געלט געהאַנדלט ווי דער טאַטע. ביז איינמאָל איז זי אויף מיר אָנגעפאַלן און גענומען טופען מיט די פיס און שרייען, איך זאָל האַלטן מויל, אויב איך וויל, זי זאָל מיך פון הויז נישט אַרויסשליידערן.

איך בין געוואָרן איבערראַשט פון מיין שטיפמאַמעס סטראַשונעק, איך האָב אָבער קיין וואָרט נישט געזאָגט. ווען דער טאַטע איז צוויי טעג שפּעטער צוריקגעקומען פון פּרייסן, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע און האָב באַ אים געבעטן געלט אויף הוצאות.

דער טאַטע האָט פון אָנהייב נישט געוואָלט הערן און זעען וועגן אַמעריקע, נאָר ווען איך האָב אים דערציילט פון זיין ווייבס סטראַשונעק און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך קאָן נישט מער פאַרבלייבן אונטער איין דאַך מיט איר, איז ער מרוצה געוואָרן צו לאָזן מיך פאָרן.

אויף מאָרגן האָט דער טאַטע אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו צו זיין שוועגערין, מיין מוטערס שוועסטער, אין באָסטאָן, ער האָט איר געבעטן, צו שרייבן אים איר ריכטיקע מיינונג, אויב עס איז נישט קיין אחריות צו לאָזן פאָרן אַזאַ מיידל ווי איך נאָך אַמעריקע און אויב זי וועט זיך אונטערנעמען צו האַלטן מיך באַ איר אין הויז.

באַ מיין שטיפמאַמען איז געווען אַ גאַנצער יום-טוב, ווען דער טאַטע האָט איר געזאָגט, אַז ער שיקט מיך קיין אַמעריקע. זי האָט אפילו, כלומרשט, פּראָטעסטירט: ס'טייטש, האָט זי זיך צעשריגן, נעמען און לאָזן אַזאַ יונג מיידל פאָרן קיין אַמעריקע. איר פעלט עפּעס דאָ, הלוואי אויף אַלע יידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן! אָבער איך האָב געזען, אַז אין האַרץ דאַנקט זי גאָט, וואָס זי ווערט פון מיר פטור. פאַר לייטן

ווי אויך פאַרן טאַטן אין די אויגן האָט זי געזוכט צו זיין פריינדלעך צו מיר, האָט מיר געגעבן עצות, ווי צו האַלטן זיך אויפן וועג און ווי אויפצופירן זיך אין אַמעריקע און האָט געהאַלטן אין איין באַדויערן, אַז איך וועל איר פעלן אויף שריט און טריט. — — —

און וואָס, ווידער, קאָן דער טאַטע טון אין אַמעריקע, ווען אפילו ער זאָל שוין ברענגען אַ סך געלט מיט זיך? צוואָס פאַר אַ געשעפט קאָן ער זיך נעמען? אַן עלטערער מענטש און אַ שוואַכער דערצו. ער האָט נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק געשריבן, אַז דאָקטוירים האָבן אים אָנגע־זאָגט נישט אָנצושטרענגען זיך און נישט צו ערגערן זיך, ווייל זיין האַרץ איז נישט אין קיין צו גוטן צושטאַנד. און איבערהויפט וואָלט איך נישט געוואָלט, מיין טאַטע זאָל קומען אַהער איצט, עפעס זאָגט מיר מיין האַרץ, אַז ער וועט נישט האָבן קיין צופיל נחת פון מיר. עפעס פיל איך, אַז אינגיכן וועל איך זיין אין אַלעמענס מיילער...

הלוואי זאָל איך ליגנט זאָגן!

7-טער יולי.

פיינמאַן האָט זיך געחידושט, וואָס איך האָב זיך באַנומען אַזוי פריינדלעך צו אים. ער האָט געמיינט, אַז איך האָב דאָס געטון צוליב בעסין. ער האָט זיך נישט געשעמט מיר דאָס צו זאָגן, אָדער ריכטיקער, מיר דאָס פאַרצוואַרפן. איך האָב אים אָבער פאַרזיכערט, אַז ער אַליין איז נאָך אויך ווערט מיין פריינדשאַפט.

מיר האָבן פאַרבראַכט שיינע עטלעכע שעה צוזאַמען. ער איז גע־קומען גלייך נאָך „סאַפּער", און ווען ער האָט פון מיר אָפּשייד גענומען, איז שוין געווען שפעט נאָך האַלבע נאַכט.

איך בין געווען מאָדנע געשטימט דעם גאַנצן אָוונט. איך ווייס נישט, צי דאָס איז געווען גלייכגילטיקייט אָדער גוטמוטיקייט אויף מיין זייט. נאָר וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער אויסגעפירט בײַ מיר דאָס מאָל. האָט זיך אים געוואָלט גיין אין פּאַרק, בין איך מיט אים געגאַנגען, האָט ער געוואָלט זיך צוזעצן — האָב איך זיך מיט אים געזעצט. מיר זענען דעם אָוונט אַ וועלט אויסגעווען. אין „אייז־קרים פּאַרלאָר", אין קי־נאָ, אין פּאַרק, אין גאַס, אפילו זיך דורכגעפאָרן אויף אַ טראַמוויי. די לופט איז געווען אַזוי אָנגענעם־מילד ווי אין אָנפאַנג פרילינג און דער

הימל איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט שטערן, ווי אין אַ ווינטערדיקער סוף־חודש נאַכט.

אייניקע מאָל האָט ער געזוכט צו פאַרציען אַ געשפּרעך וועגן אונדזערע ערשטע באַגעגענישן אין עלעוויטער. ער האָט אַ פּאָר מאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, וואָס איז געווען אַ קלאָרע אָנדייטונג, אַז ער איז געווען, אָדער איז נאָך אויך איצט נישט אינגאַנצן גלייכגילטיק צו מיר. ער האָט אָבער נישט פאַרגעסן צו פאַרזיכערן מיך יעדעס מאָל, אַז ער ליבט בעסין מיטן גאַנצן האַרץ.

איך האָב דאָס אַלץ אויסגעהערט מיט אַ לייכט געמיט און אָפּט אויך מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

איך האָב אים פאַרשפּראָכן צו גיין מיט אים פּרייטיק אָוונט „דאונטאון" צו עפּעס אַ „ליטעראַטן־אָוונט". ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איך וועל דאָרט זעען אַלע גרויסע יידישע טאַלאַנטן.

## אינאַיונט.

קומענדיק אַהיים, האָב איך געטראָפן אַ בריוו פון בעסין. זי שרייבט מיט פיל באַגייסטערונג וועגן דעם פּלאַץ, ווו זי געפינט זיך און וויל דורכויס, איך זאָל אויך אַהינקומען. זי שרייבט, אַז דאָרט זענען דאָ יונגעלייט מחנותוויז פון די שענסטע און פון די בעסטע און זי פאַרזיכערט מיך, אַז ווען איך קום אַהין, ווערן זיי אַלע די כפּרה פאַר מיר.

צום סוף בעט זי מיך אַ טובה, צו זעען איר דייוון זאָל נישט זיין אומעטיק אָן איר. זי דערלויבט מיר אפילו אַרויסצופאָרן מיט אים אַמאָל אַ זונטיק באַטאָג.

אָרימע בעסי, מסתמא פילט זי זיך געוויס שולדיק קעגן איר דייוו...

## 8־טער יולי.

מיין „מיסיס" קלויבט זיך שוין אויך אין קאַנטרי. זי האָט זיך געלאָזט איינרעדן און פאָרט אין די קעטסקיל־בערג, כאָטש דאָרט פאָרן אַלע „מאַישעס און יענטעס".

איצט איז די פראַגע, ווו וועל איך זיך אַהינטון, ביזוואַנען איך וועל דאַרפן פאָרן? פאַרבלייבן אין הויז מיט הילפרייכן פּאַסט נישט פאַר לייטן. און ווידער ווי וועט זי אַזאַ זאַך דערלאָזן?

# דאָס צוועלפטע בלעטל

11־טער יולי.

זי האָט עס מיר אַ ביסל אָפּגעטון, די מיסיס! האָט איבערגעלאָזט אַ גאַנצע מחנה שומרים, צו היטן אים און מיך. עס איז נאָך אַ שטיקל גליק, וואָס איך וועל זיי לאַנג נישט דאַרפן אָנקוקן!

איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער, ווען די פאַרשלומפּערטע יידענע פון „פּיט סטריט", מיין באַלעבאָסטעס לייבלעכע קוזינע, האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע קרומע אויגן, מיט אַ מינע, ווי אַ פּאָליציימאַן באַטראַכט זיין געפאַנגענעם, און מיך געפרעגט, אויב איך בין דאָס די „באָרדערקע".

— וואָס דען האָט איר געמיינט בין איך, דער „באָרדער?" — האָב איך געזאָגט מיט אַ שמייכל.

די יידענע האָט זיך פאַרשעמט און נישט וויסנדיק וואָס צו טון מיט זיך פון פאַרלעגנהייט, האָט זי מיט ביידע הענט גענומען פאַרשאַרן אירע נישט צו דינע האָר, וואָס זענען אַרונטערגעהאָנגען איבער די אויגן. אירע דריי אויסגעדאַרטע, שוואַרצע מיידלעך האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום איר און האָבן געוואָרפן פאַרגנבעטע בליקן אויף מיר.

הילפרייך איז אַריינגעקומען און איך האָב אים, נישט וויסנדיק צוליב וואָס איך טו עס, געפרעגט, וואָס זיין פרוי שרייבט פון קאַנטרי.

— אָט אַזוי דאַרף טאַקע זיין! — איז די פאַרשלומפּערטע יידענע אַריינגעפאַלן אין די רייד, — וואָס דען, אַזוי ווי מיין „נעקסט דאָריגערס" באָרדערקע, אַז אויסגעקויקלט זאָל זי ווערן! די מיסיס אירע איז אָפּגעלעגן זעקס וואָכן מיט רעמאַטעס אין האָספּיטאַל און וואָלט זי כאָטש איין מאָל פרעגן, וואָס זי מאַכט, ווער רעדט שוין פון גיין מבקר חולה זיין זי.

נישקשה, ווען עס וואָלט געכאַפּט אַ דרייעניש אין די זייטן דעם „מיסטער", וואָלט זי שוין אַזוי נישט געשוויגן.

איך האָב זיך אָפּגעקערט מיט עקל פון דער אָפּשטויסנדער יידענע. הילפרייך האָט איר צוגעוואָרפן אַ בליק, פון וועלכן זי האָט געקאָנט פאַרשטיין, אַז מען בעט זי נישט צו דערציילן קיין מעשיות און איז אַרויס פון צימער שטאַרק אויפגערעגט.

### 13-טער יולי.

פון דער יידענע און אירע קינדער איז פּשוט נישט אויסצוהאַלטן. זיי קריכן פּשוט אין די ביינער אַריין. איך וואָלט שוין וועלן דערלעבן וואַקאַציע פון זיי פּטור צו ווערן.

פאַר די פּאָר טעג, וואָס די „דעטעקטיווס" זענען אין הויז, האָב איך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט אויסצורעדן אַ וואָרט מיט הילפרייכן. אפשר 10 מאָל האָבן מיר נעכטן אָוונט זיך באַגעגנט, אין קאָרידאָר, אויף דער וועראַנדע און אין ביבליאָטעק. אָבער יעדעס מאָל, אַזוי גיך ווי מיר האָבן געוואָלט אַ וואָרט אויסרעדן, איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסן די יידענע אָדער איינע פון אירע דאַרע מיידעלעך און מיר האָבן נישט געקאָנט טון אַנדערש, ווי פונאַנדערגיין זיך נישט געריעדטערהייט.

### 14-טער יולי, מיטאָגצייט.

עס האָט מיר אַ טיאַכקע געטון אין האַרץ, ווען איך האָב, אויפכאַפּנדיק זיך אינדערפרי, דערזעען אַ ווייסן קאָנווערט בײַ דער טיר. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט הילפרייך דעם קאָנווערט אונטערגעלייגט. איך בין אַרונטערגעשפּרונגען פון בעט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך האָב מיטגעשלעפּט דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט מיט זיך. איך האָב מיט האַסט אַ כאַפּ געטון דעם בריוו און אים געדריקט צו די ליפּן און צו דער ברוסט אַ לאַנגע צייט.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָב איך דעם בריוו געעפנט און ווען איך האָב דערזעען די פיר און אַ האַלבע שורות, האָב איך זיך געפילט שטאַרק אַנטוישט.

— אָ, דו שלעכטער! — האָב איך געמורמלט קאַפּריזנע. — מער

ווי דאָס האָסטו נישט געהאַט צו זאָגן מיר ? — איך האָב זיך אָבער באַלד געוואָרפן אויפן קורצן צעטל און האָב געלייענט און געלייענט פון אים אָן אָן אויפהער. וואָס מיין הארץ האָט נאָר געגלוסט, האָב איך אין די פיר אַ האַלבע שורות געזעען. אַ ים מיט ליבע, אַ וועלט מיט געפילן האָב איך אין זיי געפונען.

— „מיין הארץ־געליבטע דאָרע". — האָבן די ערשטע פּאָר ווערטער זיך געצאַפּלט פאַר מיינע אויגן ווי לעבעדיקע. אַ זילבער־פּליסטער האָט זיך צעשפּרייט אין דער לופט און פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן אָפּקלאַנגען אין די פאַרשידנסטע טאָן־שאַטירונגען צו מיינע אויערן. „מיין הארץ־געליבטע דאָרע", „מיין הארץ־געליבטע דאָרע", איך האָב געמיינט, מיין הארץ שפּרינגט מיר אַרויס פון גליק און פרייד.

אפשר הונדערט מאָל האָב איך דאָס קליינע צעטל צו מיין אָפּגעבלייזטער ברוסט געדריקט. איך האָב עס געטוליעט צו זיך מ׳טביידע הענט און מיט אַלע קרעפטן, פּונקט ווי איך וואָלט געוואָלט דעם זאַפט פון די הימלישע ווערטער אין מיין קאָכיקן הארץ איינזאַפּן.

„איך וועל אויף דיר וואַרטן בא דער עלעווייטער־סטאַציע. איך מוז דיך זעען, איך בעט דיך, ליבסטע, אויף מיר צו וואַרטן אין פאַל דו קומסט פריער".

דאַכט זיך אַזעלכע איינפאַכע ווערטער, אָבער וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן זיי פאַר מיר ! ער רופט מיך : „הארץ־געליבטע דאָרע", ער קאָן דאָס בענקען נאָך מיר נישט אַריבערטראָגן. ער, דער מאַן, פאַר וועלכן איך בין צו יעדער צייט גרייט מיין הארץ און נשמה אַוועקצוגעבן !

דער האַלבער טאָג איז ווי אין אַ חלום אַריבער. מיינע פינגער האָבן מעכאַניש געקלאַפּט איבערן שרייב־מאַשין. מיינע אויגן זענען געווען מעכאַניש געריכטעט אויף די סטענאָגראַפישע צייכנס, אָבער געקוקט האָבן זיי ווייט, ווייט אין אַ וועלט, וווּ עס עקזיסטירט נאָר צוויי הערצער און צוויי נשמות — מיינע און זיינע.

גאָט מיינער, ווי שטופּט מען שוין אַריבער די עטלעכע שעה ! ווען וועט שוין אַמאָל ווערן פינף דער זייגער ?

אינגאָוונט.

ווי שטאַרק איך האָב מיך געאיילט צו קומען צו דער סטאַנציע די ערשטע, האָט ער דאָך מיר פאַרכאַפּט דעם וועג. איך האָב אים דערזעען, ווען איך בין נאָך געווען אַ גאַס ווייט פון אים. ער איז געשטאַנען אַזוי אומגעדולדיק און געקוקט אויף אַלע זייטן. ווו אַ מיידל אין אַ ווייס קלייד און קאָרן-קאָלירטן הוט האָט געצויגן זיין בליק. מיר איז אַן אָנגענעמער ציטער געגאַנגען דורכן קערפּער. איך האָב געפילט, אַז מיין אָפּבילד שוועבט אין דעם מאָמענט פאַר זיינע אויגן און אַז ער וואָלט נישט גענומען דאָס גאַנצע פרויען-געשלעכט פאַר מיר איינע, פאַר מיר, אויף וועלכע ער שטייט און וואַרט מיט אַ האַרץ פול מיט ליבע און צערטלעכקייט.

איך האָב אים געוואָלט איבערראַשן. איך האָב זיך פאַרשטעלט הינטערן עולם. וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַ שטראָם צו דער סטאַנציע און האָב זיך פאַרדרייט פון דער צווייטער זייט אַרויסגאַנג מיט דער דערוואַרטונג אַרויסצוקומען הינטער אים. ער האָט מיך אָבער באַמערקט און אין אַן אויגנבליק איז ער געווען לעבן מיר און מיך געהאַלטן פעסט באַם אָרעם.

אָנשטאָט צו נעמען דעם עלעוויטער אַרויף שטאָט, זענען מיר אַוועק צו בראָדוויי און זענען געגאַנגען, נישט ווילנדיק וווהין, און מער שווייגנדיק ווי רעדנדיק, ביז מיר האָבן זיך מיטאַמאָל געפונען באַם אַריינגאַנג פון צענטראַל פּאַרק.

די זון איז געהאָנגען איבער די דעכער פון צענטראַל פּאַרק וועסט, ווען מיר האָבן, מיד פון לאַנגן שפּאַציר, זיך אַוועקגעזעצט לעבן דעם שפּרודלענדן פאָנטאַן, נישט ווייט פון בעטהאָווענס סטאַטוע. הילפּרייכס רעכטע האַנט האָט שיצנדיק זיך געלייגט איבער מיין שולטער און מיט זיין לינקער האָט ער געגלעט און געצערטלט מיין לינקע האַנט, וועלכע האָט לייכט זיין קני אָנגערירט.

איבער וואָס נישט האָבן מיר נישט אויסגערעדט און איבער וואָס נישט האָבן מיר נישט אויסגעפּלוידערט? מיר האָבן גערעדט איבער אַלץ און איבער אַלעמען. איבער וועלט און איבער מענטשן, איבער נאַטור און איבער קונסט, איבער דעם מוזיקאַלישן ריז, וועמענס בראָנזענער

פּראָפּיל האָט פּאַר אונזערע אויגן זיך אַזוי שאַרף געשניטן אין דער דע־מערנדער לופט אין איבער דעם שפּרודלענדן פּאָנטאַן, וואָס האָט עקשנות־דיק זיך געהאַלטן אין איין רייסן אַרויף אין דער לופטן. איבער אונז אַליין אָבער האָבן מיר קיין וואָרט נישט געהאַט צו זאָגן. עפּעס האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר ביידע זענען איינס און איך האָב נישט גע־קאָנט אַנדערש דענקען, אַז ער פילט נישט דאָס זעלבע וואָס איך. גע־רעדט וועגן זיך אַליין האָבן מיר נאָר ווען מיר האָבן געשוויגן, ווען מיר האָבן זיך עטוואָס אָנגעקוקט אָדער אונזערע בליקן האָבן געקוקט אין דער טונקלענדיקער לופט.

איך האָב כמעט נישט באַמערקט, ווי די רויטע פייערלעך זענען איינגעוואַקסן אין די לאַמטערן און ווי די לופט האָט גענומען בלאָזן מיט אַ קילקייט פון זיך.

אַהיים זענען מיר נישט געקומען צוזאַמען. מיר האָבן נישט גע־וואָלט געבן דער שומרטע אַ געלעגנהייט רעדן וועגן וואָס צו רעדן. איך בין געקומען פריער און ער — אפשר צוויי שעה אַרום, ווען איך בין שוין אין בעט געלעגן און געטראַכט און געטרוימט פון אים.

16־טער יולי.

היינטיקער שבת איז מיין „נעקסט" צו גיין אויף וואַקאַציע. מיס האַלפּערן קומט צוריק די וואָך און מיס ציטראָן קאָן נישט גיין פאַר סוף יולי. מיין באַלעבאָס האָט מיר אָנגעזאָגט באַציטנס, איך זאָל זיך צוגרייטן אויף היינטיקן שבת, ווען נישט, וועל איך דאַרפן וואַרטן ביז מיטן אויגוסט.

איך גלייב, איך וועל טאַקע פאָרן אין „פליישמאַנס" און טאַקע ווייט פון באָן־סטאַנציע. איך פיל אַ באַזונדערע ליבע צו די זאַפטיק־גרינע בערג אין יענער געגנט, וועלכע באָדט זיך אין טוי און אין די גאָלדענע שטראַלן פון דער זון.

הילפּרייך האָט מיך היינט ווידער געטראָפן דאַון־טאַון. ער האָט מיר געהאָלפן איינקויפן איינציקע זאַכן פאַר דער קאַנטרי. דאַן האָבן מיר געמאַכט אַ לאַנגן שפּאַציר אין „פּאַרביסן" מיט „מוווינג פּיקטשורס". ער האָט מיר פאַרשפּראָכן אַריבערצוקומען אַ זונטיק אין „פליישמאַנס", ווען איך וועל דאָרט זיין.

קומענדיק אַהיים, האָב איך געטראָפן אַן אָנזיכט־קאַרטל פון דער „מיסיס״. זי לאָזט מיך הארצלעך גריסן און ווינטשט מיר אַ „גוט־טיים״. וועגן זיך, שרייבט זי, אַז זי געפינט זיך אין אַ „סוועל פּלייס״, ווו עס שטייען איין די רייכסטע לייט. זי ראָט מיר אויך צו קומען נאָך „האָני־טער״. זי איז אפילו גרייט צו גאַראַנטירן, אַז איך וועל נישט חרטה האָבן, ווען איך קום אַהין...

איך האָב אויך געטראָפן פיינמאַנס אַ וויזיט־קאַרטל, לאָזט ער מיר וויסן, קענטיק מיט כעס, אַז ער איז שוין צוויי מאָל געווען בײַ מיר און מיך נישט געטראָפן אינדערהיים.

# דאָס דרייצענטע בלעטל

17־טער יולי.

די שומרטע האָט געמאַכט אַן אונטערזוכונג בײַ מיר אין צימער. אויף דער קאָמאָדע און אין די שופלאָדן איז קיין זאַך נישט געווען אויף אַן אָרט. אייניקע בריוו האָב איך געפונען אַרויסגעשלעפּט פון שיידל און אין שאַנק זענען אַלע זאַכן געווען צעדרייט און צעוואָרפן.

— וואָס איז דאָ פאָרגעקומען, ווער איז דאָס געווען בײַ מיר אין צימער? — האָב איך געפרעגט מיט כעס די יידענע.

— קיין אחריות, כ׳לעבן! קיין מאַנסביל איז בײַ אייך אין צימער נישט געווען! — האָט דער מיסיס קוזינע געענטפערט מיט אַ נאַרישן שמייכל. — דאָס האָב איך געזוכט אַ נאָדל צו פאַרצירעווען עלקעס זע־קעלעך. זעט, ווי דאָס גייט אַרום (האָט זי אָנגעוויזן אויף איר ייִנגסטן מיידלס פיסלעך), די גאַנצע פּיאַטעס קריכן אַרויס, זאָלן די שונאי ישראל די אויגן אַרויסקריכן.

— נו, אַז מען זוכט אַ פאַרצירעווע־נאָדל, דאַרף מען מאַכן אַזאַ איבערקערעניש? — האָב איך אויסגערופן מיט אַ שטרענגן טאָן. איך האָב אָבער מיין טאָן גלייך געביטן, ווייל איך האָב געזען, אַז עס קאָסט די יידענע געזונט.

ווען איך זאָל נישט וויסן, אַז די יידענע קען נישט לייענען אַ וואָרט, נישט ענגליש, נישט יידיש, וואָלט איך זי געוויס חושד געווען, אַז זי האָט געזוכט שפּורן פון מיין סוד.

18־טער יולי.

איך האָב דערהאַלטן אַ לאַנגן בריוו פון בעסין. מיין געדולד האָט קוים אויסגעהאַלטן ביז איך בין דורכגעקראָכן די פערצן געדיכטע פאַר־

שריבענע זייטן. נו, אַ ביסל אָנגעפּלאַפּלט! דאָס מיידל שניידט זיך אויף אַן אמתע „יידענע“. זינט זי איז אַ כּלה געוואָרן, פיל איך, אַז מיר געהערן נישט מער אין איין וועלט. איך קאָן זען, אַז אַלע אירע געדאַנקען און געפילן זענען קאָנצענטרירט אויף איין קליין און באַשרענקט ווינקל און אַז אַלע אירע השגות פון גליק און צופרידנקייט זענען געבליבן שטיין בּאַ פיר צימערלעך מיט „אימפּרואוומענטס“. די גרויסע, שיינע, פרייע וועלט שיינט נישט מער צו עקזיסטירן פאַר איר.

זי שרייבט, אַז זי פאַרשטייט נישט די צייט אויף גאָרנישט אין קאָנטרי און זי האָפט צו קומען אַהיים מיט אַ גרויס רונד טישטוך און אַ האַלב טוץ סערוועטקעס, וואָס זי האַלט אין אויסנייען. „דו ווייסט דאָך“, שרייבט זי, „אַז מען פאַרזאָרגט נישט, האָט מען נישט“.

גאַנץ פיין, גאַנץ פּראַקטיש פון אַ צוקונפטיקער באַלעבאָסטע!

צווישן אַנדערס שרייבט בעסי, אַז זי האָט זיך באַגעגנט מיט מרס. הילפרייך אויף אַ „קאַונטרי פּעיר“, אַרום מיין באַלעבאָסטע האָט זיך אַרומגעדרייט אַ יונג בחורל, נאַר-וואָס פון „האַי-סקול“ אַרויס, אויף וועלכן אַ מיידל פון דער „פּאַרטיע“, מיט וועלכער מרס. הילפרייך איז געווען, האָט געשיינט צו זיין אײפערזיכטיק, ווייל זי האָט אים געהאַלטן אין איין סטראַשען, אַז זי וועט דערציילן זיין מאַמען, אַז ער טשעפּעט זיך צו פאַרהייראַטע ווייבלעך. מיין באַלעבאָסטע, שרייבט בעסי, האָט מיט איר פאַרצויגן אַ געשפּרעך וועגן מיר און פון וואָס איר שיינט, שרייבט זי, איז זי נישט צו שטאַרק באַגייסטערט וועגן מיר. מיין מרס. האָט איר געזאָגט, אַז ווען איך צי זיך פון איר אַרויס, וועט זי מער קיין מיידלעך אין איר הויז נישט אַריינעמען. מיט די מיידלעך איז צופיל „באָדער“, האָט זי געזאָגט, דאָס גאַנצע הויז איז פול מיט זיי. אַ מאַן אָבער, איז אַ פאַרגעניגן. עס איז נישט צו דערקענען, אַז עס איז דאָ אַ פרעמדער מענטש אין הויז.

19-טער יולי.

פון די אַלע פּלעצער, וואָס איך האָב געקריגן צוגעשיקט „ליטעראַטור“, שיינט מיר דאָס „סאָמיט-הויז“ צו זיין דאָס פּאַסנדסטע. עס איז אַרום פינף מייל פון באַן-סטאַציע, שטייט פינף און צוואָנציק הונדערט פוס הויך און איז אַרומגערינגלט מיט ריזיקע בערג און פּרעכטיקע לאַנד-

שאפטן. דערצו איז דאָס הויז מאָדערנע און האָט אַ באַלעבאַטישן קלאַס מענטשן.

מיך וווּנדערט נאָר דער ביליקער פּרייז. צען דאָלאַר אַ וואָך איז, דאַכט זיך, צו ווייניק פאַר אַזויפיל גוטע זאַכן. מיט צוויי יאָר צוריק האָט מיך געקאָסט דאָס זעלבע און איך האָב נישט געהאַט קיין העלפט פון וואָס איך לייען אין דער ליטעראַטור פון „סאַמיט הויז".

20-סטער יולי, שפּעט באַנאַכט.

די פּיט סטריטער יידענע איז אַוועק מיט אירע דריי טעכטערלעך זעען „מואווינג פּיקטשורס" און הילפרייך און איך האָבן זיך געפילט דעם גאַנצן אָוונט, ווי מיר וואָלטן געווען בײַ זיך אינדערהיים.

איך פיל, אַז מיט יעדן טאָג ווערן אונזערע הערצער אַלץ שטאַרקער צוזאַמענגעקניפּט.

איך וואָלט אַ גרויסער טייל פון מיין לעבן אַוועקגעגעבן, איך זאָל קאָנען וויסן, וואָס עס וועט זיין פון אונז ביידע אין אַ יאָר אַרום...

„סאַמיט-הויז", 21-סטער יולי באַנאַכט.

מערקווירדיק, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט אויף מיר געמאַכט דער אָנבליק פון די יונג-אַלטע קעטסקיל-בערג, וואָס פאַר אַ צויבערס איבן דידאָזיקע פרישגרינע ריזן אויס אויף מיר. די לויטערע, געזיפּטע לופט האָט מיט איין מאָל אַרונטערגענומען די גאַנצע דריקעניש פון מיין גייסט און איך פיל אַזוי לייכט צו מוט און אויף די פיס, אַז עס ציט מיך אַזש אינדערלופטן. דער אויסגעשטערנטער הימל הענגט איבער דעם בערג-ים מיט זיין בלויער און ברילִיאַנטענער פּראַכט און איבערן קאַרק פונם גרויסן באַרג, וואָס ליגט אויסגעצויגן ווי אַ מאָנסטער קראָקאָדיל הינטער אַ פּאָר קלענערע בערג, קעגנאיבער מיין פענצטער איז פאַרצויגן אַ טול פון אַ דינעם זילבערנעם געוועב. דער שטומער ריז קוקט אַריבער די שולטערס פון זיינע קלענערע חברים מיט אַ בליק פון אומענדלעכער רו.

איך פיל זיך אמת קיל אין מיין דינעם קליידל און מיר קאָן זיך בשום אופן נישט גלייבן, אַז אין ניו-יאָרק קאָן מען די נאַכט נישט שלאָפן פון היץ — וואָס איז געוויס אַ פאַקט.

די רייזע אויף דער שיף ביז קינגסטאָן איז געווען די אידעאַל־סטע, וואָס איך האָב ווען דורכגעמאַכט. איך בין מיר געזעסן אויף דער אייבערשטער דעק גאַנץ פּאַר זיך אין אַ ווינקל און מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך אַריינגעלעבט אין אַ וועלט פון לויטער גליק אין טרוים. ער איז געזעסן צוגעפּרעסט צו מיר און אין זיינע לייכטנדע, בלויע אויגן, האָב איך די שענסטע פּאָעזיע געלייענט. אָפט האָט אַ פייף פון אַ פאַר־בייפאָרנדיקער שיף, אָדער דאָס גערויש פון אַ צוג, וואָס האָט ווי אַ שלאַנג זיך געצויגן אַמאָל אויף דער זייט, אַמאָל אויף יענער זייט פון בלויען האָדסאָן, מיין פאַנטאַזיע צעשטערט און אויף אַ ווײַלע אָפּגעווישט זיין ליב געשטאַלט, אָבער באַלד איז ער ווידער געווען לעבן מיר און צוזאַ־מען זענען מיר געווען געטראָגן צווישן דער בערג־אַלעע איבערן קילן בלויען טייך, אַלץ ווייטער און ווייטער אין דער צוקונפט אריין.

אַרונטערגייענדיק פון דער שיף האָט אַ דזשענטעלמאַן, פון דעם העכערן טיפּ „סיילסמאַן”, זיך אָנגעבאָטן צו העלפן מיר מיט דער וואַ־ליזע. איך האָב אים אָבער אָפּגעדאַנקט און האָב געטראָגן אַליין די שווערע משא.

די רייזע אין דער באַן איז נישט געווען צו אָנגענעם. דאָך האָט זי פאַר מיר געהאַט אַ באַזונדערן רייץ. דער אָנזיכט פון די מאַיעסטעטי־שע בערג, וואָס זענען מיט יעדער סטאַנציע געוואַקסן אַלץ גרעסער און פּרעכטיקער, האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן די ענגשאַפט און גערודער אין דער באַן. די געהירצטע באַרג־לופט האָט גערייצט מיין לונג און די פאַרבייפליענדיקע לאַנדשאַפטן האָבן מיט זייער ווייכער פּראַכט פאַרטושט דאָס בילד פון דער ריזן־שטאָט און עס פאַררוקט אין אַ ווייט־ווייטן הינטערגרונט.

פאַרבייפאָרנדיק דעם קאָלאָסאַלן „ביג אינדיען”־באַרג, איז מיר פאָרגעקומען, אַז איך בין שוין טויזנט מייל פון ניו־יאָרק.

אַרונטערגייענדיק בײַ „פליישמאַנס”, האָט זיך פאַר מיינע אויגן פאָרגעשטעלט אַ גאַנץ יאַרידל. קאַרעטעס, אויטאָמאָבילן און אָמניבוסן אין די צענדליקער אָנגעפּאַקט, גרעסטנטיילס מיט מיידלעך און בחורים, זענען געווען אויסגעשטעלט אַרום דער קליינער סטאַנציע און געוואַרט אויף די באַלעבאַטים אָדער פורמאַנעס, וואָס זענען אַרומגעלאָפן פאַר־שוויצטע צווישן דעם נאַר־וואָס אָנגעקומענעם עולם. האָטעל־אייגנטימער,

באַרדינג־הויז באַלעבאַטים און אָנגעשטעלטע זענען געשטאַנען בײַ די גלאַנציקע שינעס און אויסגערופֿן די נעמען פֿון זייערע „פּלעצער" און פֿאַרפּוצטע זומער־„באָרדערס" און „באָרדערקעס" פֿון פֿאַרשידענעם עלטער האָבן זיך געשפּאַרט צווישן עולם און געקוקט אין די אָנגעפּאַקטע וועגן און געזוכט באַקאַנטע. הילכיקע „האַלאָוס" און קלינגענדיקע קושן האָבן זיך געטראָגן פֿון אַלע זייטן און אַ געדיכטער שטויב האָט אַלעמען איינגעוויקלט ווי מיט אַ שלייער.

איך האָב אַ היפּשע צײַט אַרומגעזוכט דעם וואָגן פֿון דעם „סאַמיט־הויז", איך האָב אים אָבער נישט געקאָנט געפֿינען. איך האָב געפֿרעגט בײַ אַ פּאָר באָרדינג־הויז־מענטשן, אויב זיי ווייסן נישט צי עמעצער איז דאָ פֿאַראַן פֿון דעם „סאַמיט־הויז" און זיי האָבן מיר געענטפֿערט קורץ אַז נישט. איין באָרדינג־הויז־מאַן מיט די אַרבל פֿאַרקאַשערט ביז די שולטערס, האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז אומזיסט מײַן וואַרטן, ווײַל פֿון דעם „סאַמיט־הויז" פֿאָרן זיי גאָר צו „גראַנד האָטעל"־סטאַנציע. ער האָט מיר פֿאַר איין גאַנג שטאַרק אָפּגעלויבט זײַן פּלאַץ, די „פֿעיר וויאו", וואָס איז „דער שענסטער און ביליקסטער אַרום פֿליישמאַנס" און האָט מיר געראַטן צו זעצן זיך אין זײַן „באָגי" און פֿאָרן מיט אים, אויב איך וויל הנאה האָבן פֿון מײַן וואַקאַציע.

דערווײַל איז אַ צווייטער צוג אָנגעקומען, דער אַזוי גערופֿענער „עקספּרעס" און אַ פֿרישער עולם יונגוואַרג האָט זיך אַרויסגעשאָטן פֿון די וואַגאָנען. די פֿאַרטרעטער פֿון די באָרדינג־הײַזער האָבן מיט אַ פֿרישקייט גענומען אויסרופֿן די נעמען פֿון זייערע פּלעצער און זענען געלאָפֿן יעדן פֿריש־אָנגעקומענעם אַנטקעגן, אויסציענדיק די הענט פֿאַר דעם באַגאַזש. איך האָב זיך אָפּגערוקט אָן אַ זײַט און געקלערט, וואָס איך זאָל דאָ טון. איך האָב זיך געפֿילט שטאַרק מיד פֿון דער רייזע און דערצו האָט מיך גענומען ציען אונטערן האַרץ פֿון הונגער. די וועגענער און אויטאָמאָבילן האָבן איינע נאָך די אַנדערע פֿאַרלאָזט די סטאַנציע און איך האָב גענומען מורא האָבן, אַז איך וועל בלײַבן אָן אַ פּלאַץ.

איך האָב נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס מען איז נאָך מיר נישט געקומען. איך האָב דעם אייגנטימער פֿון „סאַמיט־הויז" געלאָזט וויסן מיט צוויי טעג פֿריער, אַז איך פֿאָר אַרויס שבת מיט דער שיף.

איך האָב געגומען גליבן, אַז נישט אַנדערש, מיין בריוו איז נישט אָנגעקומען.

דער פּלאַץ אַרום באַן־סטאַנציע איז געוואָרן ליידיק. עס איז דאָרט פאַרבליבן נאָר די הינקענדיקע „באָגי" פון דער „פּעיר־וויאו". דער באַלעבאָס פון דער „באָגי" האָט פאַרשמייעט איינגעמאָשצעט אַ קליינעם קופערט הינטערן זיך און פאַרגנבעט געוואָרפן בליקן אויף מיר. ער האָט קענטיק נאָך געהאָפט, אַז איך וועל סוף־כל־סוף דאָך אָנקומען צו אים.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן קופערט, האָט ער לאַנגזאַם אַראָפּגעשאַרט די פאַרקאַשערטע אַרבל פון העמד — קוקנדיק אַלץ פאַרגנבעט אויף מיר — און געמאַכט קאָמפּלימענטן זיין ווייסע שקאַפּע, וועמענס האַלז איז באַם כאָמעט געווען אַזוי אויסגעריבן, אַז שטיקער ברוין־רויט פלייש האָבן זיך אַרויסגעזעען.

— נו, פריילין, — האָט דער אייגנטימער פון דער „פּעיר־וויאו" זיך געווענדט צו מיר, אויסגלייכנדיק די רימענע צודאַטן אויף זיין „דאַרלינג". — איר האָט נאָך אַ „טשאַנס", אויב איר ווילט מיטפאָרן, וועל איך אייך נעמען. אייער וואַרטן אויפן „סאָמיט־הויז" איז אומזיסט, זאָג איך אייך!

איך האָב נישט געוווּסט מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן, נאָר איין זאַך איז בײַ מיר געווען באַשטימט, אַז אין דער „פּעיר־וויאו", ווי שיין עס זאָל דאָרט נישט זיין, וועל איך אַהין נישט פאָרן.

דער ייִד האָט מיר צוגעוואָרפן אַ סאַרקאַסטישן „גוד־באַי", האָט אַ מאַך געטון אין דער לופטן מיט זיין צעבראָכענעם בייטש־שטעקל און די ווייסע שקאַפּע מיט דער הינקענדיקער „באָגי" האָבן זיך לאַנגזאַם אַרונטערגעגליטשט פונעם זאַמדיקן בערגל.

# דאָס פּערצענטע בלעטל

„סאַמיט-הויז", 18-טער יולי.

איך האָב איבערגעלאָזט מיין באַגאַזש אויף דער באַן-סטאַנציע און זיך גענומען לאָזן אין שטעטל, ווען אַנקומענדיק באַ אַ הילצערן בריקל, איז אַנגעפאָרן דאָס געשפאַן פון „סאַמיט-הויז". איך האָב געגעבן אַ צייכן דעם פורמאַן, ער זאָל צופאָרן צו דער סטאַנציע און ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, ווער איך בין און וואָס איך מיין.

— איר האָט מיר פאַרשאַפט אַ שיין ביסל אַרבעט, — האָט דער פורמאַן זיך אָנגערופן, אַנקומענדיק באַ דער סטאַנציע. — איך האָב געדאַרפט פאָרן אַהער צוליב אייך מיט אַזאַ אָנגעפאַקטן וואָגן אַזש פון גראַנד-האָטעל-סטאַנציע.

— איך גלייב נישט, אַז עס איז מיין שולד, — האָב איך געענטפערט. — אויפן אַנאַנס-ביכל, וואָס איך האָב געקריגן, שטייט, דאַכט זיך, בפירוש „פליישמאַן-סטיישאָן".

— אויב אַזוי, האָט מען אייך געשיקט אַן אַלט ביכל. — זינט דעם לעצטן זומער, ווען מען האָט פאַרראַכטן דעם „פּאָפּלאַר"-וועג, פאָרט מען פון אונז צו גראַנד-האָטעל-סטיישאָן, ווייל עס איז אַהין נעענטער און באַקוועמער.

ווען ער האָט זיך גוט אויסגעטענהט מיט מיר, האָט דער פורמאַן געעפנט דאָס טירל פון וואָגן און איך האָב זיך אַהין אַריינגעשפּאַרט.

דער געניטער טוצן פּאַסאַזשירן, פון וועלכע מער ווי העלפט זענען געווען פריש אָנגעקומענע האָבן, ווי שטאַרק זיי זענען געווען איינגעכרעסט, געמאַכט אַן אָנשטרענגונג און זיך נאָך אַ ביסל צוזאַמענגעדריקט, ביז עס איז געוואָרן באַ זעקס צאָל פּלאַץ, ווו איך האָב ווי עס איז זיך איינגעמאַשצעט און זיך געהאַלטן אויף דער גלייכגעוויכט. צו מיין רעכטער

זייט האָב איך געהאַט פאַר אַ שכנה אַ יונגע דיקע פרוי, אָן וועמענס קאָלאָסאַלע אָרעמס איך האָב זיך אַלע ווײַלע אָנגעשלאָגן. צו מײַן לינקער זייט איז געזעסן אַ בלאַסער, דאַרער יונגערמאַן, וועמענס שאַרפן עלנבויגן איך האָב געפילט ווי אַ שטיק האָלץ איבער מײַן היפּט און איך האָב אַלץ געציטערט, ער זאָל מיר נישט אויסרײַבן אַ לאָך אין בלוזע. איך האָב זיך אַלץ געדרייט און געמאָשצעט אויסצומײַדן דעם קנאָכיקן עלנבויגן, אָבער עס איז מיר נישט געלונגען.

אַריבערפאָרנדיק „לעיק סוויצערלענד", האָט דער וועג זיך גענומען דרייען אַרויף באַרג און די לאַנדשאַפט האָט זיך אַלע פאָר מינוט געביטן פאַר מײַנע אויגן. די טאָלן און די בערג האָבן יעדעס מאָל געקריגן נײַע פאָרמען און די מאַטע שטראַלן פון דער באַלד-פאַרגייענדער זון האָבן געוואָרפן אַ בלאַסן שימער אויף דער גרינער אומענדלעכקייט און דעם שמאָלן זאַמדיקן שטעג, וואָס האָט פונדערווײַטנס אויסגעזען ווי אַ העלער נאָט אויף אַ גרינעם קאַוויאָר. רעכטס און לינקס האָבן זיך געזעען באַרדינג-הײַזער מיט און אָן „העמאַקס" אַרום און אויף די פּאַשעפעלדער, באַ די פיס פון די בערג האָבן זיך באַוועגט שוואַרצע, ווײַסע און רויטע פלעקן.

פון גאַנץ ווײַט, האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט דאָס שווערע סאַפּען פון אַ לאָקאָמאָטיוו: פּאַ—פּאַ—פּאַ — און אַ מאָטער-אָפּקלאַנג, וואָס האָט זיך פיר-פינף מאָל ווידערהאָלט, וואָס ווײַטער אַלץ שוואַכער. הינטער דער בערג-גרופּע צו דער לינקער זייט. עס איז מיר פאָרגעקומען, ווי איך וואָלט געהערט אַ שטימע פון יענער זייט וועלט און אין דער לופט האָב איך, דאַכט זיך, געזעען שוועבן אַ געהיימניש, וואָס האָט געריצט דאָס האַרץ און געצויגן דעם גייסט אין ווײַטע, ווײַטע מרחקים.

וואָס העכער מיר זענען געקומען, אַלץ דינער איז די לופט געוואָרן. דער קלאָרער, בלויער הימל איז געהאָנגען ווײַט און ברייט איבער די געפלאָכטענע בערג-קייטן און דאָס העלע גרין באַ זיין מערבדיקן ברעג, האָט קענטיק, געזוכט צו קאָנקורירן מיט דעם זאַפטיק גרינעם פון דער מאַיעסטעטישער לאַנדשאַפט. באַלד האָט גאָלד-אָראַנזשן-קאָליר זיך גענומען מישן אין דעם ליכטיק גרין פון ברעג הימל און די מאַט געוואָרענע זון האָט זיך גענומען צערונצעררוקן הינטערן קאַרק פון אַ לאַנגן

פֿלאַכן באַרג, וואָס איז געוועז באַוואַקסן אין סאַמע שפּיץ מיט אַ טשופּ פֿון געדיכטע קליינע ביימלעך.

אין וואָגן האָט זיך געטומלט און גערודערט. אַ גרופּע פֿון פֿיר, צוויי בחורים און צוויי מיידלעך, וואָס זענען געזעסן אין פֿאָרנט לעבן זשאָנטרייבער, האָט געבילדעט אַ קוואַרטעט און געזונגען אונטער דער נאָז מאָנאָטאָנע סערענאַדעס, די איבעריקע האָבן גערעדט און געשמועסט וועגן פֿאַרשידענע זאַכן, בלויז מיין שכן מיט די האַרטע ביינער און דאָס פֿאָרל, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער מיר און וועלכעס איז באַשטאַנען פֿון אַ מיטליערן מאַן מיט אַן אויסגעקראָכענעם קאָפּ און אַ יונג אָנגעפּאַרבט מיידל, האָט די גאַנצע צייט זיך געהאַלטן אין איין טוליען און דריקן איינער צום אַנדערן.

מיט זון-אונטערגאַנג זענען מיר אָנגעקומען צו דעם „סאָמיט-הויז", ווען אַלע זענען שוין געווען באַלד פֿאַרטיק מיטן אָוונט-מאָלצייט.

19-טער יולי.

ערשט דאָס צווייטע מאָלצייט אָפּגעגעסן אין קאָנטרי און מיר קומט פֿאָר, אַז איך בין פֿון ניו-יאָרק שוין ווער ווייסט ווי לאַנג. איך ווייס, אַז נאָר דער ערשטער טאָג אויף אַ פֿרישן פּלאַץ ציט זיך לאַנג, דער צווייטער וועט פֿאַרבייגיין שנעלער און דער דריטער און פֿערטער — נאָך שנעלער, ביז די גאַנצע וואַקאַציע וועט ווי אַ חלום פֿאַרביילויפֿן.

איך בין אויפֿגעשטאַנען גלייך מיט זון-אויפֿגאַנג און בין אַרויס אויף אַ שפּאַציר. דאָס זאַמד אויפֿן שמאָלן וועג איז געווען פֿייכטלעך און די גראָזן און די ביימלעך אויף די זייטן האָבן זיך געבאָדן ממש אין טוי. פֿון די געדיכטע קוסטעס באַ די נידעריקע שטיינערנע צוימען פֿון ביידע זייטן וועג האָבן אַרויסגעקוקט איבערצייטיקע מאַלינעס, צייטיקע און האַלב צייטיקע „בלעקבעריס" אין אַ גוואַלטיקער שפֿע. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, האָב אָנגעריסן פֿולע הויפֿנס און געשיט אין מויל אַריין. די לופֿט האָט געאָטעמט מיט פֿרישקייט, מיט חיות און דער אַנבליק פֿון דער אומענדלעכקייט אַרום און די קאָלאָסאַלע פֿאָרמען פֿון די בערג האָבן מיך פֿאַרזעצט אין אַ טיפֿער מטושטשדיקער פֿאַרטראַכטקייט. מיינע פֿיס האָבן לייכט מיך געטראָגן. באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, איבערן פֿייכטלעכן זאַמד און בעת מיין לונג האָט אין זיך איינגעזאַפּט

די געלייטערטע און געווירצטע לופט, איז פון קאָפּ מיר ווי אַ טשאַד געקראָכן. דער הו־הא פון דעם ריזיקן ניו־יאָרק; דאָס אומאויפהערלעכע פליען, רוישן און טומלען, דאָס טרעטן איינער דעם צווייטן אויף די פיס, דאָס רייבן זיך זייט אָן אַ זייט, דאָס קריכן אויף טרעפּ אין הענגען אויף רימענס אין באַנען, אונטער דר'ערד און אין דער לופטן — איז מיר פאַרגעקומען, ווי עס וואָלט געווען פאַררוקט ווייט הינטער אַ דיק, קוים דורכזיכטבאַר מאַט גלאָז. עס האָט זיך מיר כמעט נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס טומלדיקע ווינקל, וואָס הייסט ניו־יאָרק און די גרינע אייביקע רו, וואָס הענגט איבער די בערג, זענען טיילן פון איין שאַפונג. דער אונטערשיד צווישן די צוויי איז מיר פאָרגעקומען פּונקט אַזוי, ווי דער אונטערשיד צווישן דער פרישער יוגנט און דער מאַטער אַלטקייט, אָדער צווישן דער שטראַלנדער האָפנונג און דער פינצטערער פאַר־צווייפלונג.

איך האָב זיך געפילט ניי־געבוירן, ווען איך האָב ציל־און־צוועקלאָז זיך געלאָזט איבערן שמאָלן וועג. די זון האָט זיך לאַנגזאַם געהויבן פונעם טאָל, וואָס האָט דורכגעשניטן די בערג־מאַסע צו מזרח צו און די בלע־טער און גראָזן האָבן ביסלעכווייז אַראָפּגעשאָקלט די טוי פון זיך. אין ווייטן טאָל האָבן שטיקער ווייס־גרויען נעפּל זיך געשאַרט איבערן גרונט, וועלכע זענען צעקראָכן און פאַרשוואונדן, אַנקומענדיק באַ די פעסטע קער־פּערס פון די בערג. די לופט איז געווען פאַרפלייצט מיט צערטלעכע ליכט און דורכגענומען מיט פייגל־געזאַנג און דאָס רוישן פון אומזיכט־באַרע שטראָמען און וואַסער־פאַלכלעך.

איך האָב נישט באַמערקט, אַז איך בין פאַרקראָכן אַזוי ווייט. דאָס קלינגען פון אַ גלעקל האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין פאַרטראַכטקייט, און ווען איך האָב זיך זרומגעקוקט, האָב איך דערזעען, אַז איך געפין זיך נישט ווייט פון אַ גרויס ווייס געפאַרבט באָרדינג־הויז, וואָס קוקט אַרויס פון צווישן געדיכטע ביימער.

איך האָב געוווּסט, אַז דאָס גלעקל האָט עס גערופן די „באָרדערס" פון דעם ווייסן הויז צו פרישטיק און האָב גענומען גיין האַסטיק צוריק צום „סאָמיט־הויז".

דער עולם האָט זיך שוין גענומען אויפהייבן פון די טישן, ווען איך בין אין עס־זאַל אַריין און דער קעלנער, וואָס האָט אויפגעפּאַסט אויף

מיין טיש, האָט מיך געבעטן, מיט עכט-קעלנערישער העפלעכקייט, צו קומען ווייטער אין צייט, ווייל ער קאָן נישט געבן עסן יעדן איינעם באַזונדער.

אינאָווגט.

איך האָב זיצנדיק בײַם מיטאָג איבערגעציילט נײַנציק מענטשן אַרום די טישן, אַ חוץ די פּאָר טוץ קינדער, וואָס האָבן געקריגן זייער עסן אַ האַלבע שעה פריער און אין דער גאַנצער מאַכע האָב איך באַמערקט קוים אַ פּאָר, וואָס זעען אויס צו זיין פיל ווייניק אינטערעסאַנט. די „סטאָר באָרדערס" זעען אויס צו זיין די פיליפּס פאַמיליע, וועלכע פאַרנעמט אַ לאַנגן טיש פאַר זיך אַליין.

די פיליפּס זיצן סאַמע אויבנאָן און זיי ווערן די ערשטע באַדינט פון די קעלנערס. אין פאַרלויף פון דינער האָב איך באַמערקט דעם באַלעבאָס אפשר פינף מאָל צוקומען צו זייער טיש, צו זעען אויב עפּעס חלילה איז דאָרט נישט אין אָרדנונג. דער אַלטער מר. פיליפּס, אויף וועלכן מען זאָגט, אַז ער פאַרמאָגט אפשר פערציק הייזער אין ניו-יאָרק, אַ חוץ אַ גרויס שמאַטעס-געשעפט, רעדט אַ געבראָכענעם דייטש צוגעמישט מיט ענגליש און לשון-קודשדיקע ווערטער, ווי: מזומן, מכולה א. ד. גל. זיין פרוי, אַ זקנה פון אַ יאָר זיבעציק, האָט אַ שטייפע טאָפּלטע מאָרדע, וואָס איז אין ווידערשפּרוך צו די טיפע קנייטשן אויף איר אייבערשט האַלב פנים. איר נאָז איז זייער לאַנג און פאַרשפּיצט ווי בײַ אַן אַלטער סאָווע. זי רעדט דעם זעלבן דייטש, וואָס איר מאַן, און מישט אַריין די זעלבע העברעישע ווערטער. וואָס ער. די יונגע פיליפּס, און גאָר די יונגיטשקע, די אייניקלעך, שפּילן די ראָלע פון אמתע יענקיס און אויסער די סאָווע-נעזער איז אויף זיי נישט צו דערקענען, אַז זיי געהערן זיך אָן מיט דעם אַלטן דייטש-יידישן פּאָר. די גאַנצע משפּחה, ווי איך באַמערק, האַלט זיך אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. די אַלטע זיצן אין אַ באַזונדער ווינקל אויף דער וועראַנדע און די יונגע שפּילן אויף אַ באַזונדערן פּלאַץ אין סאָד.

מיט מיר בײַ איין טיש זיצן פיר מיידלעך, לערערינס. זיי זעען אויס צו זיין אַלע נישקשהדיקע מיידלעך. איבערהויפּט די ברונעטקע, וועלכע האָט אַזאַ צוציענדיק פּנים. פאָרן זיי אָבער אַלע שוין אַהיים פריי-

טיק, מרס. גאָלד, וועלכע זיצט פונקט מיר קעגנאיבער, קאָן איך נישט פאַרטראָגן. זי זעט אויס צו זיין אַ פּשוטע מענער־פּרעסערקע... דער דאַרער יונגערמאַן, וואָס האָט נעכטן, פאַרנדיק פון סטיישאָן מיר שיער געמאַכט אַ לאָך אין דער זייט מיט זיין שאַרפן עלנבויגן, זיצט באַם ווינקל טיש צו מיין לינקער זייט און ווען איך דריי אום מיין קאָפּ פאַלט מיין בליק אויף זיין אויסגעדרייטן ביינערדיקן פּראָפיל, און מיך נעמט אַזש איבלען.

דער הויכער ברונעטער יונגערמאַן אין „פּאַלם ביטש"־אָנצוג, האָט באַם דינער פאַרגנבעט געוואָרפן נייגיריקע בליקן אויף מיר. איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט אין דער זעלבער צייט אויך געקוקט אָפט פאַר־אינטערעסירט אינם ווינקל, וווּ עס זיצן צוויי ברונעטע מיידלעך און די דיקע פרוי, וואָס איך האָב נעכטן געהאַט פאַר אַ נאָענטער שכנה אין וואָגן. מיר שיינט, אַז ער איז נאָך דאָ אַ גרינער" און איז נאָך נישט באַ־קאַנט מיטן עולם.

נאָך סאַפּער וועל איך פון צימער נישט אַרויס, ביז איך וועל האָבן אָנגעשריבן בערנאַרדן אַ לאַנגן, לאַנגן בריוו. איך וועל אים שרייבן אין וואָס פאַר אַ פּלאַץ איך געפין זיך און ווּיפיל שענער און פרעכטיקער דער פּלאַץ וואָלט געווען אין מיינע אויגן, ווען ער איז דאָ מיט מיר.

# דאָס פינפצענטע בלעטל

20־סטער יולי,

ווען איך האָב מיך געלייגט שלאָפן איז דער הימל געווען אַזוי קלאָר און די לופט אַזוי שיין און ריין, און איצט איז אַלץ פאַרצויגן מיט אַ גרויקייט. די שפּיצן פון די בערג זענען פאַרדעקט פון נעפּל און עס זעט אויס ווי אַ רעגן וואָלט געהאָנגען אין דער לופטן. פרויען און מענער זיצן אויף די וועראַנדעס און טוליען זיך אין וואַרעמע „סוועטערס" און פון עס־זאַל פאַרטראָגט זיך דאָס געריוש פון געשיר און דאָס ארומפּאַרען פון די קעלנערס. אַ פּאָר יונגע ווייבלעך אויפן אונטערשטן עטאַזש פון דער „הויפּט־שטוב", קענטיק שוועסטער, זענען באַשעפטיקט אין אויסריכטן זייערע מענער צום „האָזבענד־טריין". וועלכער גייט אָפּ גלייך נאָך פרישטיק, און דער אַלטער מר. פיליפס גייט אַרום אין זיינע טיפע שטעק־שיך איבערן שמאָלן שטעגעלע אין פראָנט פון הויז און רייכערט זיין פאַיפ מיט גרויס הרחבה.

איך האָב געמאַכט אַ קליינעם שפּאַציר צום טייכל הינטערן אַלטן שייער. דאָס וואַסער איז אַזוי שטראָמיק געפלאָסן איבער די שפּיציקע שטיינער און דאָס פלעטשערן האָט אַזוי געהיימנישפול אָפּגעקלונגען אין דער גרויער לופט...

באַנאַכט

און ווידער ליגן די מאַיעסטעטישע בערג אויסגעצויגן אונטער אַ קלאָרן בלויען הימל, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט פינקלענדיקע שטערנדלעך און די לופט אָטעמט מיט פרישקייט און אייביקייט!

דעם היינטיקן אָוונט וועל איך נישט פאַרגעסן כל־זמן איך וועל לעבן. דאָס איז געווען אַן אָוונט פון גענוס, פון אומדערוואַרטעטן גענוס,

פון וועלכן מיין גייסט איז אַ באַטרונקענער פאַרטראָגן געוואָרן אין די שענסטע געגנטן פון דער לאַנד־פאַנטאַזיע! און דאָס האָב איך מיס בעלקין צו פאַרדאַנקען.

אַזאַ אינטערעסאַנט מיידל די מיס בעלקין, אַזוי שאַרף און גייסט־רייך, אַז מיט יעדער מינוט דערשיינט זי אַ פריש ניי געשטאַלט. איך בין, אויסער מיט בערנאַרדן, נאָך קיינמאָל נישט צוזאַמענגעקומען מיט אַ מענטש, וואָס זאָל קאָנען האַלטן אַזוי געשפּאַנט מיט זיין פּערזענלעכקייט, ווי זי. זי האָט מיך צוגעצויגן פון דער ערשטער מינוט, וואָס אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט.

זי האָט מיך נאָכמיטאָג געפרעגט אויב איך בין אַ בעלנטע צו נעמען אַ לאַנגן שפּאַציר נאָך סאַפּער. אַ שפּאַציר פון אַמווייניקסטנס פיר מייל הין און צוריק, און נישט פרעגנדיק וווהין זי וויל עס גיין, האָב איך געזאָגט אַז יאָ.

גלייך נאָך סאַפּער האָבן מיר זיך שטיל אַרויסגערוקט פון הויז, כדי אומגעהינטשטע באַגלייטער זאָלן זיך צו אונז נישט צוטשעפּען, און מיר זענען געגאַנגען מיטן וועג, וואָס נעמט זיך באַרג אַרויף. מיס בעלקין האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז זי האָט פאַר מיר אַן איבעראַשונג.

באַ אַ האַלבן מייל פון „סאָמיט־הויז" האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט אַ שמאָל, זייטיק שטעגל, און די פייערלעך אין די פענצטער פון דעם גרויסן באָרדינג־הויז זענען מיטאַמאָל ווי אויסגעלאָשן געוואָרן. אַלץ אַרום אונז איז געווען איין טונקעלע מאַסע, ערטערווייז געדיכטער, ערטערווייז שיטערער, און ווען נישט דער שמאָלער שטרייף אויסגעשטערנטער הימל, וואָס האָט אַרונטערגעקוקט פון צווישן די ביימער, וואָס די ביידע זייטן פון שמאָלן וועג, וואָלטן מיר דעם וועג דאַרפן טאַפּן מיט די הענט. יונגע צווייגלעך האָבן זיך לייכט באַוועגט איבער אונזערע קעפּ און די בלעטער האָבן אין דער קוים אָטעמענדיקער לופט זיך געהיימנישפול געריבן איינע אָן די אַנדערע. אַ מאָדנע געפיל האָט מיך דורכגענומען. מיר איז פאָרגעקומען, ווי מיין גאַנצער איך וואָלט צעשוומען און זיך פאַרלוירן אין דער טונקעלער אומענדלעכקייט אונטער דעם ווייטן אויסגעשטערנטן הימל. איך האָב מיך געהאַלטן אין איין טוליען צו מיס בעלקין, פּונקט ווי איך וואָלט וועלן פילן און זיך איבערצייגן, אויב איך בין נאָך דאָ.

באַלד האָט דאָס פּלעטשערן פֿון אַ שטראָמל זיך דערטראָגן צו מײַנע אויערן און די געהיימניספֿול־מאָנאָטאָנע שטימונג אַרום איז אַ ביסל אונטערבראָכן געוואָרן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אונזער קאָמפּאַניע איז גרעסער געוואָרן און עס איז מיר געוואָרן היימלעכער אויפֿן האַרץ. אַ שטערן האָט זיך געטון אַ האַכטיקן רוק איבערן הימל און מיר איז פֿאַרגעקומען, ווי ער האָט דורך דעם מיך געוואָלט איבערציִיגן, אַז די וועלט איז נאָך נישט פֿאַרגליווערט געוואָרן.

מײַן פֿרײַנדין איז געווען שטאַרק פֿאַרטראַכט. זי האָט ווען־נישט־ווען אַ וואָרט אַרויסגערעדט, אָבער איך האָב געפֿילט, אַז זי האָט עס געטון בלויז צו אונטערברעכן די טויטע שטילקייט און מיך אַ ביסל אויפֿמונטערן. זי האָט געהאַלטן מײַן אָרעם פֿעסט אין אירן און האָט צוגעדריקט איר ווײַכן שולטער צו מײַנעם.

די שמאָלע אַלעע האָט זיך געענדיקט און אין דער זעלבער צײַט האָט דאָס גערויש פֿון טײַכל אויפֿגעהערט. דער וועג האָט גענומען פֿירן אויף אַ משופּעדיקן באַרג און מיר האָבן זיך איינע די אַנדערע צוגעהאָלפֿן קלעטערן. אַרויפֿקומענדיק אויפֿן שפּיץ באַרג, האָט פֿאַר מײַנע אויגן אַ בלישטש געטון אַ רויט פֿײַערל פֿונדערווײַטנס.

באַרג אַראָפּ איז דער וועג געגאַנגען לײַכטער, דאָס פֿײַערל איז וואָס אַמאָל געקומען אַלץ נענטער אונדז אַנטקעגן, ביז עס האָט זיך צעשפּאָלטן און עס זענען פֿון אים געוואָרן פֿיר־פֿינף פֿײַערלעך. די פֿאָרם פֿון אַ העל־גרוי הויז האָט שאַרף אָפּגעשטאָכן פֿון דעם טונקעלן הינטערגרונט און מיר איז פֿאַרגעקומען, ווי עס וואָלט געווען אַ קליין ליכטיק אינזל אינמיטן פֿון אַ גרויסן פֿינצטערן ים.

אַ הונט האָט זיך צעבילט און די לופֿט איז פֿול געוואָרן מיט זײַן געביל. איך האָב אינסטינקטיוו געמאַכט אַ טריט אויף צוריק און אַ ציִ געטון מײַן פֿרײַנדין פֿאַרן אָרעם. מײַן פֿרײַנדין האָט מיך אָבער געצויגן נאָך זיך, פֿאַרזיכערנדיק מיך, אַז דער הונט איז אָנגעשמידט צו אַ קייט.

אויף מיס בעלקינס ראַט האָבן מיר זיך געזעצט אויף אַ נידעריקן פֿלאַכן שטיין, אַ פּאָר הונדערט טריט פֿון הויז. איך האָב זי געפֿרעגט מיט אַ שפּאַס, צי איז דער „סורפּריז“, און זי האָט געענטפֿערט מיט אַ האַלב מויל, אַז זי האָט מיך אָפּגענאַרט.

זי האָט מיר גענומען דערציילן וועגן פֿאַרשידענע פּערזאָנען אין

אונזער באַרדינג־הויז, און עס האָבן זיך פון איר געשאָטן ברילּיאַנטענע באַמערקונגען. איך האָב אויסגעהערט מיט פיל אינטערעס און האָב כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן ווו איך געפין זיך, ווען מיטאַמאָל האָבן זיך גענומען טראָגן טענער פון אַ פידל אין דער לופט.

די טענער זענען געווען אַזוי נשמהדיק פאַרבענקט, אַז מיר איז פאַרגעקומען, ווי דער גייסט פון דער נאַכט האָט זיך פון חלום צעזונגען. באַלד האָבן טרעלן מיט אַ זילבער־קלאַנג און מיט אַ סאַמעט־ווייכקייט זיך געשלענגלט אין דער טיפער שטילקייט און באַלד האָט אַן אויסגעצויגע־נער טאָן אַמאָל ערנסט־טיף און אַמאָל שניידנדיק־שאַרף אָנגעפילט די לופט מיט צויבער און געהיימניש.

— ווו זענען מיר, וואָס קומט דאָ פאָר? — האָב איך כמעט אויס־געשריגן, אַרומכאַפנדיק מיין פריינט אין מיינע אָרעמס.

— דער נאַכט גייסט שפּילט קאָנצערט, — האָט מיט בעלקין זיך האַרציק אין דער שטיל צעלאַכט. — נאָר שאַ, שאַ, מאַכט נישט קיין גערודער. די ווונדערבאַ־ע טענער זענען ווייטער געפלאָסן ווי פון אַ געהיימען קוואַל, דאָ אין אויסגעצויגענע אומעטיקע מעלאָדיעס און דאָ — לוסטיק ברענענדיקע, וועלכע האָבן אין מיר אַזש דאָס האַרץ געמאַכט צאַפּלען.

— דאָס שפּילט ער איצט בראַמס אַ „הונגאַרישן טאַנץ״, — האָט מיט בעלקין מיר שטיל אין אויער איינגערוימט. — דאָס איז די בעסטע אונגאַרישע מוזיק, די העכסטע און די זיסטע. מיר וואָלט נישט מיאוס געוואָרן צו הערן זי טאָג און נאַכט.

דאָס שפּילן איז באַלד אונטערבראָכן געוואָרן, נאָר אין די אויערן האָט מיר נאָך אַלץ געקלונגען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די באַצוי־בערנדע טענער, וואָס איך האָב נאָר־וואָס מיט האַרץ און נשמה געשלונ־גען, טראָגן זיך אין האַרמאָנישן געפלעכט פאַרבלאַסטע ווייט אַרום די שפּיצן פון די ריזיקע בערג, וואָס די נאַכט האָט אין אַ טיפן דרימל פאַרוויגט.

איידער איך האָב מיין אָנטציקונג געקאָנט אויסדריקן צו מיין חברטע, האָט פון דעם הויז, וואָס איז, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אונז אַ שטיק וועג אַנטקעגנגעקומען, זינט מיר האָבן זיך אויפן שטיין געזעצט, זיך ווידער גענומען טראָגן דער זיסער קלאַנג פון סטרונעס. אַ טיף־

ערנסטע מעלאָדיע, פון וועלכע דער גייסט פון הייליקער דערהויבנקייט האָט געשוועבט. האָט זיך גענומען מאַיעסטעטיש־לאַנגזאַם טראָגן פון דער נאַכט אַרויס צו די פינקלענדיקע שטערנדלעך אַרויף און אַ יראת הרוממות האָט מיך אָנגעכאַפּט, פּונקט ווי איך וואָלט מיך אין אַ מקום קדוש געפונען.

— דאָס שפּילט ער די „אודע־מאַריע", — האָט מיין פריינט געזאָגט. — דידאַזיקע מוזיק איז, גלייב איך, די הייליקייט אַליין. פון קיין גרעסערע, הייליקערע תפילה איז גאָר אַ מענטש נישט ביכולת צו דענקען און איבערהויבט נאָך, ווען מען הערט עס אין אַזאַ סביבה און אין אַזאַ שעה.

נאָך אַ קורצער פּויזע האָט די פידל זיך ווידער צעשפּילט און אַ בענקען, אַ האַרץ־קלעמענדיק בענקען האָט זיך פאַרשפּרייט אינ־דערלופט.

— דאָס איז שאָפּענס אַ „נאָקטורן", — האָט מיין חברטע געזאָגט, זיך דריקנדיק צו מיר מיט אַנטציקונג. — איז דאָס מוזיק! עס קאָן, דאַכט זיך, אויפוועקן ליבע און בענקען אין דעם האַרץ פון אַ שטיין.

באַלד איז ווידער געווען אַ פּויזע, אַ לענגערע, ווי די פריערדיקע. דער הונט האָט אַ פּאָר מאָל געלאָזט הערן זיין שטימע, ווי ער וואָלט פאָדערן נאָך מוזיק, און טאַקע באַלד האָט זיך די פידל ווידער גע־לאָזט הערן.

ווייכע, זיידענע טענער האָבן גראַציעז זיך אינדערלופט גענומען באַוועגן, אַזוי צאַרט, אַזוי ליבלעך זענען זיי געווען, פּונקט ווי פון אַ יונג פאַרליבט פייגעלע. די טענער זענען געווען אַזוי דין, אַזוי דעלי־קאַט, אַז איך האָב געציטערט, אַז די האַנט, וואָס ברענגט זיי אַרויס, זאָל חלילה נישט אַ ציטער טון און צערייסן דעם וונדערבאַרן געוועב פון די צאַרטע קלאַנגען.

— דאָס שפּילט ער שומאַנס „פאָגעל אַלס פּראָפעט" — האָט מיס בעלקין געזאָגט, צודריקנדיק אַ קוש אויף מיינע ליפּן.

ווי אין חלום האָב איך זיך אויפגעהויבן, ווען דאָס שפּילן איז געווען צו ענד. איך האָב זיך פעסט צוגעטוליעט צו מיין חברטע און

מיינע ליפּן האָבן שטיל געפליסטערט: בערנאַרד, בערנאַרד, ווי הימליש, ווי געטלעך!

אויפן וועג צוריק האָט מיר מיס בעלקין געזאָגט, אַז דער שפּילער איז מיט יאָרן צוריק געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די גרעסטע פידל־קינסטלער אין דער וועלט. איצט איז ער אַלט און צוריקגעצויגן און נאָר אין די ענגערע מוזיקאַלישע קרייזן ווייסט מען ווער ער איז.

## דאָס זעכצענטע בלעטל

21 סטער יולי.

איך קאָן קיין ווערטער נישט געפינען אויסצודריקן מיין שמחה. זונטיק קומט בערנאַרד! אָט ליגט זיין בריוו פאַר מיינע אויגן!

— מיין איינציקע ליבע, — שרייבט ער, — איך צייל די מינוטן עס זאָל שוין קומען דער זונטיק. איך וועל אַרויספאָרן מיט דער „מילך־טריין" דריי פאַרטאָג און וועל אָנקומען צו גראַנד־האָטעל־סטאַנציע אַרום צען. אָ, וואָלט איך געקאָנט מיט אַ לופט־שיף צו דיר פליען, וואָלט אונז ביידע געווען פאַרשפּאָרט אַזוי פיל שעה פון האַרן און בענקען!

אפשר הונדערט מאָל האָב איך דאָס ליבע בריוול צו דער ברוסט געדריקט און מיט קושן באַדעקט. אַ שעה נאָכאַנאַנד האָב איך זיך דער־מיט אין צימער פאַרשפּאַרט, האָב עס געקערט אַהין און צוריק און האָב געזוכט צווישן די שורות און די ווערטער דעם סוד פון בערנאַרדס גרויסע, הייליקע ליבע.

מיס בעלקין האָט מיך געזוכט אַרום הויז. איך האָב געהערט ווי זי האָט מיך גערופן, איך בין אָבער געווען אַזוי פאַרזונקען אין געפילן, אַז איך האָב דאָס מויל נישט געקאָנט עפענען צו ענטפערן.

באַנאַכט.

דעם גאַנצן נאָכמיטאָג האָט דאָס „סאָמיט־הויז" אויסגעקוקט ווי אַ פּוסטע קרעטשמע. עס איז געווען שטיל אין אַלע ווינקעלעך און אויסער דעם דומפּן קלאַפּן פון געפּעס אין קיך און דעם פאַרשטיקטן שרייען פון אַ בייבי אין אַ הינטערשט צימער, האָט זיך פון ערגעץ קיין פאַרע נישט געהערט. צוויי אַלטע ווייבער זענען געזעסן אין שאָטן אויף דער וועראַנ־דע, איינע מיט אַ צייטונג אין דער האַנט און די צווייטע מיט אַ נאָר־

וואָס אָנגעהויבענעם זאַך. זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלט געווען ברוגז איינע אויף דער אַנדערער. די מיט דעם זאַך האָט געציילט די אייגלעך מער אין זיך ווי אויפן קול און יעדעס מאָל, וואָס זי האָט געענדיקט אַ רייע, האָט זי ביידע הענט אין שויס אַראָפּגעלאָזט, האָט געוואָרפן אַ קוק פון דער זייט אויף איר שכנהטע און גלייך זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט.

די פיליפּס משפחה איז אַרויסגעפאָרן אויף אַן אויטאָמאָביל, אַ סך פון די עלטערע מענער און פרויען האָבן זיך צוגעלייגט דרימלען, אַ קאָמפּאַניע פון אַ צען-צוועלף יונגוואַרג איז אַוועקגעפאָרן אין פליישמאַנס און די איבעריקע פון באָרדינג-הויז האָבן זיך פאַרטיילט אין עטלעכע גרופּן און פאַרקליבן אונטער די געדיכטע עפּל-ביימער אין סאָד. די זון האָט געשאָטן ווי מיט פייער און נאָר אַ דאַנק דעם לייכטן ווינטעלע, וואָס האָט ווען-נישט-ווען אַ בלאָז געטון, האָט מען די היץ געקאָנט אַריבערטראָגן. דער ריח פון דעם פריש-אָפּגעשניטענעם היי אַריבערן וועג האָט זיך צעטראָגן אין בשמים-כוואַליעס אינדערלופט און איך האָב געפילט אַן אָנגענעמע מידעקייט אין מיינע אברים און די אויגן האָבן זיך געקלעפּט צום שלאָפן.

איך האָב נישט געקאָנט ווידערשטיין די מיד מאַכנדיקע היץ און דעם באַרוישנדיקן ריח. איך האָב מיך אויסגעצויגן איבער דער ברייט פון בעט און צודריקנדיק בערנאַרדס בריוו פעסט צו מיין ברוסט, בין איך איינגעשלאָפן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז די זון שוין געהאָנגען איבערן קראָקאָדיל פאַרמירטן באַרג. די לופט האָט געאָטעמט מיט פרישקייט און דאָ און דאָרט האָבן יונגע מאַמעס אויסגעריכט זייערע קינדער צום סאַפּער.

איך האָב זיך געפילט גוט אָפּגעפרישט נאָכן לאַנגן דרעמל און עס האָט מיך אָנגענומען אַ חשק צו לויפן, צו שטיפן.

איך האָב אויסגעזוכט מיס בעלקין און באַלד האָבן מיר ביידע זיך געלאָזט אין וועט-געלויף צום טייכל, הינטערן אַלטן שייער, אַ מהלך פון אַ מייל. מיר האָבן זיך געוועט, ווער עס וועט אָנקומען פריער און איך האָב טאַקע דעם וועט געוווּנען.

באַם טייכל האָבן מיר געטראָפן זיצן מר. גרילץ און די דענ-

טיפסטקע. מר. גרילי איז געווען אויסגעפוצט אין זיין „פאלם־ביטש"־אנצוג, מיט וועלכן ער האט, קענטיק, געזוכט אויסצונעמען בא דעם שיינעם גע־שלעכט און דאס געשטופלטע ווייבל איז געווען אויסגעפוצט אין א באל־קלייד, פארטיק צום מאסקאראד, וואס האט נאך כאבער געזאלט פארקו־מען אין דעם „בריזי מאונטיין־הויז".

דאס פארל האט, ווי עס האט אויסגעזעען, זיך נישט גערעכט, אז מען וועט זיי איבערשלאגן זייער אינטימע אונטערהאלטונג, ווארים זיי האבן נישט געוווּסט, ווו זייערע בליקן אהינצוטון און זייערע הענט האבן קיין ארט נישט געקאנט געפינען.

מיט בעלקין האט זיך קוים איינגעהאלטן פון געלעכטער. זי האט געטון א ווונק צו מיר און באלד האבן מיר זיך פארקירעוועט, איבער־לאזנדיק דעם יונגנמאן הוסטנדיק און דאס ווייבל כלומרשט זוכנדיק וואס אין דעם גראז.

פארבייגייענדיק די בייטלעך בלומען און פארנט פון דער לאנגער וועראנדע, האט א צי געטון מיין אויפמערקזאמקייט א ליכטיק־בלויע פענזי, וואס האט פונקט דעם זעלבן קאליר וואס בערנארדס אויגן. איך האב דאס בלימל געטון א ריס ארויס מיט אימפעט און עס אריינגע־שטעקט אין מיין בלוזקע.

נאך סאפער האב איך אנגעשריבן א לאנגן בריוו צו בערנארדן, האב אויסגעקושט די פענזי אויף אלע זייטן און זי אריינגעלייגט אין קאנווערט. איך האב אים צוגעזאגט דאס צווייטע מאל צו שיקן א קארשן־ברוינע פענזי, דעם קאליר פון מיינע אויגן.

### 22־סטער יולי.

א גאנצע מחנה מיידלעך זיינען אנגעקומען. אויך צוויי מענער. איינער פון די מענער, זעט אויס, נייטיקט זיך שטארק אין קאנטרי־לופט. ער הוסט צו גאר נישקשהדיק און זיינע באקן זענען שטארק איינגעפאלן. אייניקע באדערס איז דער הוסטער נישט געפעלן געווארן. זיי זענען אוועק אין א דעלעגאציע צו מר. וויינשטיין, דער באלעבאס פון „סאמיט־הויז", און אים דערקלערט, אז ער האט נישט קיין רעכט אריינצונעמען באדערס, וועמענס פלאץ איז אין ליבערטי... דער באלעבאס האט פאר־

יכערט די דעלעגאַציע. אַז ער קען דעם מאַן פון ניו־יאָרק פון יאָרן און אַז ער ווייסט, אַז ער ליידט בלויז פון אַ האַרץ־פעלער.

צוויי פון די פרישע אָנגעקומענע מיידלעך זענען פריינד פון מיס בעלקין, זיי זענען לערערינס אין איין שולע אוןביידע זייער אינטערעסאַנטע מיידלעך. די בלאָנדינקע, מיס פעריל, האָט מערקווירדיק שיינע געזיכטסצוגן און אַזוי שיין און פערפעקט ווי אירע געזיכטסצוגן — איז דער גאַנצער געבוי פון איר קערפער. עס איז פשוט אַ חיות צו קוקן אויף איר. איך קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן. וואָס פאַר אַן איינדרוק זי מאַכט אויף מענער.

איך האָב באַמערקט ווי דער דאַרער יונגערמאַן מיט די שפּיציקע עלנבויגנס, וואָס איז געזעסן אין אַ וויג־שטול צווישן די ביימער אין פראַנט פון הויז, האָט דאָס שפּייעכץ געשלונגען, ווען מיס פעריל איז פון האָגן אַרונטערגעשפּרונגען. זיינע גרויסע, פייכטע אויגן האָבן זיך אַרויסגערוקט פון זייערע לעכער און האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ קראַנקהאַפטן תאווה־גלאַנץ. ווען ער איז געוואויר געוואָרן, אַז איך קוק אויף אים, האָט דער פאַרגאַפטער יונגערמאַן, רויט ווערנדיק איבער די אויערן, זיך אויפגעהויבן און אַנטלאָפן צום „טעניס־קאָורט“.

מיס מייסאָנס פּנים דריקט אויס אַ מערקווירדיק שטאַרקן כאַראַקטער. איר ריר און איר קער איז פול מיט מוט און קראַפט, צו דער זעלבער צייט באַזיצט זי אָבער אויך פיל צאַרטקייט, אמת־ווייבלעכע צאַרטקייט.

דער באַלעבאָס האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך וועל האָבן מיס פעריל פאַר אַ מיטשלעפּערקע ביז פרייטיק, ווען מיס בעלקינס צימער וועט זיך אָפּליידיקן. איך בין זייער שטאַרק צופרידן דערפון.

נאָך סאַפּער זענען מיר אַלע, מיס בעלקין, מיס פעריל, מיס מייסאָן און איך. געגאַנגען הערן דעם וווּנדערבאַרן פידל־שפּילער. מר. גרילץ האָט זיך געוווּנטשן צוצושאַרן צו אונז, אָבער מיס בעלקין האָט אים געגעבן אַן איידעלע אָנצוהערעניש צו זוכן „פרייליכערע קאָמפּאַניע“.

גייענדיק אין דער פינצטער דורך דער שמאָלער אַלעע, האָט מיס פעריל זיך צעזוונגען און איך האָב באַלד זיך איבער־

ציגט, אַז איר שטימע איז אין פולשטענדיקער האַרמאָניע מיט איר אויסזען.

מיר האָבן געפּלוידערט און געלאַכט דעם גאַנצן וועג און די צוויי מייל זענען אַריבערגעלאָפן, אַז איך האָב זיך כמעט נישט אַרומגעזען. די גרוי־און־שוואַרץ געמישטע אומגעבונג האָט נישט אויסגעזען העלפט אַזוי ערנסט ווי אייערנעכטן און די בלישטשענדיקע שטערנדלעך האָבן, ווי עס האָט זיך מיר געדאַכט, געמאַכט חנדעלעך צו אונז.

אָנקומענדיק נאָענט פון דעם הויז, האָט דער הונט זיך צעבילן גאַר אויפן גרויסן אופן. אַ פרויען־שטימע האָט אים אָבער באַלד איינגעשטילט.

אַ היפּשע צייט זענען מיר געזעסן אויפן פלאַכן שטיין און געוואַרט אויף די זיסע טענער פון דער פידל און ענדלעך האָבן טיפע, ווייכע טענער זיך גענומען טראָגן דורך דער לופט.

— מיין גאָט ! ווער שפּילט עס דאָרט, — האָט מיס פּעריל אויסגערופן פון אַנטציקונג. — עס פּאַסט דאָך פאַר אַן איסאַיע, פאַר אַ קרייזלער !

מיס בעלקין האָט זי קוים איינגעשטילט.

נאָך באַכס אַ „מעלאָדיע" האָט פון „אָרפעאַלס און יורידיטשע" דער געהיימנישפולער פידלער געשפּילט שאָפּענס אַ נאַקטורן און, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, האָט ער עס געשפּילט פיל באַטעמטער ווי דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אים געהערט. מיס פּעריל און מיס מייסאָן זענען איינפאַך געשפּרונגען פון באַגייסטערונג.

— ווי זאָגט איר דאָס אַזעלכע מענטשן און פּרובירט נישט אויסגעפונען ווער דער שפּילער איז ?! — האָט מיס פּעריל זיך געהיצט. — ווען די לעצטע טענער פון דער נאָקטורן זענען פאַרגאַנגען ווייט אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט.

— וואָס איז דער אונטערשיד ווער עס שפּילט, אַבי עס איז גוט, — האָט מיס בעלקין געזאָגט.

— וואָס הייסט גוט ? — האָט מיס פּעריל כמעט אויסגעשריגן, — עס איז געניאַל, עס איז געוואַלטיק !

די פידל האָט זיך באַלד ווידער צעשפּילט, דאָ פריילעך שטיפע־

ריש און דאָ ערנסט פאַרטראַכט. מיס בעלקין און מיס פעריל האָבן גע-זוכט צו טרעפן, וואָס פאַרא קאָמפּאָזיציע דאָס איז און צנדלען זענען זיי ביידע געקומען צום באַשלוס, אַז דער קינסטלער „אימפּראָוויזירט" און שפּילט וואָס אים פאַלט אריין אין קאָפּ.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין באָרדינג-הויז, האָבן מיר גע-טראָפן אויף דער וועראַנדע אַרום דריי באַזונדערע טישן אַ היפּשן עולם שטאַרק פאַרטון אין קאָרטן.

# דאָס זיבצענטע בלעטל

23-סטער יולי.

באַם פרישטיק איז שיער אַ רעוואָלוציע אויסגעבראָכן צוליב דעם, וואָס די אייער זענען נישט אַזוי פריש געווען.

— ווי סמייעט מען עס צו דערלאַנגען צום טיש אייער, פון וועלכע הינדעלעך האַלטן שוין אין אַרויסקריכן! — האָט די געשטופּלטע דעגי־טיטטקע זיך צעפּיסקעוועט.

— אַ נייעס באַ איר. מען קאָרמעט דאָך אונז די גאַנצע צייט מיט אַלטוואַרג. — האָט מיט פיל ערנסט געזאָגט די געלע יידענע, וואָס האַלט זיך תמיד אין איין באַרימען, אַז זי ווינט אויף „וואַשינגטאָן־האַיטס". — דאָס פלייש, וואָס מען האָט געגעבן נעכטן צו דינער, איז געווען פרישער, וואָס? מען האָט דאָך עס אסור געקאָנט אין מויל נעמען!

די קעלנער זענען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע פון איין טיש צום צווייטן, האָבן צוגענומען די אָנגעקלאַפּטע אייער און זיך געבעטן באַ די מורמלער נישט צו מאַכן אַזאַ חעזן צוליב אַזאַ קלייניקייט, מאַלע וואָס עס קאָן אַמאָל פּאַסירן! דער הויפּט־קעלנער, אַדאָלף, האָט געהאַלטן אַ קורצן „ספּיטש", אין וועלכן ער האָט דערקלערט, ווי שווער עס איז צו קריגן אמת פרישע אייער אין דער צייט פון סעזאָן און האָט פאַרזיכערט, אַז זיין באַלעבאָס צאָלט די העכסטע פּרייזן פאַר אַלץ און ווען ער האָט נישט געקאָנט קריגן קיין סאַמע פרישע, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן אייער מען גיט איצט אין די אַנדערע באָרדינג־הייזער. דער עולם האָט זיך אָבער נישט געוואָלט באַרויקן און דאָס מורמלעריי און גע־רודער האָט צ׳פּגעהאַלטן ביז אַ צייט נאָך פרישטיק. די געלע יידענע האָט געסטראַשעט, אַז שבת, אם ירצה השם, ווען איר מאַן וועט קומען,

ווען זי זיך אַריבערקלויבן אין אַ פּלאַץ, ווו מען קאָרמעט נישט מיט סם המות.

אין דער צייט, וואָס די ווייבער האָבן זיך געקאָכט צוליב די אייער און דעם פלייש, זענען אייניקע מיידלעך אַרויס מיט אַן אָנזעעניגם פּראָטעסט, וואָס דער פּלאַץ איז אַזוי „טויט", וואָס עס זענען נישטאָ געגוג יונגעלייט, און אַז מען וויל זיך אַמאָל דורכטאַנצן, מוז מען גיין דריי מייל, אַזש צו דעם „בריזי מאונטיין הויז".

דער באַלעבאָס, וואָס האָט פּלומרשט געזאָלט זיין אין „ווילעדזש" בעת מעשה, איז געזעסן באַהאַלטן אין קיך, האָט אויפגערעגט געטענהט מיט דער באַלעבאָסטע און האָט געשאָלטן מיט טויטע קללות דאָס באָרדינג-הויז מיט די באָרדערקעס צוזאַמען.

באַנאַכט.

אַ מאָדנע טרויעריקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט „דאָס וואַקיישאָן-הויז פאַר מיידלעך אַרבעטערינס" לעבן „ביג אינדיען". איך האָב געפילט ווי אַ טראַגישער עלעמענט וואָלט זיך דורכגעמישט מיט דער רו און פּראַכט פון דעם רייצנד-שיינעם פּלאַץ.

ווען אונזער קליינע קאָמפּאַניע איז אָנגעקומען נישט ווייט פון דעם פּאַלאַץ-אַרטיקן הויז, האָב איך גלייך געשפּירט, אַז איך געפין זיך לעבן אַן „אַנשטאַלט". די ריינקייט אַרום איז געווען כמעט אַן איבערגעטריבענע און די שטילקייט — כמעט אַ טויטע שטילקייט. אויפן מיט געברעקלטע שטיינדלעך באַשאָטענעם פּריוואַט-וועג האָבן מיר באַגעגנט עטלעכע פּאַר מיידלעך, וואָס זענען געגאַנגען צו צוויי און גערעדט אין דער שטיל. פון זייערע באַוועגונגען און פון דעם אופן ווי זיי האָבן זייערע שטימען געברויכט, איז געווען צו זען, אַז זיי זענען אונטער דעם איינפלוס פון אַ דיסציפּלין. אייניקע פון זיי האָבן אויף אונז געוואָרפן ניידפולע בליקן און אַנדערע האָבן אויף אונז געקוקט מיט הילפלאָזער פּאַראַכטונג.

„אָרימע קינדער", האָט מיין האַרץ אין זיך גערעדט, „וואָס פאַראַ ווערט האָט אייער וואַקאַציע, אַז איר האָט נישט דעם מוט און די פרייהייט זי צו געניסן!"

מיס פּאָקס, די משגיחטע פון דעם הויז, האָט אונז אויפגענומען

מיט אַפּיציעלער העפלעכקייט, האָט אונז מכבד געווען מיט קאַלט קוואַל־וואַסער און אונז דורכגעפירט דורך אַלע אָפּטיילונגען פון הויז. פון דער ביבליאָטעק ביז דער וועשערײַ. די ריינקייט און די אָרדנונג אומעטום איז געווען צו שטוינען. אויף די ברייטע וועראַנדעס און אין דער ברייטער לופטיקער ביבליאָטעק האָבן מיר געטראָפן מיידלעך פון פאַרשידענעם עלטער, פון נאָך נישט אַנטוויקלטע צען־יעריקע ביז אָפּגעלעבטע און אויסגעאַרבעטע גרוי־קעפּיקע. די מערסטע פון זיי זענען געווען באַשעפטיקט מיט האַנט־אַרבעט. אַ קליינע טייל איז געווען פאַרטאָן אין לייענען און די איבעריקע האָבן זיך געוויגט אין וויגשטולן און געקוקט פאַרטראַכט און פאַרבענקט צו דעם ריזיקן „ביג־אינדיען”־באַרג, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ וואַנט קעגן זיי.

אונזער באַזוך האָט די מיידלעך שטאַרק געשטערט. איך האָב בעזעען, אַז כמעט אַלע האָבן זיי זיך געפונען אין פאַרלעגנהייט. בײַ איין יונג מיידל, קוים זעכצען יאָר אַלט, האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן ווען די אויפזעערין האָט אונז אויף דער וועראַנדע אַרויסגעפירט און זי איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, איידער אונזער גאַנצע קאָמפּאַניע איז געווען אויף דער וועראַנדע. אַן אַנדערע, אַ מיידל אין די יאָרן, וואָס איז געזעסן מיט אַ יידיש בוך אין האַנט, האָט אונז צוגעוואָרפן אַ בייזן קוק און האָט איינגעגראָבן אירע אויגן אין בוך, אַז מען האָט איר פּנים נישט געקאָנט אַרויסזעען.

ווען זי האָט אונז דורכגעפירט אַלע ווינקעלעך, האָט די אויפזעערין אונז ווידער אַריינגעפירט אין פּרעכטיקן אויפנאַם־זאַל און האָט אונז איבערגעגעבן מערערע איינצלהייטן וועגן דעם אַנשטאַלט.

זי האָט דערציילט, פאַסכאַקעווענדיק זיך בײַ יעדן וואָרט, וואָס פאַר אַ גוואַלטיקע חסדים די „סאָסייעטי”, וועלכע האַלט אויס דאָס „וואָקיישאָן”־הויז, טוט מיט די אָרימע מיידלעך, וואָס נייטיקן זיך אין אַ קורצן אָפּרו; וואָס די אָרימע מיידלעך (בײַ יעדן מאָל, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט מיידלעך, האָט זי נישט פאַרגעסן צוצוגעבן דאָס וואָרט — אָרימע) קריגן נישט אַלץ פאַר די דריי דאָלאַר אַ וואָך, וואָס זיי צאָלן. אַלץ, וואָס זיי קאָנען דאָ נישט קריגן, האָט זי געזאָגט מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן, איז, אויף זיין גאַנצע נעכט (ווייל ביין אַ זייגער מוזן זיי גיין שלאָפן) און בחורים צו שפּילן ליבעס.

איך האָב פאַרלאָזט דעם פּלאַץ מיט אַ געדריקט געמיט. עס האָט מיר וויי געטון דאָס האַרץ פאַר די אָרימע מיידלעך, וואָס זענען געצוואונגען צו באַצאָלן מיט זייער פרייהייט און מוט פאַר אַ ביסל פרישע לופט און רו.

24-סטער יולי.

מיס בעלקינס אַוועקפאָרן האָט מיך אַ שטיק האַרץ געקאָסט. איך האָב אין די עטלעכע טעג זיך אַזוי צוגעוווינט צו איר, אַז מיר דאַכט זיך, מיר זענען געווען פריינט דאָס גאַנצע לעבן. איך פיל, אַז אויך איך בין באַ איר געוואָרן איינגעבאַקן אין האַרץ.

איך האָב זי באַגלייט צום צוג און אויפן וועג האָב איך איר מיין הייליקן סוד דערציילט. איך האָב געפילט, ווי צו טון דאָס נאָך אין אָנהייב פון אונזער באַקאַנטשאַפט. איך האָב אָבער אַלץ נישט געהאַט דעם מוט.

מיס בעלקין האָט עס אַ ביסל אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אויף מיר, ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז דער מאַן, וואָס איך האָב ליב, איז אַ פאַרהייראַטער ! זי האָט אָבער פאַרביסן די ליפּן און געוואַרט, וואָס איך וועל איר ווייטער זאָגן. איך האָב איר דאַן אין קורצע ווערטער געשילדערט, וואָס פאַר אַ פּערזאָן בערנאַרד איז און וואָס פאַר אַ פרוי גאָט האָט אים באַשערט פאַר אַ לעבנס-באַגלייטער.

— איך פאַרשטיי אייך גאַנץ גוט און פון אייערע רייד פאַרשטיי איך אויך, וואָס פאַר אַ מענטש אייער געליבטער איז — האָט מיס בעלקין געזאָגט מיט פיל צערטלעכקייט און ערנסט. — איך קאָן זען, אַז איר זענט אַ גלייכע פּאָר און וואָלט קאָנען לעבן גליקלעך צוזאַמען אונטער אַנדערע אומשטענדן, אָבער פאַרגעסט נישט, מיין טייערע, אָן די אומשטענדן, אין וועלכע איר געפינט זיך ביידע איצט: אויב אייער געליבטער איז ווירקלעך אַזוי איידל און אַזוי געפילפול ווי איר שילדערט אים, וועט ער אַזוי לייכט דעם בונד צווישן אים און זיין פרוי נישט קאָנען צערייסן. ווען מאַן און פרוי לעבן אַפּ פיר יאָר צוזאַמען ווערן זיי איינער צום צווייטן צוגעוואַקסן, ווי ווייט זייערע נשמות און זייערע הערצער זאָלן נישט זיין איינע פון די אַנדערע.

דידאָזיקע ווערטער האָבן אַרויסגערופן טרערן אין מיינע ווי אויך

אין מיט בעלקינס אויגן. איך האָב געפילט וויפיל ביטערער אמת עס איז דאָ אין זיי. איך האָב אָבער צו דער זעלבער צייט אויך געפילט, אַז איך בין נישט מער אין מיין אייגענעם רשות און אַז מיין ליבע צו בערנאַרדן איז שטאַרקער פון אַלע אמתן אין דער וועלט.

איך האָב מיט בעלקין געמוזט צוזאָגן צו שרייבן איר יעדע פאָר טעג און צו באַזוכן זי אַז/וי גיך, ווי איך קום צוריק אין ניו־יאָרק.

25־סטער יולי.

דער צענדליק מאַנסבילן, וואָס זענען אָנגעקומען אויף איבער זונטיק, האָבן מיט איין מאָל געענדערט די שטימונג אין „סאָמיט־הויז". עפּעס פילט זיך אומעטום מער לעבן, מער אינטערעס. די ווייבער און מיידלעך זענען פאַרפּוצט יום־טובדיק און יעדע איינע פון זיי זוכט צו קאָנקורירן מיט די איבעריקע און פראַווען קאָקעטעריע. די עטלעכע מענער, וואָס זענען „צעצוקערט" געוואָרן פון דעם שיינעם געשלעכט. די גאַנצע וואָך גייען אַרום ווי אָן אַ קנעלונג. מר. גרילך זוכט נייע קאָמפּאַניע, ווייל די דענטיסטקע איז „ביזי" מיט איר מאַן דעם „דאָק" און דער ריעל־עס־טייטניק, וועלכער האָט זיך אַלץ געשאַרט אַרום דעם בלאָנדן ווייבל מיט די דיקע אָרעמס, גייט אַרום מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווייל דאָס ווייבל האָט געקריגן איר מאַן צו גאַסט.

די מיידלעך און יונגע ווייבלעך זענען שטאַרק פאַרשמייעט. זיי גרייטן זיך צום טאַנץ. אַ געוויש טראָגט זיך פון וועראַנדע און פון „סיטינג־רום" און די גאַנצע לופט אַרום איז פול מיט ליאַרם און הו־האַ.

איך האָב, ווי עס זעט אויס, נושא חן געווען בײַ דעם ייִנגסטן פיליפּס, וועלכער איז געקומען מיט זיין שוואָגער אויף אַן אויטאָמאָביל אַזש פון ניו־יאָרק. ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט און האָט גע־פרעגט, אויב איך וויל זיך דורכפאָרן אויפן אויטאָמאָביל נאָך סאַפּער. ער האָט מיר דערציילט, וואָס פאַר אַ בריה אַ שאָפער ער איז און האָט מיר פאַרזיכערט, אַז פאָרנדיק מיט אים, קאָן מען אין קיין געפאַר נישט זיין.

איך האָב דעם יונגנמאַן, וועלכער האָט זיך אַרויסגעצייגט גאָרנישט גלייכגילטיק צו מיר, גאַנץ העפלעך באַדאַנקט פאַר זיין גוט האַרץ. איך האָב אים אָבער דערקלערט, אַז איך האָב היינט קיין לוסט נישט צו פאָרן.

מיס פעריל האָט געהערט פונדערווייטנס ווי איך האָב אנטזאָגט דעם „מיליאָנערס" זון און זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער גבורה פון מיר. זי האָט עטלעכע מאָל איבערגערעדט וועגן דעם מיט מיס מייסאָן.

נאָך סאַפּער.

דאָס „סאַמיט־הויז" איז פול מיט טומלענדיקער לוסטיקייט. דאָס יונגע ווייבל מיט די קינסטלעך געבלאָסטע האָר באַראַבאַנעוועט אויפן פּיאַנאָ אין „סיטינג־רום" און אַ טוץ פּאָרלעך טאַנצן דעם טאַנגאָ און אַנדערע „לייטעסט"־טענץ. די וועראַנדע, ווי לאַנג זי איז, איז פאַרוואַנדלט אין אַ „געמבלינג"־פּלאַץ און פון די טונקעלע אַלעען אַרום הויז טראָגן זיך געלעכטערס און קוויטשערייען. מיס פעריל און מיס מייסאָן האָבן געוואָלט, איך זאָל גיין מיט זיי הערן דעם געהיימנישפולן פידלער. איך האָב זיך אָבער געמוזט אַנטזאָגן.

איך וויל זיך לייגן פרי שלאָפן, כדי איך זאָל קאָנען אויפשטיין פאַרטאָג אָנקלייבן בלומען פאַר מיין גאַסט, פאַר מיין בערנאַרדן.

אָ, ווי דערלעב איך שוין מאָרגן צען אַ זייגער!

# דאָס אכטצענטע בלעטל

26־סטער יולי.

טו, מאַך, אַז מען קאָן די צייט נישט איינהאַלטן!

וואָכן לאַנג האָב איך אויפן היינטיקן טאָג מיט אומגעדולד געוואַרט, כ'האָב די לאַנגע טעג סעקונדענווייז געשטופּט און איצט איז דער טאָג פון גליק געקומען — און אויך שוין פאַרשוווּנדן.

פאַרשוווּנדן אָבער איז נאָר וואָס קאָן פאַרשווינדן — די פּוסטקייט פונם לעבן, אָבער דער לעבנס־אינהאַלט, דער נשמה־געניס, וואָס בלויז די ליבע קאָן אונז געבן, דאָס איז אומפאַרשווינדלעך.

ווען איך זאָל לעבן טויזנט יאָר, וועל איך בײַ דער לעצטער מינוט נאָך פילן פריש דעם איינדרוק פון דעם היינטיקן טאָג. איך וווּנדער זיך נאָר, ווי אַזוי איך האָב אַזוי פיל גליק מיט איין מאָל געקאָנט אַריבערטראָגן.

און ער, בערנאַרד! איך גלייב, אַז ער איז אַזוי גליקלעך ווי היינט זיין גאַנץ לעבן נאָך נישט געווען.

צוויי זאַרגלאָזע, גליקלעכע קינדער האָבן אויף גאָטס פרייער וועלט היינט זייערע גליקלעכסטע מאָמענטן דורכגעלעבט.

---

איך בין אַ שעה פאַרטאָג אויפגעשטאַנען, ווען דער מאָרגן־שטערן האָט פון צווישן צוויי שפּיציקע בערג מיט זיין פינקלדיקער פּראַכט אַרויסגעקוקט און איידער דער „בראַנט מאונטיין" האָט באַצירט זיין קרוין מיט די ערשטע שטראַלן פון דער זון, בין איך שוין אויף דעם זאַפּטיקן, פרישן פּאַשע־פעלד אַרומגעלאָפן, זוכנדיק בלימעלעך פאַר מיין גאַסט. „ספּאָט", דער קלוגער אינטעליגענטער הונט פון דער פאַרם, וואָס גרע-

נעצט זיך מיטן „סאָמיט-הויז״, האָט מיך דערזעען פונדערווייטנס און מיט אַ גאַלאָפּ איז ער צוגעלאָפן צו מיר, האָט זיך געלאַשטשעט צו מיר אַ ווײַלע און דאַן מיר נאָכגעפאָלגט אויף שריט און טריט, ביז דער קלאַנג פון גלעקל, וואָס האָט גערופן צו פרישטיק, האָט זיך דורכגעשניטן דורך דער מיט חיות-אָטעמענדיקער לופט, און איך האָב זיך פון טרייען הונט געשיידט.

איך האָב זיך נישט פאַרגונען די צייט דעם פרישטיק צו ענדיקן. איך האָב מורא געהאַט, איך וועל דעם צוג פאַרשפּעטיקן. און ווען דער עולם האָט זיך פון עס-זאָל גענומען ארויסשיטן, בין איך שוין געווען אַ שטיק וועג פון „סאָמיט-הויז״. די לאַנגע געל-און רויט-געפאַרבטע געביידע פון „גראַנד-האָטעל״ איז געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ ריזיקע שלאַנג אויפן קאַרק פונם וואַלדיקן באַרג. די שפּיציקע טורעמס האָבן געפינקלט אין די שטראַלן פון דער זון און די רויט-ווייס בלויע פענער האָבן לאַנג-זאַם געפלאַטערט אין דעם מילדן ווינטעלע. איך האָב גענוי אויסגערעכנט אויף וועלכן פונקט הינטער דערדאָזיקער שלאַנגאַרטיקער געביידע עס שטייט די קליינע באַן-סטאַנציע, ווו מײַן ליבער בערנאַרד דאַרף באַלד אָנקומען, און מײַן בליק און מײַן פאַנטאַזיע האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף דעם באַהאַלטענעם פונקט.

דער זייגער איז געווען קוים ניין, ווען איך בין צו דער סטאַנציע אָנגעקומען. דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון מײַן האַרץ האָט מיך דערמאַנט, אַז איך בין דעם גאַנצן וועג מער געלאָפן ווי געגאַנגען. עס האָט מיר גענומען היפּשע עטלעכע מיגוּט, ביז איך האָב דעם אָטעם געקאָנט אָפּכאַפּן.

אַ גאַנצע שעה האָב איך אויף אים געדאַרפט וואַרטן. אָבער קיין איין מינוט פון דער שעה בין איך נישט געווען אָן אים. ער איז די גאַנצע צייט פאַר מײַנע אויגן געווען. איך האָב געזעען, איך האָב געפילט, ווי ער ווערט געטראָגן פון דעם צוג באַרג אַרויף אַלץ נעענטער און נעענטער צו מיר. דאָך האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט אַ געשריי פון איבער-ראַשונג, ווען איך האָב אים דערזעען פון וואַגאָן אַרויסשטייגן.

— ענדלעך, ענדלעך! -- האָבן מיר ביידע שטיל געשעפּטשעט, זיך דריקנדיק מיט-די ליפּן איינער צום אַנדערן.

מיר האָבן ציל-און-צוועקלאָז זיך גענומען לאָזן איבער אַ שמאָלן

וועג, וואָס פאַרנעמט זיך הינטער דער סטאַנציע און באַלד האָבן מיר זיך אין אַ געדיכטן וואַלד געפונען.

— מיר קאָנען נאָך פאַרבלאָנדזשען, דאָרעלע, — האָט בערנאַרד געזאָגט פלומרשט מיט אַ באַזאָרגטע מינע, צודריקנדיק מיט ביידע הענט מיין קאָפּ צו זיין ברוסט.

— אפשר האָבן מיר שוין פאַרבלאָנדזשעט, — האָב איך זיך אָפּגערופן שמייכלענדיק, רייבנדיק ליידגשאַפטלעך מיין שטערן אָן זיין ברוסט.

— איז אויך פאַרפאַלן, — האָט בערנאַרד געלאַכט מיט אַ האַלבמויל, בעת זיין בליק האָט זיך פאַרגאַפט.

מיר זענען געגאַנגען דורכן געדיכטן וואַלד, ביז מיר האָבן דאָס שמאָלע שטעגל פון אונטער אונזערע פיס פאַרלוירן. מיר האָבן מיט שוועריקייט זיך געדאַרפט מאַכן וועג צווישן די ווילד צעוואַקסענע ביימעלעך און קוסטעס, וואָס האָבן פאַרדעקט דעם מיט וואָרצלען און שפּיציקע שטיינער פאַרזייעטן באָדן. בערנאַרד איז געגאַנגען אַ טריט פאָרויס און געמאַכט אַ וועג. גאַנץ אָפט איז אָן איינגעפאַלענער בוים געלעגן אויסגעצויגן צווישן די קוסטעס און מיר האָבן געמוזט קלעטערן און שפּרינגען. פיל מאָל האָט בערנאַנד מיט זיינע קרעפטיקע אָרעמס מיך אַריבערגעהויבן איבער אַן איינגעפאַלענעם בוים אָדער איבער אַ פאַרוואַקסענעם שטיין, מיט אַ לייכטקייט, ווי איך וואָלט אַ קליין קינד געווען. דורך פיל ענגעפּלעצער האָט ער מיך ממש אויף די הענט דורכגעטראָגן.

די לופט אין דער ווירער ווילדעניש איז געווען אַזוי געדיכט, אַז עס איז אונז געווען שווער צו אָטעמען. דער ריח פון פאַרפוילטע בלעטער און צעפּאַרעטע גראָזן האָט מיר אַזש אין נאָז געביסן. קיין שפּור פון ווינט, קיין סימן פון באַוועגונג איז אין ערגעץ נישט געווען צו זען. די הויכע, מערסטנטיילס צעדרייטע און די אונטערשטע דריי פערטל נאַקעטע, ביימער, האָבן אונז שטאַר אָנגעקוקט און די בלויע שטיקער הימל, וואָס האָבן ערטערווייז זיך אַרויסגעזען פון דעם פאַרווירטן צווייגן-געפלעכט, האָבן אונז צוגעווונקען מיט אַ גלעטנדיקע ליבלעכקייט.

איך האָב זיך געפילט אַזוי מאָדנע צו מוט. מיין געדאַנקנגאַנג האָט כמעט אינגאַנצן זיך אָפּגעשטעלט און מיין מויל האָט זיך נישט געוואָלט עפענען צום רעדן. איך האָב געזעען אַרום זיך אַ ששת ימי

בראשית-וועלט און אין בערנאַרדן און אין מיר האָב איך געזעען אַן אדם און חוה — אויסגעפוצט לויט דער לעצטער מאָדע.

א שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער מיין פּנים, ווען איך האָב האַלב מטושטש וועגן דעם געטראַכט. בערנאַרד האָט נייגיריק געוואָלט צו טרעפן פון וואָס איך שמייכל, אָבער זעענדיק, אַז ער קאָן נישט טרעפן, האָט ער, ווי אויף להכעיס, מיך אייַנגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס און מיך געהאַלטן צוגעדריקט פעסט צו זיך, ביז ער האָט געפילט, אַז עס טוט מיר וויי. דאַן ערשט האָט ער מיך אָפּגעלאָזט.

ענדלעך זענען מיר פון דער ווילדעניש אַרויסגעקראָכן. אַ שמאָ-לער אויסגעטרעטענער וועג האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן און ווען מיר האָבן קוים אייניקע טריט געמאַכט איבערן גלאַטן וועג, האָבן מיר דערזעען אַ ברעטל אָנגעשלאָגן אָן אַ בוים, אויף וועלכן עס שטייט געשריבן:

„צוויי מייל מיט אַ פערטל צו דער בעל-עיר מאונטיין אבזער-וואַטאָרי".

— מיר מוזן אַהינגיין! — האָט בערנאַרד אויסגערופן, ווען ער האָט די שילד דערזעען. — נאָר צוערשט מוזן מיר זיך אַ ביסל אָפּרוען.

מיר האָבן זיך אויסגעזוכט אַ גראַזיקן פּלאַץ בּאַ דער זייט פון וועג און האָבן זיך כמעט ווי אַנידערגעוואָרפן אויף דער נאַטורס גרינעם דיוואַן.

---

איך בין איינגעשלאָפן מיט מיין קאָפּ אויף בערנאַרדס שויס, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך זיך געפילט ווי ביי געבוירן. איך האָב געמיינט, אַז איך בין אָפּגעשלאָפן ווער ווייסט ווי לאַנג, אָבער בערנאַרד האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין געשלאָפן נישט מער ווי אַ שעה. מיר האָבן באַלד געביטן פּאָזיציעס. איך האָב גענומען בערנאַרדס קאָפּ אויף מיין שויס, און האָב געזונגען אַ לידל אים איינצושלעפערן, אָבער קיין שלאָף האָט אים נישט געוואָלט נעמען. יעדעס מאָל, וואָס איך האָב אַ פיר געטון מיין האַנט איבער זיין שטערן צו פאַרשאַרן זיינע פון שווייס

באַסע האָר, האָט ער שטיפּעריש אַ דריי געטון דעם קאָפּ און מיר איינגע־פּרעסט אַ קוש אויף דער האַנט.

אַז מיר האָבן זיך גאַנץ פיין אָפּגערוט, האָבן מיר גענומען גיין באַרג אַרויף צו דער אָבסערוואַטאָריע.

יעדע עטלעכע מינוט האָבן מיר אַן אַנדערע שילד באַמערקט און אַלע האָבן זיי געצייגט דעם וועג צו דעם אָבסערוואַטאָריום. דער וועג איז געווען גלאַט און אויסגעטרעטן, כמעט ווי די נישט קולטיווירטע וועגן אין בראָנקס־פּאַרק, נאָר ער איז געגאַנגען באַרג אַרויף.

אָפּגייענדיק אַ מייל מיט דעמדאָזיקן וועג, האָבן מיר באַגעגנט אַ פּאַרטיע טוריסטן צוריקקערנדיק פון דער „אָבסערוואַטאָריע". דער פירער פון דער פּאַרטיע האָט אונז געזאָגט, אַז דאָס סאַמע שווערע האָבן מיר נאָך דורכצומאַכן.

און עס איז טאַקע אַזוי געווען. אָפּגייענדיק נאָך אַ פערטל מייל, האָט דער וועג זיך אַוועקגעשטעלט דיבאָם. מיר האָבן ערטערווייז געמוזט קלעטערן אויף אַלע פיר. פון די זייטן האָבן די טאָלן זיך אַרונטערגע־לאָזט ווי טיפע אָפּגרונטן און אויף יענער זייט פון די מוראַדיקע טאָלן איז דער גאַנצער שטח געווען פאַרזייעט מיט בערג ביזן סאַמע האָריזאָנט.

ענדלעך זענען מיר צום שפּיץ פון „בעל־עיר־מאַונטיין" אָנגעקומען. אַ מאַן אָנגעטון אין יעגער־קליידער האָט אונז באַגעגנט מיט אַ פריינד־לעכער מינע. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אונז אַלס מר. פּוירסענס, אויפפּאַסער אויף דער אָבסערוואַטאָריע פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר.

דער גוטער, פריינדלעכער מר. פּוירסענס האָט אונז אַרויפגעפירט צום ריכטיקן פּלאַץ, ווו דער הונדערט־פוס־הויכער טורם שטייט. ער האָט אויפגעמאַכט לכבוד אונז דעם קליינעם שפּייז־געשטעל, וואָס ער האַלט צוליב די באַקוועמלעכקייטן פון די נייגיריקע באַזוכער און נאָכ־דעם ווי מיר האָבן דערכאַפּט אונזערע הערצער מיט „סאַנדוויטשעס" און לעמאָנאַדע (פאַרשטייט זיך, נישט פאַר אומזיסט), האָט ער אונז אויסגעצ־ דיכטעט מיט גרויסע פעלד־גלעזער און געהייסן קלעטערן ביזן שפּיץ טורם.

איך בין געגאַנגען פאָרויס איבער די שטילע, שמאָלע טרעפּלעך

פון דעם שמאָלן, וואָס העכער, אַלץ שמעלער ווערנדיקן טורעם. איך האָב זיך געהיטן נישט צו קוקן אַרונטער, ווייל יעדעס מאָל, וואָס מיין בליק איז געפאַלן אויף דעם טיפן שלוכט אונטער מיינע פיס, האָט דער קאָפּ מיר גענומען שרעקלעך שווינדלען. בערנאַרד האָט מיך צוגעהאַלטן בײַ דער טאַליע און האָט געהאַלטן אין איין דערמאַנען מיך, צו האַלטן זיך פעסט אָן פאַרענטש.

מיר זענען, ווי עס איז, אַרויף אויפן לעצטן (אפשר דער צענטער) שטאָק און האָבן געקוקט דורך די פעלד־גלעזער אַרום זיך. עס איז געווען אַ פּרעכטיק און צו דער זעלבער צייט מוראדיק בילד. אַרום אונז פון אַלע זייטן איז געווען אויסגעשפּרייט אַ ים פון גרינע בערג, טיילווייז באַגאָסן מיט גאָלדענער זון־שיין. די טאָלן צווישן זענען געווען שיטער פאַרזייעט מיט הייזער, וועלכע האָבן אויסגעזעען אין אונזערע אויגן ווי פּיצטעלעך פון פאַרשידענע קאָלירן און פאָרמען, און לייכטע, ווייסע וואָלקנדלעך האָבן הונדערטער פוס אונטער אונז אַרומגעבלאָנקעט ווי אָפּגעריסענע שטיקלעך רויך פון אַ ציגאַרעט. מיר האָבן קיין ווערטער נישט געקאָנט געפינען פון אַנטציקונג.

אַ היפּשע צייט האָט בערנאַרד מיך אָנגעקוקט מיט באַגייסטערונג, דאַן האָט ער מיך געטון אַ האַסטיקן דריק צו זיך און האָט איינגעפּרעסט אַ הייסן קוש אויף מיינע ליפּן.

פון דער האַסטיקער באַוועגונג זיינער האָט די גאַנצע טיר, וואָס איז פון דינע אייזנס צוזאַמענגעשטעלט, זיך אַ וויג געטון און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט פאַלן מיר ביידע צוזאַמען מיטן טורם אין טיפן אָפּגרונט. אַ היסטערישער קוויטש האָט זיך מיר אַרויסגעריסן, וואָס האָט זיך צעטראָגן ווייט, ווייט איבער די בערג, וואָס אונטער אונז.

אַז מיר זענען פון טורם אַרונטער, האָט מר. פּוירסענס אונז צוגעטראָגן דעם גאַסט־בוך און בערנאַרד האָט איינגעשריבן:

„מר. און מרס. הילפּרייך, ניו־יאָרק".

עס האָט מיר געטון אַ מאָדנער צופּ אין האַרץ, ווען איך האָב אים געזעען דאָס איינשרייבן און מיינע אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן.

# דאָס נײַנצענטע בלעטל

26־סטער יולי.

ווי אין אַ חלום, דורך פֿאַרכּישופֿטע לאַנדשאַפֿטן, האָט דער געדרייטער וועג אונדז געפֿירט בּאַרג־אַראָפּ, אַלץ נענטער צו דעם טאָל. די קליינע אָזיערע איז ווי מיט אַ הויך־פֿאַרצויגענעם שפּיגל געלעגן אויפֿן סאַמע גרונט, אַרומגערינגלט מיט האָטעלן און בּאַרדינג־הײַזער. דאָס שווערע סאַפּען פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו האָט זיך לאַנגזאַם דורך דער לופֿט געטראָגן און אַ געדיכטער רויך־זײַל האָט זיך גערוקט בּאַרג־אַרויף אויף דער פֿאַרוואַקסענער זײַט פֿון בּאַרג.

טיף אין האַרץ האָב איך געפֿילט אַ טעמפּע נאָגעניש. איך האָב מיט אַנגסט געקוקט אויף דער זיך אַרונטערלאָזנדיקער זון און האָב געוווסט, אַז אָט בּאַלד, בּאַלד מוז בּערנאַרד מיך פֿאַרלאָזן.

בּערנאַרד האָט די פּײַן פֿון שיידן געפֿילט נאָך אפשר שטאַרקער ווי איך. זײַן פּנים איז געווען ווי מיט אַ שאָטן פֿאַרצויגן. זײַנע אויגן האָבן געקוקט פֿאַרבּענקט אין דער ווייטקייט, און מיט זײַן אָרעם, אין וועלכן ער האָט מיך געהאַלטן פֿעסט אײַנגעשלאָסן, האָט ער בּערוועז פֿון מאָל צו מאָל מיך געטון אַ דריק צו זיך. אַז עס האָט מיר אַזש וויי געטון.

דער דיפּאָ בּאַ „פּײַן־היל" האָט זיך מיטאַמאָל בּאַוויזן פֿונדערווײַטנס. די זון האָט זיך געשפּיגלט אין די רעלסן, וואָס האָבן דעם פֿונדאַמענט בּאַרג בּאַזוימט, און ווען מײַן בּליק איז אויף זיי געפֿאַלן, האָב איך געפֿילט, ווי עפּעס שאַרפֿס און בּרענענדיקס וואָלט מיר אַ שטאָך געטון אין דער נשמה.

— ווער ווייסט, צי מיר וועלן האָבן נאָך אַזאַ טאָג ווי הײַנט ? —

האָב איך פאַרצווייפלט אויסגערופן, אָנקלאַמערנדיק זיך מיטן גאַנצן כוח אָן בערנאַרדס אָרעם.

א פאַרשטיקטער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון בערנאַרדס ברוסט. אַ ווײַלע האָט ער געקוקט פאַרטראַכט אין דער וועלט אַרײַן, דאַן האָט ער לײַדנשאַפטלעך מיך צוגעדריקט צו זײַן ברוסט מיט בײדע הענט, האָט אַרײַנגעגראָבן זײַן בליק אין מײַנעם, ווי ער וואָלט געזוכט אויסצוגעפינען ריכטיק, ווי שטאַרק עס איז דער קנופּ, וואָס האַלט אונזערע נשמות צוזאַמענגעבונדן.

— מיר וועלן האָבן נישט אײן טאָג, נאָר אַ גאַנץ לעבן — האָט ער מיט היץ אויסגערופן. — איך קאָן מײַן צוקונפט אָן דיר זיך גאָרנישט פאָרשטעלן.

— און אײדאַ? — האָב איך מיט שמערץ געפרעגט.

— איך בעט דיך, ליבינקע, האָב געדולד, די צײַט קאָן אַלץ ברענגען, — האָט ער זיך געבעטן.

— זי קאָן! — האָב איך מיט אַ טיפן זיפץ צוגעגעבן, אַרויסציענדיק מײַן אָרעם פון זײַנעם. — יאָ, קאָנען קאָן די צײַט ברענגען אַלץ, אָבער נישט צו אַלעמען איז זי גוט.

טרערן האָבן זיך געשטעלט בערנאַרדן אין די אויגן. ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט און זיך גענומען בעטן:

— דאַרעלע, דאַרעלע, פאַרוואָס זאָלן מיר אַלײן אונזער גליק צעשטערן? איך בין זיכער, אַז די צײַט וועט אַלץ ברענגען. אַלץ, וואָס מיר דאַרפן, איז נאָר אַ ביסעלע געדולד.

איך האָב אים אַרײַנגעקוקט טיף אין די אויגן און מײַן האַרץ האָט זיך גלײַך גענומען פילן רויקער.

---

עס האָט זיך דערהערט דאָס אָנקומען פון אַ צוג. בערנאַרד האָט אַ קוק געטון אויפן זײגער און מיט טיפן באַדויערן אויסגערופן:

— דאַרעלע, מיר מוזן גײן שנעלער. עס איז דער לעצטער צוג.

דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר אַ טרײסל געטון. איך האָב געוווּסט, אַז באַלד, נאָך עטלעכע מינוט, בלײַב איך ווידער אַלײן מיט אַ האַרץ פול מיט בענקען און אַ נשמה פול מיט לײַדן.

אום איין האָר האָט בערנאַרד דעם צוג פאַרשפּעטיקט. אַ שטיק וועגס האָבן מיר געמוזט לויפן מיט אַלע אונזערע כּוחות. מיר זענען ביידע געווען אָן אָטעם, ווען מיר האָבן זיך „גוד-באַי" געקושט.

דער צוג איז באַלד פאַרשווּנדן מיט מיין געליבטן צוזאַמען. איך בין אָבער געבליבן שטיין בּאַם דיפּאָ ווי אַ צוגעשמידטע און האָב זיך געקאָנט רירן ערשט דאַן, ווען איך האָב מער נישט געקאָנט הערן דעם אָטעם צוג פון לאָקאָמאָטיוו.

אין „סאַמיט-הויז" האָט געקאָכט און געטומלט, ווען איך בין צו-ריקגעקומען. קיינער האָט, קענטיק, זיך נישט געקימערט וועגן מיין אוועקגיין. מיט פּעריל און מיט מייסאָן זענען געווען די איינציקע, וואָס האָבן זיך געהאַט געפרעגט אויף מיר. עטלעכע פרישע באָרדערס און באָרדערקעס זענען אָנגעקומען מיט דעם לעצטן צוג און דער פּלאַץ האָט אויסגעזען פול מיט יונגוואַרג. איך בין געווען אַזוי מיד, אַז איך האָב זיך געוואָלט ליגן שלאָפן אָן סאַפּער, כאָטש איך בין געווען גוט הונ-געריק. אָבער אין עס-זאַל איז געווען אַלץ גרייט אויף די טישן און דער עולם האָט נאָר געוואַרט אויפן גלעקל.

גלייך נאָכן עסן האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן מיט די קליידער אין בעט און בין באַלד איינגעשלאָפן. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע אין באָרדינג-הויז זענען שוין געשלאָפן.

27-סטער יולי.

דאָס בענקען האָט מיר היינט דאָס האַרץ שיער אויסגעריסן. עס האָט מיך געקלעמט און געצויגן בּאַ דער נשמה און מיר האָט זיך אַלץ געגלוסט צו וויינען.

מיט פּעריל האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט מיר איז עפּעס פאָרגעקומען. זי האָט עטלעכע מאָל געזוכט צו לייענען אין מיינע אויגן, אָבער ווען זי האָט געזען, אַז איך באַמערק עס, האָט זי אויפגעהערט.

דאָס וועטער איז פּונקט צוגעפּאַסט צו מיין געמיט. דעם גאַנצן טאָג האָט עס געשטורעמט. די דונערן און בליצן האָבן זיך צעשפּילט אויפן גרויסן אופן און די וואָלקנס האָבן זיך געיאָגט ווי ווילד איינע נאָך די אַנדערע. צייטנווייז זענען די בערג אינגאַנצן געווען פאַרשווּנדן און די זאַפּטיקע טאָלן זענען געווען אין גרוי איינגעוויקלט. עס זעט אויס, אַז

איך מאָרגן וועט רעגענען און איך וועל מוזן ליגן דעם גאַנצן טאָג אין הויז.

איך קאָן קיין זאַך נישט טון. איך האָב אַלע ביכער, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט, איבערגעהאַלטן אין די הענט, אָבער קיינס פון זיי האָט מיך געצומען אַ חשק צו לייענען. מיר איז אפילו דאָס שרייבן איבערדריסיק.

28-סטער יולי.

ווי איבעררעאַשט איך בין געווען אינדערפרי די זון צו זעען! קיין סימן פון וואָלקן. קיין זכר פון דער נעכטיקער טריבקייט. די גאַנצע לאַנדשאַפט האָט אויסגעזעען ווי אויסגעוואַשן. אפילו דער הימל האָט אויסגעזעען ווי ער וואָלט געווען אַ געוואַשענער. די גראָזן, בלעטער און בלומען האָבן זיך געבאָדן אין פייכטקייט און האָבן געשטראַמט מיט זאַפט און קראַפט. דאָס צווישטשעריי פון די פייגעלעך האָט אָנגעפילט די לופט און געוועקט פרייד און לוסט אין האַרץ.

איך האָב זיך גיך אָנגעטון און בין אַרויסגעלאָפן צום וועג. אָבער דער וועג איז געווען אַזוי נאַס, אַז עס איז געווען אוממעגלעך צו גיין. איך האָב געמוזט אָפּלייגן דעם שפּאַציר ביז עס וועט ווערן טרוקן.

איך בין געווען שטאַרק אַנטוישט, וואָס איך האָב נישט געקריגן קיין בריוו פון בערנאַרדן. ער האָט מיר פאַרשפּראָכן צו שרייבן ווי אים איז די צוריקרייזע געגאַנגען. אפשר וועט נאָך אָנקומען מיט דער פאַר־נאַכטיקער פּאָסט.

פון מיס בעלקין האָב איך געקריגן אַ גאַנצע מגילה. זי שרייבט זייער אינטערעסאַנט, נאָך אינטערעסאַנטער ווי זי רעדט. איך מוז זעען אָנהאַלטן די פריינדשאַפט מיט איר. ווען איך קום צוריק אין ניו־יאָרק. מיס פעריל און מיס מייסאָן זענען שיער געוואָרן אייפערזיכטיק אויף מיר, ווען איך האָב זיי דעם בריוו געוויזן. זיי האָבן געזאָגט, אַז איך האָב אַ באַזונדערע זכיה בײַ איר, ווייל געוויינלעך האָט זי נישט ליב צו שרייבן קיין סך.

אינאָווגט.

בכלל האָב איך היינט פאַרבראַכט אַ גוטן טאָג. איך האָב געגעסן

מיט אַפּעטיט און האָב איינגענומען פאַרגענוגן פון אַלץ, וואָס מיר איז צום האַנט געקומען. איך האָב געפילט, אַז איך וואָלט געקאָנט די גאַנצע וועלט אין מיין האַרץ אַריינגענעמען און ליבן זי אָן אויפהער. וואָס עס האָט אויפגעוועקט אין מיר אַזאַ געפיל, ווייס איך נישט. פיליכט די גן־עדנדיקע אומגעבונג, וועלכע האָט היינט באַזונדערס פּרעכטיק אויסגעזען. און אפשר גאָר, וואָס איך האָב נאָר בלויז פיר טעג דאָ צו זיין? יאָ, נאָך פיר טעג און איך בין צוריק אין ניו־יאָרק אונטער איין דאַך מיט אים.

מיך וווּנדערט, וואָס איך האָב פון איר גאָרנישט געהערט. איך האָב איר געשיקט אַן אָנזיכטס־קאַרטל אויף מאָרגן ווי איך בין אַהערגעקומען. אפשר שעמט זי זיך מיט איר ענגליש?

נאָך סאַפּער האָבן אפשר אַ העלפט פון די „סאָמיט־הויז"־באָרדערס זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר. דאָס ווייבל, וואָס איז אָנגעקומען זונטיק מיט דער מחנה, איז געגאַנגען פאָרויס אין דער טונקעלער אַלעע, מיט צוויי יונגע לייט (דאַכט זיך, איינער פון זיי איז געווען מר. גרילך) פון ביידע זייטן און האָט געזונגען אויף די אויבערשטע טענער רוסישע לידער. הינטער זיי זענען געגאַנגען אַ צוויי־דריי פּאָרלעך און האָבן געפלירטעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט. קאָלעדזש־חכמות און שאַפּוויצן האָבן זיך געשאָטן אויף אַלע זייטן און די שטימונג איז געווען אַ פריילעך־פאַרשייטע, טראָץ דעם אומעטיקן פּנים, וואָס די יונגיטשקע לבנה האָט אָפּט געצייגט צווישן די געדיכטע צווייגן.

מיס פעריל, מיס מייסאָן, איך און איינע פון די פריש אָנגעקומענע מיידלעך זענען געגאַנגען גאָר פון הינטן. איך האָב זיך געטוליעט צו מיס פערילס ווייכן אָרעם און אַלץ געטראַכט און געטרוימט פון א י ם.

מיר זענען אַזוי לאַנג געגאַנגען, ביז דאָס שטיקל לבנה האָט זיך אַרונטערגערוקט הינטערן „בראָנט מאונטיין" און מער זיך נישט געוואָלט באַווייזן. דאַן האָבן מיר זיך פאַרקירעוועט אויף צוריק.

29־סטער יולי.

איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויף דער פּאָסט, אָבער מיין וואַרטן איז געווען נישט אומזיסט. איך האָב געקריגן דריי בריוו מיט איין מאָל:

איינעם פון בערנאַרדן, איינעם פון בעסין און איינעם פון פיינמאַנען.

בעסי שרייבט, אַז זי פאַרט קומענדיקן זונטיק אַהיים. זי לאָזט מיך וויסן, אַז זי האָט צוגעקריגן אַכט פונט, און אַז ווען זי וואָלט זיך קאָנען דערלויבן צו שטיין אין קאַנטרי נאָך אַ וואָך, וואָלט זי געוווּנען אפשר נאָך פינף פונט. — נו, מיט וואָס אַ מענטש קאָן זיך געפינען גליקלעך! פיינמאַן שרייבט, אַז ער איז אויף מיר אין כעס, פאַרוואָס איך האָב אים די גאַנצע צייט נישט געשריבן.

ערשט ווען איך האָב איבערגעלייענט בעסיס און פיינמאַנס בריוו, האָב איך זיך גענומען צו בערנאַרדס. איך האָב געפילט, אַז איך דאַרף פריער אָפּפטרן די אַנדערע, אום צו קאָנען אומגעשטערט זיך אָפּגעבן איינגאַנצן מיט אים.

ער שרייבט מיר, אַז עס איז זייער מעגלעך, איך זאָל קריגן די שטעלע אינעם אָפיס, וווּ ער אַרבייט. די בוכהאַלטערין האָט שוין אַריינגעגעבן איר רעזיגנאַציע. זי גייט חתונה האָבן די קומענדיקע וואָך.

איך ווייס אָבער נישט, צי איך זאָל די שטעלע אָננעמען. איך גלייב, אַז עס איז נישט גוט פאַר אונז צו אַרבעטן אין איין פלאַץ. איך ווייס דאָך די איידעלע באַהאַנדלונג, וואָס מען קריגט פון די באַלעבאַטים. פונווייטנס זעט מען כאָטש נישט די צרות. און דאָן טאָמער דערוווסט זי זיך נאָך פון דעם! מער ווי דאָס פעלט מיר נישט! מיר ליגט נאָך גאַנץ גוט אין זכרון די לעקציע, וואָס זי האָט אים געגעבן, ווען ער האָט מיר דערציילט וועגן דעם „דזשאָב“.

# דאָס צוואַנציקסטע בלעטל

30-סטער יולי.

איך האָב זיך געלאָזט איינרעדן פון מיס פעריל און בין מיטגע־פאָרן צו דער קאַנטרי־אויסשטעלונג אין מאַרגאַרעטוויל.

איך מוז צוגעבן, אַז כאָטש איך האָב נישט געפונען קיין צו גרויסן אינטערעס אין די רעגיסטרירטע בהמות, אין די געראָטענע חזרים, אין די פאַרשידענע סאָרטן גרינסן און די פרימיטיווע האַנטאַרבעט פון די פאַרמער־פרויען, בין איך דאָך צופרידן, וואָס איך בין מיטגעפאָרן. עס האָט מיר געהאָלפן אַ טאָג אַריבערצושטופּן. איצט האָב איך נאָך בלויז צוויי טעג אַריבערצוקומען און דאַן בין איך צוריק אין ניו־יאָרק, אונטער איין דאַך מיט אים...

די רייזע פון דער אויסשטעלונג איז געווען נישט צו אָנגענעם. מיר זענען געווען איינגעפּרעסט אין וואָגן ווי הערינג אין אַ פעסל און דער ווינט האָט געטראָגן דעם שטויב אין די אויגן און אין מויל. איין העלפט וועג בין איך געזעסן בײַ מיס פעריל אויפן שויס און די צווייטע איז מיס פעריל געזעסן בײַ מיר אויפן שויס. מיר טוען נאָך איצט די פיס גוט ווייַ דערפון און איך גלייב, אַז איך וועל דעם אָוונט פון וועראַנדע נישט אַרונטער.

31-סטער יולי.

שוין נאָך דער וואַקאַציע! מאָרגן אין דער צייט וועל איך שוין זיין צוריק אין ניו־יאָרק.

עפּעס פיל איך אַזוי מאָדנע. מיר וואָלט זיך געוואָלט, אַז מיין לעצטער טאָג אין קאַנטרי זאָל זיך ציען כאָטש אַ יאָר. וואָלט כאָטש געווען אַ מעגלעכקייט מיטצונעמען מיט זיך אין שטאָט אַ טייל פון דער

זאָרגלאָזיקייט, פון דער פרייהייט, וואָס מען פילט אויפן לאַנד! דאָס איז אָבער נאָר אַ ווונטש, וואָס קאָן מקוים ווערן אין חלום.

איך קוק אויף מיין איינגעפּאַקטער וואַליזע און אַ בענקעניש פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ. עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז נישט נאָר גיי איך פאַרלאָזן די פּרעכטיקע בערג, די באַצויבערנדע לאַנדשאַפטן און די כּחיהדיקע אַטמאָספערע, נאָר איך גיי אויך זיך דערווייטערן פון מיין געליבטן. דאָ האָב איך אים געהאַט מיט מיר יעדע מינוט פון טאָג, כאָטש ער איז געווען הונדערט און־פינף און־דרייסיק מייל ווייט פון מיר. אָבער אין שטאָט? וויפיל שעה וועל איך מוזן יעדן טאָג אוועקגעבן מיין באַלע־באָס פאַר מיין שטיקל עקזיסטענץ?

אַז איך דערמאָן זיך, אַז איך וועל א י ר פּנים באַלד ווידער דאַרפן אָנקוקן יעדן טאָג, ווערט מיר אויך נישט צו פרייליך אויפן האַרץ. איך ווייס, אַז איצט וועט עס מיר פאַלן נאָך שווערער ווי פריער, ווייל איצט פיל איך, אַז איך האָב מער רעכט צו רופן זיך זיינע ווי ז י, צַבער די וועלט! גיי דערצייל דער וועלט אַ מעשה. מען וועט מיך נאָך פאַרשטיינען.

די באַגעגעניש היינט מיט הערין אין פליישמאַנס איז פאַר מיר געווען אַ מאָדנע איבעררעַשונג. ער איז געוואָרן פאַרשעמט, ווען ער האָט מיך דערזעען. איבערהויפּט האָט ער, ווי איך האָב באַמערקט, זיך גע־פילט אין פאַרלעגנהייט, וואָס איך האָב אים געטראָפן מיט אַ מיידל.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז ערשט מיט צוויי טעג צוריק גע־קומען און אַז ער שטייט איין אין דער „פעיר וויאו", זייער אַ פריילע־כער פּלאַץ.

איך האָב מיט אַ שמייכל אים געפרעגט, וואָס מאַכט די ווייסע „דאַרלינג" מיט דעם אויסגעריבענעם האַלז און ער האָט מיך אָנגעקוקט ווי משוגע. דאָס מיידל אָבער, וועלכע איז אין דער „פעיר וויאו" שוין אַ פּאָר וואָכן, האָט מיר געזאָגט, אַז „דאַרלינג" איז שוין עליה השלום, און אַז אויף איר פּלאַץ האָט דער באַלעבאָס פון דער „פעיר וויאו" אַ „דענדי", פאַר וועמענס נשמה מען מעג באַצייטנס אָנגרייטן אַ ליכטל.

הערי האָט מיך געפרעגט, צי איך קריג בריוו פון בעסין און פייג־מאַנען, און ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז בעסי טראַכט צו קומען אַהיים

די קאָמענדיקע וואָך, האָט ער מיך געבעטן איבערצוגעבן איר אַ האַרציקן גרוס אין זיין נאָמען.

זיין באַגלייטערין איז געווען זייער נייגיריק צו וויסן, ווער די בעסי איז און ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז זי איז העריס אַ קוזינע און אַ כלה פון מיינס אַ פריינט, האָט זי פאַרמשט אין שפּאַס מיך גע־בעטן אָפּצוגעבן בעסין אַ גרוס פון איר קוזינס כלה, מיינענדיק זיך.

העריס איז רויט געוואָרן ווי צונטער און האָט נישט געהאַט ווי זיינע אויגן אַהינצוטון. דאָס מיידל האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט נאַיוויטעט און פרעכהייט אין איין צייט און האָט קאָקעטיש אויסגערופן:

„עס איז נישטאָ וואָס צו שעמען זיך „באַיטשיקל", זענען מיר דען נישט קיין חתן־כלה זינט נעכטן?"

נאָך סאַפּער גיי איך אויפן לעצטן שפּאַציר אין די בערג דעם זומער. איך האָב אָפּגערעדט מיט מיס פּעריל און מיס מייסאָן צו גיין הערן דעם געהיימנישפולן פידל־שפּילער אויף יענער זייט באַרג, אַ שאָד, די לעצטע עטלעכע נעכט האָבן מיר פאַרנאַכלעסיקט די נאַכט־קאָנצערטן.

מיך וווּנדערט, וואָס איך האָב פון בערנאַרדן היינט קיין בריוו נישט געקריגן. אין דעם נעכטיקן בריוו האָט ער מיר פאַרשפּראָכן צוצו־שיקן אַ ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אונטער דעם איינפלוס פון דעם אומפאַרגעסלעכן טאָג, וואָס מיר האָבן צוזאַמען דורכגעלעבט אויפן „בעל־עיר־מאַונטיין" און איך האָב דאָס געדיכט דערוואַרט היינט צוזאַמען מיט אַ בריוו.

ווען איך האָב געהאַט כּוח, וואָלט איך מאָרגן אויפגעשטאַנען פאַר־טאָג און געקלעטערט אויפן „בעל־עיר־מאַונטיין". איך וואָלט אַרויף צו דעם אָבסערוואַטאָריום, זיך געשטעלט אויף דעם זעלבן ברעט, אויף וועלכן מיר זענען ביידע דעם לעצטן זונטיק געשטאַנען, און זיך פאַרגעשטעלט, ווי אַן איינגעשלאָפענע אין ז י י נ ע אָרעמס קוק איך אַריבער די בערג־כוואַליעס, וואָס ציען זיך צענדליקער מיילן אַרום. דער עיקר אָבער וואָלט איך נאָך אַמאָל וועלן זעען אין גאַסט־בוך אין בערנאַרדס האַנטשריפט די ווערטער: „מר. און מרס. הילפרייך".

# דאָס איין און צוואָנקיסטע בלעטל

„סאָמיט־הויז“, 1־ער אויגוסט.

אַז עס איז מיר באַשערט נאָך אַ טאָג צו אָטעמען די בערג־לופט און לעבן אין אַ וועלט פון גרין און גאָלד! יאָ, איך פאַרבלייב דאָ ביז מאָרגן, כאָטש איך האָב געציילט די מינוטן, איך זאָל שוין זיין צוריק אין ניו־יאָרק.

בערנאַרד שרייבט, אַז זי איז נעכטן אומגעריכט אַהיימגעקומען און איך פיל נישט ווי אַריינצופאַלן אין הויז גלייך נאָך איר.

איך פאַרשטיי אָבער נישט, וואָס עס האָט זי אַהיימגעבראַכט אַזוי פרי? זי האָט דאָך געוואָלט פאַרבלייבן אין קאָנטרי נאָך צוויי וואָכן!

פון בערנאַרדס שרייבן זע איך, אַז ער איז נישט צופרידן מיטן גאַסט, אַז איידאַס פלוצלינגדיק קומען איז פאַר אים נישט קיין קלענערע אַנטוישונג ווי פאַר מיר. — אָבער גיי, טו, אַז עס גייט נישט! טאָמער האָבן מיר געקאָנט האָבן צוויי גליקלעכע וואָכן צוזאַמען, איז געקומען דער ט... און אונז קאַליע געמאַכט.

עס מאַכט מיר צו דענקען, אַז זי ווייסט וואָס צווישן בערנאַרדן און מיר קומט פאָר, און זי איז דאָס געלאָפן וואָס גיכער פאַר אונז דעם וועג צו פאַרצוימען.

איך האָב נישט געפילט, אַז טרערן זענען אין מיינע אויגן געקומען, ביז אַ גרויסער טראָפן איז אויפן בריוו געפאַלן און פאַרגאָסן דאָס פאַרצויגענע „דאָרעלע“ אויף דער ערשטער שורה.

ווען מיס פעריל האָט דערהערט, אַז איך פאָר מאָרגן, צוזאַמען מיט איר און מיס מייסאָן, האָט איר פנים אויפגעשטראַלט פאַר שמחה. זי האָט די גאַנצע וואָך געהאַלטן אין איין בעטן זיך בא מיר איך זאָל פאַרבלייבן ביז זונטיק, פון וואָס איך האָב נישט געוואָלט הערן און וויסן.

באנאכט.

ווען איך וואָלט נישט מוזן זיין מאַנטיק צוריק אין אָפיס, וואָלט איך דאָ פארבליבן לענגער. ווי לאַנג? איך ווייס אַליין נישט. אפשר ביזן סוף פון מיין לעבן. דאָס ארייַנפאָרן צו איר אין הויז איז פאַר מיר אַזוי פייַנלעך, אַז איך זע נישט איין, ווי איך וועל דאָס קאָנען דורכפירן. איך פיל זיך, ווי איינער פאַר אַ געפערלעכע אָפעראַציע. איך מוז זיך אָבער אָנטון אַ כוח און האַנדלען לויט די אומשטענדן פאָדערן.

מיין איינציקער ווונטש איצט איז, איך זאָל שוין האָבן אריבער־געטראָט די ערשטע באַגעגעניש מיט איר. וואָס ווייטער וועט זיין — וויל איך איצט נישט קלערן.

2־טער אויגוסט.

מערקווירדיק, וואָס אומשטענדן קאָנען מאַכן. דאָס האַרץ האָט מיר אַלץ געציטערט פאַר דער באַגעגעניש באַ מיין אהיימקומען, אָבער ווען עס איז געקומען דערצו, בין איך געווען אין אַזאַ שטימונג, אַז איך האָב זיך נישט געגייטיקט אין קיין קינסטלעכע מיטלען צו מאַכן מיין לאַגע דערטרעגלעך. איך בין געווען אַזוי צערודערט און אויפגערעגט, אַז איך וואָלט אָן דעם מינדסטן קווענקלען געקאָנט דורכמאַכן דאָס אומאָנגענעם־סטע, נישט אַ קרום טוענדיק זיך דערביי.

— וואָס זאָגט איר צו דער מלחמה! זאָל עס טאַקע זיין אמת! איז עס מעגלעך? — האָב איך כמעט אויסגעשריגן, אַרייַנקומענדיק אין הויז.

מיינע באַלעבאַטים זענען מיר אַנטקעגנגעקומען אין קאָרידאָר. די „מיסיס" איז מיך באַפאַלן מיט קושן און מיר איז געווען אוממעגלעך פון איר זיך צו באַפרייען. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און וי צוריקגעקושט, פילנדיק זיך דערביי אַזוי הילפלאָז און קליין, אַז ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט איך זיך אַליין אַ שפּיי געטון און אויסגע־שריגן: היפּאָקריטקע! אידיאָטקע!

ווען זיין פרוי האָט מיך געהאַלטן אַזוי פריינדלעך אַרומגענומען, איז בערנאַרד געשטאַנען הינטער מיר און מיר געדריקט און געצויגן באַם אָרעם, ווי ער וואָלט מיך וועלן באַפרייען פון אירע אָרעמס, אָבער

אין זיין ציען האָב איך געזעען, אַז ער איז צו שוואַך און האָט נישט די מאַכט צו האַנדלען מוטיק קעגן דער וועלט.

— איז טאַקע אויף אַן אמת אויסגעבראָכן אַ מלחמה אין אייראָפּע ? — האָב איך אויסגערופן, ווען מיר זענען אַלע אין עסצימער אַריין.

— עס זעט אויס אַזוי ! — האָט בערנאַרד געענטפערט אַ באַזאָרגטער.

— זעט נאָר ווי עס לאָזט אים נישט צורו די מלחמה, — האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט די „מיסיס". — זאָלן די דייטשן, די רוסן און די פראַנצויזן זיך אַלע שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט. וואָס גייט עס אונז דאָ אָן ! אָט דערציילט אונז בעסער ווי איר האָט פאַרבראַכט אין קאַנטרי, איר קוקט אויס קיין עין הרע גאַנץ פיין. וויפיל וואָג האָט איר עס אַזוי געווונען ?

— איך האָב פאַרגעסן זיך אָפּוועגן פאַר מיין צוועקפאָרן און איך קאָן דעריבער נישט וויסן, אויב איך האָב אין קאַנטרי געווונען וואָג אָדער פאַרלוירן, — האָב איך געענטפערט מיין באַלעבאָסטע. — אָבער וועגן דער מלחמה לאָזט מיר אייך זאָגן, אַז עס אַרט מיך שוין גאָר אַ סך. איך ווייס נישט וואָס פון מיין אָרימען טאַטן און מיינע שוועסטער און ברידער וועט איצט ווערן. זיי האָבן געהאַלטן אַלע באַם קומען אַהער, אָבער איצט, ווי וועלן זיי דאָס קאָנען באַווייזן ? איר מעגט מיר גלייבן, אַז ווען איך האָב דערזעען די נייעס אין די צייטונגען, אַרונטערגייענדיק פון צוג, האָב איך געפילט ווי דאָס הארץ האָט זיך מיר מיטאַמאָל אַרונטערגעלאָזט.

— איך האָב אויך אַ טאַטע-מאַמע זאָלן געזונט זיין אין „יוראָפּ" — האָט מיין באַלעבאָסטע געזאָגט אין אַ „מיין באָבעס דאגה"-טאָן. — אָבער, ווי זאָגט מען, בערנאַרד, וואָס ס'וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין מיט רבי ישראל.

— נישט אַלע מענטשן האָבן איין נאַטור — האָב איך געענטפערט קורץ און געמאַכט אַן ענדע צום געשפּרעך.

זיצנדיק באַם סאַפּער, האָט מרס. הילפרייך דערציילט, וואָס פאַר אַ „גוד-טיים" זי האָט געהאַט אין קאַנטרי. זי האָט געזאָגט, אַז ווען עס ווערט נישט מיטאַמאָל אַזוי פוסט אין דער באָרדינג-הויז, ווו זי איז געשטאַנען, וואָלט זי דאָרט פאַרבראַכט כמעט ביז ראש השנה.

מיין באַלעבאָסטע האָט מיר דערציילט פון איר באַגעגעניש מיט בעסין אויף דער קאָנטרי-אויסשטעלונג און האָט מיך געפרעגט, אויב איך ווייס, ווער עס איז דער מר. גאָלדמאַן, מיט וועמען בעסי האָט זיך אַזוי פיין אַמוזירט. זי האָט געזאָגט, אַז אַנטקעגן גאָלדמאַנען קוקט פיינמאַן אויס ווי אַ „רעגעלער קאַיק".

4-טער אויגוסט.

מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב שוין די גאַנצע קאָנטרי אויסגע-קרענקט. די אַרבעט באַם שרייבמאַשין פאַלט מיר שרעקלעך שווער און די מלחמה אין אייראָפּע דריקט אויף מיין געמיט ווי מיט טויזנט שווערע שטיינער. אָ, מיין אָרימער טאַטע! ער האָט געהאָפט, ער האָט זיך שוין געקליבן צו זיין אינגיכן אין דעם פרייען אַמעריקע און איצט, ווער ווייסט וואָס פון זיינע האָפנונגען וועלן זיך אויסלאָזן?

איך הייב אָן איינצוזעען, אַז פיל לענגער וועל איך באַ די הילפ-רייכס נישט קאָנען ווינען. איך פיל, אַז זי הייבט אָן צו קוקן אויף אים און מיר מיט פונאַנדערגעעפנטע אויגן און איך האָב שטאַרק מורא, אַז אונזער הייליקער סוד וועט לאַנג נישט זיין קיין סוד — און דאַן, וואָס וועט זיין דאַן? איך שרעק זיך פאַרן געדאַנק. וועט בערנאַרד האָבן דעם מוט צו האַנדלען ווי ער וויל? איך צווייפל זייער אין דעם.

די לעצטע נאַכט האָב איך געמיינט, אַז די אַפּאָפּלעקסיע כאַפּט מיך. איך האָב ביז גרויען טאָג קיין אויג נישט געקאָנט צומאַכן. אַ לאַנ-גע צייט האָט איר קוזיטששיק קול אַריבער דער וואַנט ווי מיט אַן עגבער מיר דעם קאָפּ געלעכערט. זי האָט אים קענטיק געיאַדעט און געפּייניקט מיט איר געשליפענעם צינגל און ער האָט פון צייט-צו-צייט אַריינגע-וואָרפן אַ וואָרט מיט כעס. אַ צייט נאָכדעם ווי עס איז געוואָרן שטיל, האָט פון זייער שלאָפצימער מיטאַמאָל אַ לייכט געוואָרן געדרוקט זיך דערטראָגן צו מיינע אויערן און דאָס בלוט האָט אין מיר געטון אַ לויף צום קאָפּ, אַז איך האָב געמיינט, איך גיי פון זינען אַרונטער. ניין, איך קאָן אונטער אַזעלכע אומשטענדן מיט אים אונטער איין דאַך נישט בלייבן. איך מוז מיט אים אָפן רעדן וועגן דעם און הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן.

5-טער אויגוסט.

מיס בעלקין האָט נישט געוואָרט ביז איך וועל קומען צו איר, און איז געקומען צו מיר זעען, וואָס איך מאַך.

איך האָב זי פאָרגעשטעלט פאַר מיינע באַלעבאָטים און איך. האָב מיטן ערשטן בליק באַמערקט, אַז בערנאַרד האָט אויף איר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. מיר האָבן אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט צוזאַמען. דאַן האָט בערנאַרד פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן גיין אַלע אין פאַרק. א י ר איז אָבער דער פלאַן נישט געווען געפעלן און מיס בעלקין און איך זענען אוועק אַליין.

אפשר צוויי שעה האָבן מיר שפּאַצירט איבער די האַלב טונקעלע וועגן פון פאַרק און גערעדט וועגן אונזערע דערפאַרונגען אין קאָנטרי, ביז מיר זענען ענדלעך געקומען צו בערנאַרדן.

— זאָגט מיר דעם ריינעם אמת, וואָס דענקט איר וועגן מיין באַלעבאָס? — האָב איך מיט נייגיריקייט זי געפרעגט.

מיין פריינט האָט נישט געפונען קיין ווערטער אויפן ערשטן מאָמענט. זי האָט אַ ווײַלע זיך געקווענקלט, דאַן האָט זי מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— איר קאָנט נישט דערוואַרטן איך זאָל זאָגן אַ מיינונג וועגן אַ מענטש באַם ערשטן מאָל זעען! און דאַן נאָך קומט מיר אייער באַלעבאָס פאַר צו זיין זייער אַ קאָמפּליצירטער כאַראַקטער.

— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? — האָב איך געפרעגט מיט שטוינען — לויט ווי מיר דאַכט זיך, איז הילפּרייך דער איינפאַכסטער מענטש אויף דער וועלט. יעדער איינער קאָן, דאַכט זיך, זעען בא אים אויפן פּנים, וואָס עס טוט זיך בא אים טיף אין האַרץ.

— אין אַ געוויסן זין האָט איר רעכט. מיר שיינט אויך אַ ביסל, אַז צווישן אַ טייל פון זיין אינערלעכער פערזענלעכקייט און זיין אויסערלעכער דערשיינונג איז דאָ אַ געוויסע איינהייט, אָבער נאָר צווישן אַ טייל, און נישט אינגאַנצן. איך האָב זיך תמיד געהאַלטן פאַר אַ מבינטע אויף מענטשן און איך גלייב, אַז מיין מבינות אויף אייער געליבטן איז פולשטענדיק ריכטיק. — און לאָזט מיר אייך זאָגן, אַז אייער מר. הילפּרייך שיינט מיר צו זיין איינער פון די מערקווירדיקסטע כאַראַקטערן, וואָס איך האָב ווען באַגעגנט.

איך האָב נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט מיס בעלקין, דען זי האָט דעם זאַץ געענדיקט. איך האָב זי אַרומגעכאַפּט, געדריקט צו זיך און באַדעקט איר פּנים מיט קושן. דאָס מיידל האָט מיך אָנגעקוקט ווי איך וואָלט פלוצלינג פון זינען אַראָפּ.

— הייסט עס, אַז איך בין נישט משוגע, וואָס איך בין פאַרליבט אין אַזאַ מענטש? — האָב איך אויסגערופן ווי מיט נצחון.

מיס בעלקין האָט אויף מיר אַ בליק געטון מיט איר שאַרפן בליק און אירע ליפן האָבן זיך האַסטיק אָן עפן געטון, אָבער קיין וואָרט איז פון איר מויל נישט אַרויסגעקומען. זי האָט, קענטיק, באַלד חרטה געהאַט אויף וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן און האָט צוריקגעהאַלטן דאָס וואָרט אין צייט.

נאָך אַ קורצער פּויזע האָט מיין פריינט זיך געווענדט צו מיר מיט אַ ליבלעכער מינע און געזאָגט:

— וועגן דעם וועלן מיר רעדן אַן אַנדערש מאָל.

## דאָס צוויי און צוואָנציקסטע בלעטל

9־טער אויגוסט.

היינט קוים די ערשטע געלעגנהייט געהאַט צו קאָנען רעדן אַ פּאָר ווערטער מיט בערנאַרדן און דערפאַר האָב איך דעם קצב צו פאַרדאַנקען, פאַרוואָס ער האָט פאַרגעסן דעם „אָרדער" צו ברענגען.

— ווען נישט די געסט, וואָס דאַרפן קומען אויף מיטאָג, — האָט מיין באַלעבאָסטע געזאָגט. קוקנדיק אויף מיר אינקוויזיטיוו, — וואָלט איך זיך געקאָנט באַגיין מיט וואָס עס איז דאָ אין „אייז־באַקס", אָבער פאַר פרעמדע מענטשן פּאַסט נישט. זי איז האַסטיק אַרויסגעלאָפן פון הויז און פון דעם זעץ, וואָס זי האָט געטון מיט דער טיר, האָב איך געזען, וואָס דעם אָרימען קצב דערוואַרטעט.

באַלד בין איך געווען פעסט איינגעשלאָסן אין בערנאַרדס אָרעמס. אין האַרץ האָט מיך געקלעמט און איך האָב זיך געפילט, ווי איך וואָלט געווען אַ שטיק אייזן און ער אַ מאַגנעט. עס האָט מיך געצויגן, עס האָט מיך געשלעפּט צו אים — גוף און נשמה.

בערנאַרד איז געשטאַנען מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ. זיינע ליכטיק־בלויע אויגן זענען געווען האַלב געשלאָסן, דאָך האָב איך אין זיי געזען אַ וועלט מיט ליבע און איבערגעבנקייט, וואָס געהערט אינגאַנצן צו מיר.

— דאַרעלע — האָט בערנאַרד די שטילקייט אונטערבראָכן. — מיר האָבן שוין אַ ביסל זיך אָנגעליטן. מיר וועלן געוויס נאָך פיל מער זיך אָנליידן, אָבער נאָר געדולד, די צייט וועט קומען, זי וועט מוזן קומען.

— איך זע נישט איין ווי אַזוי — האָב איך פאַרביטערט געזאָגט, — און הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַזאַ נס קאָן געשען.

נאָר איך וויל וועגן קיין זאַך נישט דענקען. דערווייל בין איך גליקלעך, יאָ, איבערגליקלעך מיט דיין ליבע.

ווען די „מיסיס" האָט זיך באַוויזן לויפנדיק פונדערווייטנס, האָט מיר בערנאַרד אויף גיך געזאָגט, איך זאָל מאָרגן קומען אין אָפיס, ווו ער אַרבעט, איבערצונעמען די שטעלע פון דער געהילפס-בוכהאַלטערין.

באַנאַכט.

איך קאָן נישט פאַרשטיין וואָס איז געוואָרן פון בעסין! זי איז, דאַכט זיך, געווען אַזאַ שטיל, פּשוט און אָפנהאַרציק מיידל, זאָל איך האָבן געהאַט אין איר אַזאַ גרויסן טעות?

דער אָרימער פיינמאַן האָט היינט מיין האַרץ שיער צעבראָכן. ער האָט אויסגעזען אַזוי נידערגעשלאָגן און פאַרצווייפלט, אַז עס איז געווען אַ צער צו קוקן אויף אים.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז בעסי האָט נעכטן געזאָלט צוריקקומען פון קאָנטרי. ער איז געלאָפן צום דיפּאָ זי באַגעגענען, ער האָט אָבער געוואַרט ביז דער לעצטער צוג פון די בערג איז אָנגעקומען און זי איז נישט געווען. ער האָט נישט געוווסט וואָס איבערצוקלערן. ער האָט גע-דענקט אפשר האָט ער זיך אויסגעמיטן מיט איר און איז אַוועקגעלאָפן אויף איר לאָזשי, אָבער אויך דאָרט האָט ער זי נישט געפונען. ער איז פון פאַרצווייפלונג אַהיימגעלאָפן מיטן באַשלוס צו פאָרן מיט דער ערשטער באַן, וואָס גייט נאָך די בערג. אָבער ווען ער איז אין הויז געקומען, האָט ער געטראָפן אַ פּאָסט-קאַרטל, אין וועלכן בעסי שרייבט, אַז זי האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין קאָנטרי נאָך אַ וואָך.

— איך האָב זיך געפילט ווי מיט קאַלט וואַסער אָפּגעגאָסן, ווען איך האָב דאָס בריוול געלייענט, — האָט דער אָרימער בחור פאַר מיר שיער געוויינט. — די גאַנצע צייט האָט זי זיך אַלץ געריסן אַהיימצוקומען און איך האָב באַ איר זיך געדאַרפט איינבעטן, זי זאָל פאַרבלייבן דאָרט נאָך אַ וואָך און צום סוף, ווען די וואָך איז אַריבער, קריגט זי מיטאַמאָל אַזאַ שטאַרקן חשק צו דער קאָנטרי. וואָלט זי מיר כאָטש אָנגעבן אַן אורזאַך פאַר איר פאַרבלייבן!

איך האָב געזוכט צו באַרויקן פיינמאַנען וויפיל איך האָב געקאָנט, ער האָט זיך אָבער בשום אופן נישט געלאָזט.

— באַ מיר איז קיין ספק נישט, — האָט ער געזאָגט, — אַז זי האָט מיך אויסגעביטן אויף אַן אַנדערן. איך האָב געהערט, דאַכט זיך, אייער באַלעבאָסטע האָט עס דערציילט, אַז אַ געוויסער גאָלדמאַן, עפּעס אַ רייכער פּוסט־און־פּאַסטניק, האָט זיך אַרום איר געדרייט, און באַ מיר איז רעכט, אַז צוליב אים איז זי דאָס פאַרבליבן אויף נאָך אַ וואָך.

כדי פונאַנדערצושלאָגן זיינע רעיונות, בין איך מיט פיינמאַנען געגאַנגען אויף אַ לאַנגן שפּאַציר אין פּאַרק. ביים שיידן, האָט ער מיר געמוזט פאַרזיכערן, אַז ער וועט נישט שרייבן בעסין קיין קרום וואָרט, ביז ער וועט נישט וויסן פריער ריכטיק, וואָס מיט איר קומט פאָר.

11־טער אויגוסט.

מיך פאַרדריסט שוין, וואָס איך האָב זיך געלאָזט איינרעדן פון בערנאַרדן און האָב אָנגענומען די שטעלע באַ דער אָ. ק. קאָנסטראָקשאָן־קאָמפּאַני. איך האָב מורא, איך וועל נישט קאָנען צופרידנשטעלן מיינע נייע באַלעבאַטים און דער סוף וועט זיין, אַז ער וועט נאָך דאַרפן האָבן ערגערניש און קרענקונג צוליב מיר.

וויפיל איך האָב נישט געזוכט היינט צו פאַרטיפן זיך אין דער אַרבעט, צו פאַרגעסן אויף אַ ווײַלע, אַז אויף יענער זייט פון דעם דינעם ווענטל געפינט זיך מיין געליבטער, איז דאָס מיר נישט געלונגען. מישנדיק די בלעטער פון בוך, האָב איך אים פאַר מיין שרייבטיש געזען שטיין, און קלאַפּנדיק איבער די ביינדלעך פון שרייב־מאַשין, האָט זיין ליבע שטימע אין מיינע אויערן געקלונגען.

פיל מאָל האָב איך זיין שאָטן אינעווייניק אין זיין אָפיס אויף דער מאַטער גלאָז־וואַנט געזען פאַלן און מיינע אָרעמס האָבן זיך געריסן אים אַרומצונעמען.

איך האָב קיינמאָל פריער אַזוי פיל טעותן נישט געמאַכט ווי נעכטן און היינט. דאָס וואָרט בערנאַרד האָט זיך מיר פּשוט אין די שורות געפּלאָנטערט.

נאָך דער אַרבעט האָט מיך בערנאַרד אָפּגעוואַרט אונטן אין קאָרידאָר און מיר האָבן געמאַכט אַ לאַנגן שפּאַציר. איך האָב אים דערציילט ווי איך פיל זיך באַ דער אַרבעט, געפינענדיק זיך אַזוי נאָענט צו אים, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער לעבט דורך פונקט דאָס זעלבע,

וואָס איך. ער האָט מיר אָבער פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן זיך ביידע צוגעוויינען.

איך האָב דאַן מיט אים זיך מישב געווען וועגן אַרויסציען זיך פון זיין הויז.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, דאַרעלע, — האָט ער געזאָגט. — אַז איך אַליין האָב שוין פריער געדענקט וועגן דעם. ווען דו וועסט ווינען אַנדערש־ווו וועלן מיר גיכער האָבן אַ געלעגנהייט צו פאַרברענגען אַ שעה צוזאַמען. בײַ מיר אין הויז איז דאָס כּמעט אוממעגלעך. זי הייבט שוין אָן צו פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך.

— און ווי לאַנג דענקסטו דאָס צו באַהאַלטן פון איר ? — האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל קעגן מיין ווילן.

— דו הייבסט שוין ווידער אָן, דאַרעלע, — האָט ער זיך גענומען בעטן, בעת זיין פּנים האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ פּיינלעכן אויסדרוק

איך האָב זיך געמאַכט הארץ און אָנגעשטעלט אַ פרייליך פּנים, כּדי אויפצומונטערן מיין געליבטן, אָבער דער שמערצלעכער אויסדרוק האָט פון זיין פּנים נישט געוואָלט פאַרשווינדן.

12-טער אויגוסט.

איך האָב מורא, אַז פּיינמאַן וועט פון זינען אַראָפּ.

ער האָט מיך אָפּגעוואַרט גייענדיק פון עלעווייטער אַהיים און האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט ביז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך דאַרף מאָרגן גיין צו דער אַרבעט און מוז האָבן אַ ביסל שלאָף.

בײַ אים איז מער קיין ספק נישט, — האָט ער געזאָגט, — אַז בעסי קימערט זיך נישט מער וועגן אים; אַז זי איז פאַראינטערעסירט אין דעם מר. גאָלדמאַן א. אז. וו. און ווען איך האָב אים געפּרוווט איינ־רעדן, אַז עס שטעלט זיך אים בלויז פאָר, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּעקל בריוו און אַוועקגעלייגט פאַר מיר אויפן טיש.

— אָט טו אַ קוק, אויף טשעקאָוועס, — האָט ער זיך געבעטן. — זעט, וואָס פאַר אַן אונטערשיד צווישן די ערשטע בריוו אירע און די לעצטע, די ערשטע פול מיט ליבע, מיט וואַרעמקייט, מיט איבער־געגעבנקייט, און פון די לעצטע בלאָזט איינפאַך אַ קעלט. קוקט נאָר אָן דאָסדאָזיקע פּאָסט־קאַרטל, וואָס איך האָב היינט דערהאַלטן. דאָס וואָרט

ליבער איז אפילו דאָ נישטאָ. זי האָט עס באַוווסטזיניק אויסגעמיטן, איך קאָן עס פילן. און די האַנטשריפט! קרום און לאַם. די בוכשטאַבן נישט קיין דערענדיקטע, ווי זי וואָלט געזוכט וואָס גיכער מיך אָפּצופטרן. נו, מסתמא קיין צייט נישט געהאַט, געדאַרפט ערגעץ גיין אָדער פאָרן מיט דעם רייכן פּוסט-און-פּאַסטניק!

איך האָב געזעען, אַז דער בחור האָט רעכט. איך האָב אַרונטער-געלאָזט דעם קאָפּ און נישט געזאָגט קיין וואָרט.

— אייגנטלעך, איז דאָס רעכט אויף מיר, — האָט פיינמאַן נאָך אַ לענגערער פּויזע געזאָגט. — איך האָב כּשר פאַרדינט, זי זאָל מיך אַזוי באַהאַנדלען. מיין ליבע צו איר איז נישט געווען פון דער סאַמע טיפע-ניש פון מיין האַרץ און זי האָט עס גוט געפילט. איך האָב עס אייך אין יענעם בריוול נאָך געשריבן, אויב איר געדענקט עס, און איך האָב אייך מער'ערע מאָל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויפגעוועקט אין מיר די ליבע האָט — — אַן אַנדערע, נישט בעסי.

באַ פיינמאַנען אין פּנים האָבן די קאָלירן זיך געביטן און זיין קול האָט געציטערט, ווען ער האָט די לעצטע ווערטער אַרויסגערעדט.

— פאַרגעסט נישט יונגערמאַן, ווו איר האַלט אין דער וועלט — האָב איך זיך געווענדט צו אים מיט אַ געמאַכטן שמייכל. — ערשט אַ מינוט צוריק האָט איר באַשולדיקט בעסין און איצט ווילט איר אַליין באַגיין די זעלבע עוולה...

פיינמאַן האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן צום דיל און, קנאַקנדיק נערוועז מיט די פינגער פוןביידע הענט, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין:

מערקווירדיקע ברואים די מענטשן. איינער דעם צווייטן קאָן נישט פאַרשטיין, אפילו זיך אַליין איז שווער צו באַגרייפן. מען קאָן פּשוט משוגע ווערן. מען קאָן פון זינען אַראָפּ!

אַ לאַנגע צייט נאָכדעם ווי פיינמאַן איז אַוועק בין איך געזעסן צוזאַמענגעדרייט אין וויג-שטול און די לעצטע ווערטער זיינע האָבן מיר געשומט אין די אויערן.

„מערקווירדיקע ברואים די מענטשן. איינער דעם צווייטן קאָן נישט פאַרשטיין. אפילו זיך אַליין איז שווער צו באַגרייפן. מען קאָן איינפאַך משוגע ווערן. מען קאָן פון זינען אַראָפּ!"

# דאָס דריי און צוואַנציקסטע בלעטל

16-טער אויגוסט.

מיר דאַכט זיך, אַז איך פאַרליר אינגאַנצן מיין גליַיכגעוויכט. ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק בין איך געווען גרייט צו פאַרדאַמען בעסין פאַר איר לייכטזיניקייט און איצט שטיי איך אויף איר זייט אַן איבערצייגטע אין איר פעסטקייט פון כאַראַקטער און אומשולד פון הארץ.

דער אָרימער פיינמאַן! דאָס הארץ האָט אים נישט אומזיסט געשראָקן.

זי האָט נישט באַוויזן אָפּצורופן זיך פון וועג און איז געקומען צו לויפן וואָס גיכער צו עפענען פאַר מיר איר איבערפולט הארץ.

אָט דאָס הייסט פאַרליבט! און איך האָב אַלץ געדענקט, אַז קיינער קאָן נישט ליבן אַזוי שטאַרק און הייס ווי איך!!

— ווען דו ווייסט, וואָס פאַר אַ מענטש דער גאָלדמאַן איז, וואָלסט זיך נישט געוואונדערט, וואָס איך בין אַזוי משוגע פאַר אים, — האָט דאָס מיידל ווי זיך געבעטן בא מיר.

— ווי לאַנג צוריק האָסטו געזאָגט דאָס זעלבע פון מר. פיינמאַן? — האָב איך איר קעגן מיין ווילן פאַרגעוואָרפן.

בעסיס פנים איז טונקל רויט געוואָרן. אירע אויגן האָבן געטון אַ בליץ און איך האָב געמיינט, אַז זי גייט מיך „אויפעסן", אָבער באַלד האָט איר געזיכט זיך פאַרצויגן מיט אַ רויקן שמייכל און זי האָט געזאָגט:

— לאָז מיך דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, דאָרע, אַז צו פיינמאַנען האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט די זעלבע געפילן, וואָס צו מר. גאָלדמאַן. איך בין קיינמאָל נישט געווען זיכער, אַז מיר וועלן זיך אָפּשטעלן

איינע באַם אַנדערן, איך האָב געפילט, אַז מיין פריינטשאַפט צו אים איז געווען אַ מין סאָרט שיף־פריינטשאַפט, וואָס אַנטוויקלט זיך צווישן פּילַ־ווייניק צוגעפּאַסטע מענטשן, ווען זיי געפינען זיך אַ לענגערע צייט צו־זאַמען אונטערוועגנס. איך בין איצט מער ווי זיכער, אַז סיי איך, סיי ער האָבן די גאַנצע צייט פון אונזער באַקאַנטשאַפט טיף אין האַרץ געפילט, אַז ביידע צוזאַמען ווערן מיר געטראָגן צו איין ברעג, אָבער אַז אָנקומענדיק באַם ברעג, וועלן אונזערע וועגן זיך פונאַנדערטיילן. איך ווייס נישט, איך קאָן דיר נישט אַרויסזאָגן גענוי, וואָס אין הינטערגרונט פון מיינע געפילן איז פאָרגעקומען, נאָר דו מעגסט מיר גלייבן, אַז מיין ליבע צו פיינמאַנען איז געווען מער אַ קאַפּריז, ווי אמת ריינע ליבע.

— און לאָז מיך דיר זאָגן נאָך עפּעס: איך בין איצט פולשטענ־דיק איבערצייגט און האָב עס שטענדיק פריער געפילט, אַז פיינמאַנס לי־בע צו מיר איז אויך נישט געווען, ווי זאָל איך עס אָנרופן, פון גאַנץ באַשערט. עס איז אויך געווען נישט מער, ווי אַ קאַפּריז פון עפּעס אַ פאַרשטעלטער קראַפט. פיינמאַן האָט געזוכט אַ באַשערטע און האָט זיך אָפּגעשטעלט צופרידן, ווען ער האָט אין מיר געפונען אַ פריינט.

— פונדעסטוועגן פלעגסטו ווערן אַן „אויפגעקאָכטע", ווען פיינמאַן האָט אַ קוק געטון אויף מיר, אָדער אויף אַן אַנדער מיידל, — האָב איך איך זיך אָנגערופן אין שפּאַס.

— דאָס איז אַן אַנדערע זאַך, — האָט בעסי געזאָגט אין פאַר־לעגנהייט. — מעגלעך, אַז עס איז געווען דערפאַר אַליין, וואָס איך האָב זיך נישט געפילט זיכער מיט אים. איך וויל אָבער זיין אָפנהאַרציק מיט דיר און דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת. אַז נישט איין מאָל איז מיר אויף אַן אמת פאָרגעקומען, אַז פיינמאַן פלעגט פאַרשטעלן דיין בילד פאַר זיינע אויגן, ווען ער האָט געקוקט אויף מיר... מיך פלעגט עס אמת קרענקען, כאָטש איך האָב נישט געהאַט קיין ווונטש צו האַלטן זיין האַרץ אונטער אַ שלאָס.

— דענקסטו, אַז פיינמאַן וועט דיך אַזוי לייכט אָפּלאָזן! — האָב איך מיט אַ שמייכל מיין פריינט געפרעגט.

— אָפּלאָזן! — האָט בעסי כמעט אויסגעשריגן, — הער איך דאָס פון דיר אַזעלכע ווערטער? מיר גלייבט זיך קוים. אויף מיר האָט נאָך

קיינער קיין „מאַרטגעדזש״ ישט געהאַט. דאַן ווידער גלייב איך, אַז פיינמאַן אַליין װעט — אפשר נישט באַ דער ערשטער מינוט — זיך פילן דערלייכטערט און באַפרייט פון עפּעס וואָס איז אים געווען, אין אַ געוויסן זין, אַ שטערונג.

— גיי שוין, גיי שוין! — האָב איך בעסין אונטערגעבראָכן.

בעסי האָט מיר דאַן געגומען דערציילן פון דעם מר. גאָלדמאַן.

— דו האָסט אַ בחור מיט אַזאַ פעסטן כאַראַקטער ווי ער געוויס קיינמאָל נישט געזען, מען קאָן באַ אים קיין שפור נישט געפינען פון דער צעקראָכענער סענטימענטאַליטעט, פון וועלכער אַזעלכע בחורים ווי פיינמאַן זענען אָנגעשטעקט. ער קוקט מיט אַ קלאָרן בליק אויף אַלץ, רעדט מיט אַן אָנמשיידענעם טאָן און זיין יעדער קער און ריר איז פול מיט אַנטשלאָסנקייט און פעסטקייט. און קלוג איז ער — אַן אמתער חכם, זאָג איך דיר. ער קען די וועלט און פאַרשטייט די מענטשן, גאָרנישט ווי אַ בחור אין זיינע יאָרן. דערביי פאַרגעס נישט, אַז ער האָט געענדיקט אַ קאָלעדזש און איז אַ קינד פון גאַנץ רייכע עלטערן און צו די אַלע מעלות איז ער נאָך אַן אמת שיינער בלאָנדין, פון דעם סאָרט בלאָנדע, פאַר וועלכע ברונעטקעס האָבן געבעך אַ שוואַכקייט.

— הייסט עס, אַז באַ דיר איז פעסט באַשלאָסן, אַז וואָס ס׳האָט געזאָלט זיין פיינמאַן, זאָל זיין גאָלדמאַן? — האָב איך זיך שטיל צעלאַכט.

— יאָ, עס הייסט טאַקע אַזוי.

— האָסטו כאָטש געענדיקט אויסנייען דאָס טישטוך און די סערוועטקעס? — האָב איך ווייטער געלאַכט. — דו האָסט דאָך געשריבן, אַז וואָס מען פאַרזאָגט נישט, האָט מען נישט.

בעסיס אויגן האָבן אויפגעבליצט. זי האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און אַ צי טוענדיק מיך צו זיך, האָט זי געזאָגט:

— מיין באַקאַנטשאַפט מיט גאָלדמאַנען איז געקומען דורך מיין אויסנייעכץ. ער האָט מיך עטלעכע מאָל באַמערקט אויף דער וועראַנדע מיט דער האַנטאַרבעט, ביז ער איז איינמאָל צוגעקומען און באַטראַכטנדיק מיין מלאכה, האָט ער זיך געוווּנדערט, וואָס אַזאַ יונג מיידל, ווי איך, האָט צו טון מיט אַ טישטוך.

בעסי האָט מיך דאַן געפרעגט צי בא מיר איז דאָ עפּעס נייעס, צי זאָל איך האָב געקריגן עפּעס א „צושעפּעניש" אין קאָנטרי און איך האָב איר מיט א שמייכל געזאָגט, אז מיט וואָס איך בין אוועקגעפאָרן, מיט דעם בין איך צוריקגעקומען.

18-טער אויגוסט.

גאָט ווייסט, וואָס פון מיין טאַטן וועט איצט ווערן, אָדער — איך ציטער אויפן געדאַנק צו ברענגען — איז שוין געוואָרן.

לויט די לעצטע באַריכטן איז די מלחמה איצט אין רעכטן ברען, נישט ווייט פון ס., און וואָס דער רעזולטאַט פון דער שלאַכט זאָל נישט זיין, וועט אונזערע אָרימע יידן אויסקומען צו ליידן מער ווי אַלע.

פון פיל שטעט און שטעטלעך אַרום עסטרייכישער גרענעץ — שרייבן די צייטונגען — זענען די יידן צעלאָפן קוים מיט די נשמות, איבערלאָזנדיק הינטער זיך געמיטלעכע זקנים און פאַרפיניקטע פרויען — קרבנות פון די קאָזאַקישע רציחות. ווען חלילה עפּעס וועט פּאַסירן צו מיין פאָטער, ווייס איך נישט, וואָס פון מיר וועט ווערן.

19-טער אויגוסט.

וואָס טוט מען מיטן אָרימען פיינמאַן!

א גאַנצן אָוונט האָט ער מיר געגעבן מאָדנע אָנצוהערענישן — פון נאַרישע וועלטן און די פוסטקייט פון לעבן. אויב ער מיינט טאַקע ערנסט, פאַרשטיי איך ווירקלעך נישט, ווער די אמתע סיבה פון זיין צע-טראָגנהייט איז. אז ער האָט געליבט מיך מער ווי בעסין, איז בא מיר קיינמאָל קיין סוד נישט געווען, אָבער דאָ, דאַכט זיך מיר, איז איצט נישט קיין פראַגע פון ליבע, נאָר פון שטאָלץ. דעם אָרימען בחור טוט נעבעך דאָס הארץ ווי פאַר זיין באַליידיקטן שטאָלץ. הייסט עס דען נישט, אז בעסי האָט אים צום נאַר געמאַכט!

20-סטער אויגוסט.

איך בין געגאַנגען אויף א קליינעם שפּאַציר מיט בערנאַרדן נאָך

דער אַרבעט און מיר האָבן ביידע דאָס פאַרגעניגן שוין „אויסגע־קרענקט“.

ווען איך בין אַ האַלבע שעה שפּעטער ווי געוויינלעך אַהיימגעקו־מען, האָב איך געטראָפן בערנאַרדן אַן אויפגערעגטן. ער האָט, קענטיק, געכאַפּט אַ גוטע פּאַרציע פון איר. זי איז אַרומגעלאָפן הין און צוריק פון עסצימער אין קיך און פון קיך אין עסצימער, און יעדעס מאָל האָט זי געטון אַ זעץ מיט דער טיר, אַז דאָס געפּעס אין שאַנק האָט אויפגע־ציטערט.

— אַן אָנשיקעניש אַ ביסל! — האָט זי אויסגערופן, צוואַרפּנ־דיק מיר אַ פייערדיקן בליק. — זיץ און וואַרט אויף יעדן איינעם מיט סאַפּער!

ווען זי האָט געזעען, אַז איך קער זיך נישט אום, האָט זי זיך צעשריגן נאָך מער:

— בײַ לײַטן קומט מען צו דער צײַט, מען עסט אָפּ צו דער צײַט און מען האָט אַ פרייע מינוט פאַר זיך. און דאָ איז אַן אָנשיקע־ניש! דער מאַן קומט ווען ער וויל, די באָרדערקע קומט ווען זי וויל און איך, די דינסט, דאַרף אויף יעדן באַזונדער וואַרטן. איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, — האָט זי, טײַטלענדיק מיטן פינגער אויף בערנאַרדן, גע־שריגן, — אַז איך וויל מער אַזעלכע פּאַראַדקעס נישט האָבן. קאָן מען נישט קומען צו דער צײַט, קומט מען גאָרנישט!

ווי אומאָנגענעם מיר איז געווען צוצוהערן דער מיסים מענה לשון, האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון שמייכלען, ווען זי האָט די לעצטע ווערטער אויסגערעדט. בערנאַרדן איז עס אויך אויסגעקומען מער קאָמיש ווי טרויעריק, און ווען אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, האָבן מיר ביידע אַ שמייכל געטון.

זי האָט עס גלײַך באַמערקט.

— אַ שמחה אויף זייערע קעפּ! — האָט זי זיך צעשריגן מיט אַ פרישן אימפּעט. — זיי מייבען טאַקע, אַז איך וועל זיך לאָזן פירן פאַר דער נאָז. אַ קליינינקייט עפּעס, „געבילדעטע“ מענטשן!

— מאַך זיך נישט צו נאַר, מאַך זיך נישט ערגער, ווי דו ביסט, — האָט בערנאַרד זיך געבעטן בײַ איר, — דו וועסט דאָך שפּעטער אַליין חרטה האָבן.

איך האָב נישט געקאָנט צוזעען, ווי ער בעט זיך בא איר אַזוי. ער איז מיר פאַרגעקומען אזוי דערשלאָגן, אַזוי הילפלאָז, אַז מיר האָט באַם האַרץ אַזש פאַרקלעמט.

איך בין אַריינגעלאָפן צו זיך אין צימער, האָב זיך א וואָרף געטון אויפן בעט און איינגעגראָבן מיינע נאַסע אויגן אין קישן.

שפּעט באַנאַכט.

איך קאָן עס מער נישט אַריבערטראָגן. עס גייט שוין פּשוט איבערן האַלז. מאָרגן זאָג איך איר, אַז זי קאָן זיך זוכן עמעצן אַנדערש פאַרן צימער. איך קאָן אין דעם הויז מער נישט וווינען.

## דאָס פיר און צוואַנציקסטע בלעטל

22-סטער אויגוסט

נישט אַנדערש איך בין פון אייזן געמאַכט!

מיס בעלקין איז געקומען אַנהייב אָוונט און מיר האָבן געדענקט אַרויסגיין אויף אַ שפּאַציר, אָבער מיטאַמאָל האָט עס גענומען שטאַרק רעגענען און מיר האָבן געמוזט בלייבן אין הויז.

מיר זענען אַ היפּשע ווײַלע געזעסן בײַ מיר אין צימער און אינ-טים גערעדט צווישן זיך. מיס בעלקין האָט איבערגעקוקט מײַנע ביכער, האָט דורכגעבלעטערט מײַן ביכער-אַלבאָם און האָט געלייענט די כאַראַק-טערן פון די פאָטאָגראַפירטע פּנימער, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט באַ-געגנט און איך בין געווען איבעררּאַשט צו זען, וואָס פאַר אַ מענטשן-קענערקע זי איז. איבערהויפּט האָט זי פאַראינטערעסירט מײַנס אַ בילדל, וואָס איך האָב געלאָזט נעמען פון זיך, ווען איך בין זעכצן יאָר אַלט געווען, און בעסיס אַ בילד פון לעצטן זומער.

— אָט דאָס מיידל וואָלט איך געוואָלט קענען, — האָט מיס בעלקין געזאָגט, קוקנדיק פאַרטראַכט אויף בעסיס בילד. — זי שיינט מיר צו זײַן זייער אימפּולסיוו, גרונט-ערלעך און זעלבשטענדיק אין פולן זין פון וואָרט. דערצו שיינט זי מיר צו באַזיצן אַ בויגזאַמען גייסט, וואָס איז פעיק צוצופּאַסן זיך שנעל צו יעדער נייער סביבה.

ווען מיר זענען געזעסן אַזוי פאַראינטערעסירט אין געשפּרעך, האָט מיטאַמאָל די „מיסיס" זיך באַוויזן אין טיר.

— קומט אַרײַן אין עסצימער, טיי איז אויפן טיש, — האָט זי געזאָגט מיט אַ העפלעכקייט, וואָס איך האָב קיינמאָל פריער בײַ איר נישט באַמערקט.

מיס בעלקין האָט אויף מיר אַ קוק געטון מיט אַ פרעגנדיקן בליק

און ווען זי האָט געזעען, אַז איך האָב זיך מעכאַניש אויפגעהויבן, האָט זי אויך געטון דאָס זעלבע. מיר זענען ביידע נאָכגעגאַנגען דער באַלעבאָסטע.

אַ חוץ די טיי איז אויפן טיש געווען פּרוכט און וואַרעניעס.

— אַ גאַנצע פּאַרטיע! — האָב איך זיך אָנגערופן, מאַטערנדיק זיך אויסצומיידן בערנאַרדס בליק — מסתמא זיך געריכט אויף געסט?

— מיר אַליין זענען אויך גוטע געסט, — האָט די מיסיס זיך צעלאַכט מיט איר הילכיקן געלעכטער, — און דערביי לאָזט מיך אייך זאָגן ווי אַן אייגענעם מענטש, אַז איך האָב טאַקע היינט געמעגט מאַכן אַ שטיקל פּאַרטי. מיין מאַן האָט די וואָך געקריגן אַ העכערונג אויף די שכירות.

איך האָב געפילט, ווי דאָס געזיכט האָט זיך מיר אָנגעצונדן, און כּדי מען זאָל עס אָן מיר נישט מערקן, האָב איך זיך שנעל אומגעדרייט צום בופעט און גענומען כּלומרשט בלעטערן די צייטונג, וואָס איז פון אויבן געלעגן.

— אַ היפּשע מפּלה האָבן די ענגלענדער געכאַפּט פון די דייטשן! — האָב איך געזוכט צו צעשטרייען זיך.

— אָ, זי איז שוין דאָ מיט דער מלחמה! — האָט מיין באַלעבאָסטע אויסגערופן, פאַרוואַרפנדיק דעם קאָפּ אויף אַ זייט. — איך האָב נאָך נישט געזעען קיין איין מענטש וועמען די מלחמה זאָל אַזוי באַאומרויקן ווי זי. אָט לאָמיר זיך בעסער זעצן צום טיש. די טיי איז נישט צו הייס.

מיין בליק האָט זיך באַגעגנט מיט בערנאַרדס, און ווי מיר האָט זיך געדאַכט, האָב איך געהערט אַ לויזן זיפץ, וואָס האָט זיך פון צווישן זיינע פאַרפּרעסטע ליפּן אַרויסגעשפּאַרט. איך האָב מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק זיך געזעצט קעגנאיבער אים און מיס בעלקין האָט זיך געזעצט קעגנאיבער איר און, אַ וואָרט נישט רעדנדיק, האָבן מיר אַלע מיטאַמאָל, ווי אויף אַ סיגנאַל, גענומען זופּן פון די גלעזער.

— ווער וויל נאָך טיי? — האָט די באַלעבאָסטע געפרעגט, ווען די גלעזער זענען געוואָרן אויסגעליידיקט.

איך האָב מעכאַניש אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ און בערנאַרד האָט געטון דאָס זעלבע. מיס בעלקין האָט אָפּגעדאַנקט. זי

האָט געזאָגט, אַז מער ווי איין גלאָז טיי פֿאַרמאָל האָט זי קיינמאָל נישט געטרונקען.

די מיסיס האָט אַריינגעבראַכט דריי פֿרישע גלעזער טיי און האָט צוגערוקט די טעלערלעך מיט די וואַרעניקעס צו בערנאַרדן און מיר.

די שטימונג אַרום טיש איז געווען אַ מאָדנע געדריקטע. קיינער האָט, קענטיק, קיין פּאַסנד וואָרט געהאַט צו זאָגן און יעדן איינעם איז געווען ליבער צו שווייגן. בערנאַרד איז געזעסן אַריבערגעבויגן איבער דעם הייסן גלאָז טיי, ער האָט פֿאַרטראַכט געמישט דעם צוקער און די פֿאַרע האָט זיך געטראָגן ווי אַ גראָדער זייל פֿאַרביי זיין אַ ביסל פֿאַרשוויצט פּנים. די „מיסיס" האָט מיט אַ באַרזאָגטער מינע געווישט דאָס טישטוך אויפֿן פּלאַץ, וווּ אַ ביסל וואַרעניע האָט זיך אויסגעגאָסן און מיט בעלקין האָט פֿון אומגעדולד נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיך. דער רעגן האָט רוישיק געקלאַפּט אויף דער וועראַנדע און אויף די פֿענצטער און האָט ביסלעכווייז צוגעלייגט געוויכט צו דער שוין אַזוי אויך געדריקטער שטימונג.

— דו ווייסט, בערנאַרד, וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט האָבן אין הויז? — האָט די באַלעבאָסטע אונטערבראָכן די שטילקייט. — אַ פֿאָנאָגראַף. אָבער טאַקע אַ וויקטראָלאַ.

— איך וויל נישט קיין געמאַרענירטע מוזיק, — האָט בערנאַרד געענטפֿערט מיט אַ שמייכל, נישט אויפֿהייבנדיק די אויגן פֿון דעם גלאָז טיי.

— רייכערע פֿון אונדז האָבן פֿאָנאָגראַפֿס אין הויז! — האָט די באַלעבאָסטע זיך אָנגערופֿן מיט אַ פֿאַרפּיעשטשעטער מינע. זי האָט דאַן זיך צוגערוקט מיט איר שטול צו בערנאַרדס און מאַכנדיק כּלומרשט באַיוועס חנדעלעך, האָט זי זיך געבעטן:

— פּליז, בערנאַרד, „דאַרלינג", זאָג מיר צו, אַז דו וועסט אַריינבעמען אַ וויקטראָלאַ. אַלע מיינע באַקאַנטע האָבן וויקטראָלאַס. עס איז דאָך אַזוי אין סטיל. פֿרעג מיט בערמאַן, וועט זי דיר אויך זאָגן דאָס זעלביקע.

בערנאַרד האָט אויף מיר אַ קוק געטון און געוואָרט, וואָס איך וועל זאָגן. מיינע ליפּן האָבן זיך אָבער אַזוי פֿאַרפּרעסט, אַז איך האָב קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן.

— אַ גוטע וויקטראָלאַ איז גאַנץ אָנגענעם צו הערן, — האָט מיס בעלקין געפּרוווט מיר ארויסהעלפן.

— אַהאַ, זעסטו, איך האָב דיר געזאָגט, — האָט די מיסיס טריומפירנד אויסגערופן. — נו, טאָ זאָג מיר שוין צו, אַז דו וועסט עס קויפן.

איך האָב געמאַכט אַן אָנשטרענגונג און זיך אויך אַריינגעמישט אין געשפּרעך. איך האָב געזאָגט, אַז אויב שוין יאָ „געמאַרינירטע" מוזיק, וואָלט איך פאַרגעצויגן אַ פּיאַנאָלאַ צו אַ פאָנאָגראַף. צו אַ פּיאַנאָלאַ, האָב איך געזאָגט, קאָן מען כאָטש עפּעס אייגנס צולייגן, בעת צו אַ פאָנאָגראַף קאָן מען דאָס נישט.

— איך וויל נישט קיין „טאַפּטשאַנעס" אין הויז, — האָט די באַלעבאָסטע אויסגערופן מיט אימפּעט, זעענדיק, אַז בערנאַרד איז זיך מישב וועגן מיין פאָרשלאַג. — איך וויל אַ וויקטראָלאַ און „דאַטס אָל".

— און דו מיינסט, אַז אַלץ, וואָס מען וויל, מוז מען קריגן? — האָט בערנאַרד זיך געווענדעט צו איר מיט שפּאָס. — ס'זענען דאָ זאַכן, וואָס איך וויל און קאָן אויך נישט קריגן!

איך האָב זיך געפילט, ווי פון אַ ברענענדיקן פונק געטראָפן. עס האָט מיך געהויבן פון דער שטול. איך האָב זיך אָבער באַהערשט און בין געבליבן זיצן. בערנאַרדס פּנים האָט אויסגעדריקט טיפע פאַרלעגנהייט און דער באַלעבאָסטעס בליק איז האַסטיק געשפּרונגען פון מיר צו אים, ווי זי וואָלט אויף אונז עפּעס באַמערקט און האָט געזוכט אויסצוגעפינען, וואָס דאָס איז.

— איך ווייס וואָס דיר פעלט — האָט זי האַסטיק אַ זאָג געטון, פינטלענדיק מיט די אויגן אויף בערנאַרדן. — אָבער וועגן דעם איז איצט נישט די צייט צו רעדן. מיר וועלן רעדן וועגן דעם אַן אַנדערש מאָל, ווען מיר וועלן זיין אַליין. איצט וויל איך דו זאָלסט מיר פאַר מיס בערמאַן און איר פריינט געבן אַ וואָרט, אַז דו וועסט מיר קויפן אַ וויקטראָלא און טאַקע אַ גוטע. כאָטש פאַר אַ צוויי הונדערט דאָלאַר. נישקשה, דו קאָנסט עס באַהויפּטן, דו האָסט געקריגן די וואָך אַ פיינע העכערונג אין די שכירות.

— גוט איך וועל זיך מישב זיין — האָט בערנאַרד געענטפערט

מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל — אָבי לאָז איצט צורו מיט דיין וויקטראָלאַ.

— ביסט אַ גאָלד, ביסט אַ „דאַרלינג! — האָט די מיסיס אויס־געפּרופן מיט התפעלות — מיט אַלע דיינע חסרונות ביסטו נאָך בעסער פון אַלע אַנדערע מענער. רעדנדיק אַזוי האָט זי אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט פעסט אַרום האַלז און אים געטון אַ קוש אויפן שטערן.

איך האָב געפילט, אַז איך בין בלאַס געוואָרן, מיינע הענט האָבן ווי שטיקער האָלץ זיך אַרונטערגעגליטשט אויף מיין שויס און איך האָב געמיינט, אַז אָט־אָט ברעך איך צוזאַמען. איך האָב אָבער באַלד דער־פילט מיס בעלקינס פוס אונטערן טיש און האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ סיגנאַל פאַר מיר נישט צו פאַרלירן זיך. איך האָב מיט אַלע מיינע כוחות זיך צוזאַמענגענומען און פאַרנומען די גייסטיקע יסורים ווי אַ העלד.

מיס בעלקין איז מיר באַלד צו הילף געקומען. זי האָט זיך אויפ־געהויבן פון טיש און געזאָגט, אַז זי מוז שוין גיין. איך האָב זיך איר באַלד געזעגנט, זי איז ווי אַ געלעטעטע צו מיר אין צימער. פון מיין בעלקין איז אַוועק...

פאַרלאָזנדיק דאָס עסצימער, האָבן ווי עגבערס מיר געדרילט אין קאָפּ אירע ווערטער:

„געדענק־זשע, בערנאַרד, איך גיב דיר צוויי וואָכן צייט, איבער צוויי וואָכן זונטיק איז מיין געבורטס־טאָג־און קיין אַנדערן „בוירט־דעי"־פּרעזענט ווי אַ וויקטראָלאַ וועל איך פון דיר נישט אָננעמען".

23־סטער אויגוסט.

פיינמאַן ווייזט אַרויס מער שטאַרקייט, ווי איך האָב פון אים דער־וואַרט. ער פאַרטיידיקט בעסין און זאָגט, אַז ער האָט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר איר, פאַר האַנדלען לויט איר איבערצייגונג. דער אָרימער בחור פאַרשטייט אָבער נישט, אַז איך פאַרשטיי וואָס עס טרייבט אים אַרויסצושטעלן זיך אַזוי העלדיש.

דעם גאַנצן אָוונט האָט ער זיך געמאַטערט מיר איינצורעדן, אַז ער האָט נישט געהאַנדלט געגנוג מענלעך די גאַנצע צייט, וואָס ער איז אַרומגעגאַנגען מיט בעסין. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אַפּטמאָל האָט ער זיך אַליין געמאַכט פאָרווורפן פאַר אַרויסווייזן בעסין די ליבע און

פריינדשאַפט, וואָס ער האָט אײנאמתן געפילט פאַר אַן אַנדערער... ער האָט זיך געפרווט פאַרטיידיקן, אַז ער האָט עס געטון אויס פאַרצווייפלונג.

איך האָב געפילט, אַז איך וואָלט אים אין זיבעטן הימל אַרײַנגעזעצט, ווען איך פרעג אים ווער די אַנדערע איז. ער האָט מיר אַלץ געקוקט אין די אויגן און האָט זיך געמאַטערט צו לייענען מיינע געדאַנקען, אָבער אַן אַ פראַגע פון מיין זייט, האָט ער נישט געוואַגט אַרויסצורעדן, וואָס עס האָט אים אַזוי שטאַרק געדריקט אויפן האַרץ.

— איך האָף, אַז איר וועט מיר ווען עס איז געבן אַ געלעגנהייט צו לאָזן זיך בעסער דערקענען צו אייך, — האָט דער אָרימער פיינמאַן זיך געבעטן. — וויפיל מאָל איך האָב פאַר אייך געוואָלט קלאָר מאַכן, וואָס מיט מיר איז — האָט איר מיר אונטערבראָכן אינמיטן.

— איך האָב שוין אַזאַ שלעכטע נאַטור — האָב איך אים געענטפערט מיט אַ געלעכטער. — אַז דאָס, וואָס איך וויל נישט הערן, וויל איך נישט יענער זאָל צו מיר רעדן.

באַם אַהיימגיין האָט ער אָנשטעלנדיק אַ רחמנות־פּנים מיך געפרעגט, ווען ער קאָן מיך ווידער זען און, נישט האָבנדיק קיין האַרץ צו וויי־טון אים, האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל זיין אינדערהיים מיטוואָך אינאָוונט.

איך מוז שאָקלען מיטן קאָפּ אויף זיך אַליין. איך הייב אָן אויסצוקוקן מאָדנע אין מיינע אייגענע אויגן.

## דאָס פינף און צוואַנציקסטע בלעטל

27-סטער אויגוסט.

זינט פיינמאַן איז געוואָרן באַ מיר אַן אָפּטער אריינגייער, ווייזט זיך מיין מיסיס אַרויס פיל פריינדלעכער צו מיר.

נעכטן אָוונט איז זי געווען אַזוי גוט אויפגעלייגט און אַזוי קלעפּיקזיס צו מיר, אַז איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן צו זאָגן איר, זי זאָל נישט מאַכן אַזאַ גרויסן טעות...

נאָך פיינמאַנס אַוועקגיין, ווען איך האָב זיך שוין גענומען גרייטן צו בעט, איז זי אַריינגעקומען צו מיר אין צימער כלומרשט פרעגן מבינות אויף איר נייעם שלאָפראָק. איך האָב איר געזאָגט דעם אמת, אַז דאָס מלבוש קוקט אויס זייער נעט און פּאַסט איר אויסגעצייכנט. זי האָט פאַרשמאַכט (?) פון מיין מבינות און האָט געזאָגט, אַז אויב איך וויל, קען זי זאָגן איר מאַן צו באַשטעלן אַזאַ פאַר מיר. ער האָט עס געקויפט, האָט זי געזאָגט, באַ זיינעם אַ פריינט, וואָס איז נאָר-וואָס אַריין אין די ביזנעס.

איך האָב מיין מיסיס באַדאַנקט פאַר איר פריינדלעכקייט. איך האָב איר געזאָגט, אַז דערווייל דאַרף איך נישט קיין שלאָפראָק. איך האָב דאַן אַרונטערגעצויגן דעם ראָלעט איבערן פענצטער און האָב גענומען צורעכט מאַכן דאָס בעט. מיין באַלעבאָסטע האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט.

— זענען טאַקע בעסי און פיינמאַן אויס חבר? — האָט זי געפרעגט, אַנשטעלנדיק אויף מיר אַ נייגיריקן בליק.

— עס זעט אַזוי אויס, — האָב איך געענטפערט, צוגרייטנדיק מיין נאַכט-העמד.

— איר ווייסט. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַלטן צופיל פון בע-

סין! — האָט מיין מיסיס געזאָגט אין דער שטיל. ווי זי וואָלט מיר א כוד פאַרטרויט. — ווי קומט אזא מיידל צו אזא יונגנמאַן ווי פיינמאַן!

— דאָס איז נישט אונזער עסק! — האָב איך איבערגעשלאָגן מיין מיסיס. — יעדער איינער האָט א רעכט צו האַנדלען, ווי ער פאַרשטייט און ווי ער פילט.

— נישקשה, מיר באַרעדן חלילה קיינעם נישט. — האָט מיין באַ־לעבאָסטע געזאָגט, שמייכלענדיק אין פאַרלעגנהייט. — וואָס איך האָב געמיינט צי זאָגן איז — איך האָף, אז איר וועט נישט נעמען פאַר אומ־גוט — אז פאַר אייך איז פיינמאַן א בעסערע פאָר, ווי פאַר בעסין. וואָס דאַרפט איר מער, מיין מאַן אפילו האָט עס שוין געזאָגט.

איך האָב מיין באַלעבאָסטע געוואָרפן א בליק, וואָס האָט איר דייט־לעך געזאָגט: מ'בעט אייך נישט, איר זאָלט זיך מישן און האָב, א וואָרט נישט רעדנדיק, גענומען האַסטיק זיך אויסטון.

— איר מוזט מיר אַנטשולדיקן. האָב איך געזאָגט מיט א געצוווּנ־גענער העפלעכקייט, — איך בין זייער מיד און שלעפעריק.

— פאַרקערט, איך דאַרף בא אייך בעטן אַנטשולדיקונג, — האָט מיין באַלעבאָסטע מיט אימפעט אָבער פריינדלעך אויסגערופן. — א גוטע נאַכט, אַנטשולדיקט.

שעהנלאַנג בין איך אָפגעלעגן און האָב קיין אויג נישט געקאָנט צו־מאַכן. אין קאָפּ האָט מיר שרעקלעך געטומלט און אין די אייערן האָבן מיר געשוימט די ווערטער: מיין מאַן — האָט אפילו — שוין געזאָגט...

28־סטער אויגוסט.

בערנאַרד האָט געוואַרט אויף מיר אויף דער סטאַנציע און מיר זענען געפאָרן צוזאַמען אין אָפיס.

ער איז געווען זייער בלאַס און אויפגערעגט און האָט זיך אַלץ געמאַטערט איינצוהאַלטן די זיפצן.

פיר־פינף סטאַנציעס זענען מיר אָפּגעפאָרן א וואָרט נישט רעדנדיק איינער צום אַנדערן. מיר האָבן נאָר פון מאָל צו מאָל זיך אָנגעקוקט און פילנדיק, אז מיר פאַרשטייען זיך פולשטענדיק, האָבן מיר נישט געפונען פאַר נייטיק צו רעדן. צום סוף האָט בערנאַרד אונטערגעבראָכן די שטילקייט:

— דו ביסט מיר צופיל פאַרדאגהט, דאַרעלע, — האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטן זיפץ. — דאָס קומט אָבער אַלץ פון דעם, וואָס דו האָסט נישט קיין געדולד. איך האָב באַ דיר זיך שטענדיק געבעטן: האָב געדולד, האָב געדולד! און דו מיינסט, אַז איך מיין דאָס גלאַט אין דער וועלט אַריין.

— איך גלייב, אַז איך האָב מער געדולד ווי דו, — האָב איך געענטפערט ערנסט. — אַז איך האָב געקאָנט אַריבערטראָגן די סצענע באַם טיש זונטיק אָוונט, בין איך, דאַכט זיך, שטאַרקער פון אייזן און געדולדיקער פון גאָט אַליין.

— דערמאָן מיך נישט יענעם אָוונט, — האָט זיך בערנאַרד געבעטן. — איך פיל, ווי גיפט וואָלט זיך מיר געגאָסן אין האַרץ, ווען איך טראַכט פון אים.

— וואַרט, דאָס איז נאָר אַ פאָרשפּיל — האָב איך זיך אָפּגערופן נאָך אַ קורצער פּויזע. — די אמתע סצענעס, די אינטערעסאַנטע, וועלן ערשט קומען. איך זע שוין קלאָר, אַז זי ווייסט וואָס צווישן אונז קומט פאָר. זי דענקט אָבער, אַז זי איז דער תּקיף. זי האָט די געזעצלעכע רעכט און די סימפּאַטיע פון דער וועלט אויף איר זייט. איך האָב זונטיק אָוונט גוט געפילט — און איך גלייב, אַז מיין פריינט מיס בעלקין האָט עס אויך געפילט, אַז די קושן, וואָס זי האָט דיר געגעבן, זענען נישט געווען אַזוי פון ליבע צו דיר, ווי מיר אויף צופּוקעניש. איך האָב געזען אין איר בליק, ווי זי זאָגט: אָט קוק און ווער צעזעצט. איך קאָן אים קושן פאַר דער גאַנצער וועלט און דו — אַ קדחת; איך זאָג דיר אָבער, אַז איך פיל זיך נישט שטאַרק גענוג צו קאָנען אַזעלכע סצענעס אַריבערטראָגן. איך מוז אַנטלויפן פון דיין הויז אַזוי גיך, ווי מעגלעך.

בערנאַרד האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך געביסן די ליפּן פון נערוועזקייט.

— נאָר געדולד! — האָב איך אים אַריינגעשושקעט אין אויער און געשמייכלט קעגן מיין ווילן.

אונזערע שכנים פון די זייטן, ווי אויף דער אַנטקעגנדיקער באַנק, האָבן אויף אונז געקוקט מיט נייגיריקע בליקן. איבערהויפּט האָט פון אונז די אויגן נישט געוואָלט אַראָפּנעמען די גאַנצע צייט אַ מיטליעריקע פרוי, וועלכע איז געזעסן פונקט קעגנאיבער מיר.

— זעכט, דאָ זיצט אַ דעטעקטיווישע אַנטקעגן, — האָב איך כלומרשט ערנסט געזאָגט צו בערנאַרדן. — מעגסט שוין באַצייטנס זיך ריכטן אויף אַ גט־פּראָצעס.

— פאַר דעם שרעק איך מיך טאַקע ! — האָט בערנאַרד געענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל.

— נאַר מאַך זיך נישט פאַר אַזאַ העלד ! — האָב איך אויסגערופן, אַ צי טוענדיק בערנאַרדן פאַר דער האַנט.

בערנאַרד האָט אַ וואָרט נישט געענטפערט. ער האָט נאָר אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע טיפע ליכטיקע אויגן און איך בין גלייך געווען גרייט צוריקצוציען מיינע לעצטע ווערטער.

צוריק פון דער אַרבעט זענען מיר אויך געפאָרן צוזאַמען. איך בין אָבער אַרונטער בײַ טרימאָנט עווניו און דעם איבעריקן וועג געגאַנגען.

30־סטער אויגוסט.

ווען איך גיי צו מיין טאַנטע, מוז איך נאָכהער חרטה האָבן !

זי האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז זי איז שוין דאָ צוריק פון קאַנטרי און ווי האָב איך געקאָנט זיין אַזוי גראָב און נישט צופאָרן זען, וואָס זי און די קינדער מאַכן ?

דער אָנקל האָט זיך מיט מיר „ארומגעכאַפּט”, ווי ער וואָלט טאַקע געהאַט געבענקט נאָך מיר. „עס שטייט איר גאַרנישט אָן צו קומען צו אונז”, האָט ער געזאָגט כלומרשט מיט אַ פאַרוואורף. „שוין אפשר אַ יאָר דאָ אין הויז נישט געווען !”

— קיין יאָר איז דערוויייל נאָך נישט, — האָט די טאַנטע מיך געזוכט צו פאַרטיידיקן. — זי איז דאָ געווען, לאָמיר זיך נאָר גוט דער־מאָנען, אַ פאַר וואָכן איידער מיר זענען אין קאַנטרי געפאָרן. נאָר צווישן אונז זאָל עס בלייבן, זי איז קיין צו הייסע פלימעניצע יעדנפאַלס נישט.

די טאַנטע האָט מיר דערציילט פון די „גוד־טיימס”, וואָס זי האָט געהאַט אין קאַנטרי, וויפיל זי און די קינדער האָבן „צוגענומען” אין וואָג און מיר אויסגעגעסן דאָס האַרץ, פאַרוואָס איך בין נישט געקומען פאַרברענגען מיין וואַקאַציע מיט איר. איך האָב איר אָבער פאַרזיכערט,

אַז קיין שענערער און בעסערער פּלאַץ, ווי איך בין געווען, קאָן גאָר ניט זיין.

איך האָב מיין טאַטע געפרעגט פאַרוואָס עס איז בא איר נאָך פּאַר סאַפּער און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וואַרט אויף אַ גאַסט, אַ געוויסן מר. האַנדעלסמאַן, אַ מאַן פון דער סוויטה, וועלכער איז געקומען פאַר ביזנעס אויף עטלעכע טעג. זי האָט געזאָגט, אַז דער מר. האַנדעלסמאַן איז געגאַנגען מיט מיין טאַטן אין איין חדר, און אַז מיין טאַטע און ער זענען שטענדיק געווען די בעסטע פריינט און עס וועט פאַר איר געוויס זיין אַ גרויסע שמחה צו באַגעגענען זיין אַמאָליקן פריינטס טאָכטער.

— וואָס וועט מיר אָבער אַרויסקומען פון זיין שמחה, — האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל מיט אַ געלעכטער.

דעם אָנקלס פּנים האָט מיטאַמאָל אויפגעשטראַלט, ער האָט געטון אַ ווונק צו דער טאַנטע און איז אַריין אין פּאַרלאָר־צימער. די טאַנטע איז אויך אַהין אַריין און נאָך אַ קורץ שושקען זיך זענען זיי ביידע אַרויסגעקומען מיט שטראַלנדע פּנימער.

דער אָנקל האָט, נישט ווייסנדיק וואָס צו טון מיט זיך, געקרייזלט די וואָנסעס און געקוקט פאַרטראַכט אויפן זייגער, וועלכער האָט נאָר־וואָס אויסגעשלאָגן זיבן. די טאַנטע האָט אַ פּאָר מאָל אָפּגעהוסט און געזאָגט:

— מיין נישט, אַז מר. האַנדעלסמאַן איז אַן אַלטער מאַן. ער איז גוטע פינף יאָר ייִנגער פון דיין טאַטן. דיין טאַטע, גלייב איך, איז געוואָרן דריי און פערציק יאָר דעם צווייטן טאָג שבועות. הייסט עס, בכן, איז מר. האַנדעלסמאַן אַלט אַ יאָר אַכט און דרייסיק. די בעסטע יאָרן פאַר אַ מאַנסביל.

— וואָס גייט עס מיך אָן צו וויסן, איז ער דען אַ בחור? — האָב איך געפרעגט שטיפעריש.

— קיין בחור איז ער נישט, — האָט מיין טאַנטע געזאָגט שטאַרק אייפעריק. — עס איז אָבער אַלצאיינס ווי ער וואָלט געווען אַ בחור. ער איז אַן אַלמן אָן קינדער און רייך איז ער, אויסער זיין שאָדן אויף דיין טאַטן און אונז געזאָגט געוואָרן. ער האָט אַ גאַלאַנטעריע־קראָם איז זי ווערט אפשר צוויי מאָל הונדערט טויזנט. הלוואי געפעלסטו אים נאָר, ווי עס וואָלט געווען דאָס גרעסטע גליק פאַר דיר.

— הלוואי געפעל איך אים! — האָב איך אויסגערופן פון צווישן פאַרשצימעטע ציין. איך האָב געוואָלט מכבד זיין מיין טאַנטע מיט א גוטע פּאַרציע, נאָר דאָס קאָמישע פון דעם גאַנצן געשפּרעך האָט מיר נישט דערלויבט צו זיין ערנסט און איך האָב באַלד אויסגעשאָסן מיט א געלעכטער.

איידער איך האָב באַוויזן זיך גוט אויסצולאַכן, איז אַריין דער גאַסט — א ייד אין די יאָרן מיט ברייטע פּלייצעס, א פאַרברוינט שטאַרק צעקנייטשט פּנים און אַרויסשטעקנדע אומרויקע גרויע אויגן.

— איך קאָן שווערן, אַז דאָס איז רפאלס טאָכטער! — האָט דער ייד פון דער סויטה אויסגערופן מיט א קוויטשיק קול, ווען ער האָט מיך דערזעען. — פּונקט צוויי טראָפּנס ווי ער.

די טאַנטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי א צייכן, אַז ער האָט געטראָפן און מר. האַנדלסמאַן האָט אין מיר זיינע שפּיציקע אויגן איינגעגריאָבן און זיך נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן פון די ענלעכקייט, וואָס איך האָב צו מיין טאַטן. דער אָנקל איז געשטאַנען אָן א זייט און געוואָרפן צו דער טאַנטע פאַרגנבעטע בליקן, וואָס האָבן געזאָגט: עס איז „אָלרייט", ווי דו זעסט מיך א לעבעדיקן, זי געפעלט אים!

מר. האַנדלסמאַן האָט מיך געפרעגט, ווי גייט עס דעם טאַטן און איך האָב אים געזאָגט, ווי פאַרצווייפלט איך בין וועגן זיין לאַגע. ער האָט מיך געטרייסט און פאַרזיכערט, אַז מיין טאַטע איז נישט קיין „גרינער" און וועט שוין געפינען א וועג צו אַנטלויפן פון רוסלאַנד, אויב ער וועט עס נאָר געפינען פאַר נייטיק.

נאָך סאַפּער האָט דער אורח אַרויסגענומען די גאַנצע משפחה אויף אַן אויטאָמאָביל נאָך „קוני איילענד", ער, און נאָך מער, מיין טאַנטע, האָבן זיך געפילט געקרענקט פאַרוואָס איך האָב נישט געוואָלט מיטפאָרן. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב אַן „אַפּאָינטמענט".

— דו נאָר מיט דיינע אַפּאָינטמענטס! — האָט די טאַנטע זיך צעקאָכט, ווען איך האָב פון איר אָפּשייד גענומען. — יו מעיק מי סיק! ווּעסט זעען, דו וועסט פאַרבלייבן א מויד ביזן גרויען צאָפּ!

# דאָס זעקס און צוואָנציקסטע בלעטל

2-טער סעפּטעמבער.

איינער פון מיינע באַלעבאַטים איז נעכטן פּלוצלינג געשטאָרבן און בײַ מיר איז היינט אַ יום-טוב געווען.

און נאָך וואָס פאַר אַ יום-טוב! אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט מיט בערנאַרדן, פאַרגעסן אָן דער גאַנצער וועלט און געלעבט נאָר פאַר זיך און פאַר אים.

איך האָב קיין באַגריף נישט געהאַט אינדערפרי, ווען איך בין אויפגעשטאַנען, אַז מיך דערוואַרטעט אַזוי פיל גליק. איך האָב דאָס הויז פאַרלאָזט מיט אַן אָנגעלאָדן האַרץ און מיט אַ געפיל, אַז עס שטייט מיר ווידער פאַר אַ לאַנגער, גרויער טאָג, אָבער באַלד איז דאָס גרויע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלוי און גאָלד און איך האָב זיך מיטאַמאָל געפונען אין דער וועלט, צו וועלכער מיין פאַנטאַזיע האָלט מיך תמיד אין איין שלעפּן און ציען.

איך בין געווען שטאַרק איבערראַשט צו זען בערנאַרדן בײַם „על׳׳-סטיישאָן בײַ מיין אַרונטערקומען. ער איז אַרויס פון הויז אַ גוטע האַלבע שעה פריער, ווי איך, און מיר האָט זיך אויפן געדאַנק נישט געלייגט, אַז איך וועל אים זען, איידער איך וועל קומען אין אָפיס.

— וואָס עפּעס מיטאַמאָל? — האָב איך אומגעדולדיק אַ פרעג געטון, — ווערסט נישט זיין שפּעט?

— מיר זענען היינט ביידע שפּעט, — האָט בערנאַרד געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— וואָס איז געשען! — האָב איך כמעט אויסגעשריגן. —

זאָג מיר גיכער, מען האָט דיר, מען האָט אונז פון די שטעלעס אָפּגעזאָגט ?

— נאָר אויף איין טאָג, אויף היינט.

— איך פאַרשטיי דיך נישט, איך בעט דיך, צי מיר נישט מיינע עצמות, מיינע נערוון און מיין געדולד האַלטן זיך אויף אַ האָר. — האָב איך זיך געבעטן, אָנכאַפּנדיק מיין געליבטן פאַר ביידע הענט.

בערנאַרד האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און, פאַרנעמענדיק זיך מיט מיר צו בראָדוויי, האָט ער מיר דערציילט, אַז מר. ריטש, דער יינגסטער פון אונזערע דריי באַלעבאַטים, איז די לעצטע נאַכט געשטאָרבן פון אַפּאָפּלעקסיע, און אַז „אויס כבוד פאַרן געשטאָרבענעם, וועט דער אָפיס זיין געשלאָסן דעם גאַנצן טאָג.

— נו, און וואָס וועלן מיר טון מיט זיך אַזאַ לאַנגן, שיינעם טאָג ?— האָב איך געפרעגט, בעת מיינע אויגן האָבן אָן אַ ציל גענומען קוקן אין דער ווייטקייט.

— איך האָב שוין אָפּגעקלערט, וואָס מיר זאָלן טון, — האָט בערנאַרד געענטפערט מיט זעלבסטצופרידנקייט. — מיר וועלן האָבן אַ „פּיק־ניק”.

— וווהין וועלן מיר פאָרן ?

— דאָס איז שוין נישט קיין אונטערשיד. פון אָנהייב האָב איך געטראַכט, מיר זאָלן פאָרן מיט דער שיף אין אזבורי־פאַרק, אָבער איך האָב זיך באַלד אַרומגעזועגן, אַז מיר קאָנען עס נישט טון, אויב מיר ווילן קומען אַהיים צו דער צייט. איך האָב דעריבער באַשלאָסן, מיר זאָלן פאָרן צום אַלטן און תמיד יונגן קוני־איילענד.

— מיר מאַכט נישט אויס, וווּ מיר וועלן פאָרן, — האָב איך געזאָגט, אָנקלאַמערנדיק זיך פעסט אָן בערנאַרדס אָרעם. — איך בין גרייט צו פאָרן מיט דיר אפילו אין עק וועלט.

מיר זענען געגאַנגען לאַנגזאַם, דאָ רעדנדיק פאַרטרוילעך און דאָ שווייגנדיק פאַרטראַכט, איבערן קאָכיקן בראָדוויי. דאַן איבער רוישנדע קווער־גאַסן און איך האָב נישט באַמערקט ווי די צייט איז איבערגעלאָפן, ווען מיר האָבן מיטאַמאָל זיך געפונען אויפן פיער פון דער צוויי און פערציקסטער גאַס, וווּ אַ שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפצונעמען פּאַסאַזשירן פאַר קוני־איילענד.

מיר האָבן זיך אויסגעזוכט אַ פּלאַץ אויף דער העכסטער דעק אין סאַמע פאָרנט פון שיף. דער ווינט, וועלכער איז אין שטאָט געווען קוים צו שפּירן, האָט אָבער אונז נישט געלאָזט איינזיצן רויק. וואָס נענטער די שיף איז געקומען צום ים, האָט דער ווינט זיך אַלץ מער פונאַנדערגעשפּילט. ער האָט געריסן די קליידער פון אונז און די צווי הענט האָבן אונז נישט געקלעקט צו באַשיצן זיך פון זיין העפטיקן וואָוטה.

דאָ האָט דער ווינט געטון אַ בלאָז מיינע האָר און זיי האָבן גענומען פלאַטערן אויף אַלע זייטן, דאָ האָט ער געטון אַ ריס פון האַנט מיין לייכטן הוט און איך האָב געמיינט, אַז אָט פליט ער אין ים אַריין, דאָ האָט ער מיר געטון אַ האַסטיקן צופּ פאַרן קלייד און איך האָב געמוזט שנעל מיט ביידע הענט פאַרכאַפּן, ער זאָל עס מיר אין פּנים נישט אַריינבלאָזן. בערנאַרד האָט געמאַכט אַלערליי אָנשטרענגונגען מיר אַרויסצוהעלפן, ער האָט אָבער געהאַט אַליין גענוג צו טון מיטן ווינט און האָט ווייניק וואָס געקאָנט טון פאַר מיר. דער קליינער עולם, וואָס איז געווען פאַרקליבן אַרום די ווענט פון קאַפּיטאַנס קאַיוטע, האָט געשמייכלט, קוקנדיק אויף אונז, און מיר האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָבן אויך געשמייכלט.

אַרויספאָרנדיק פון „בעי" האָט דער ווינט זיך אַ נעם געטון צו אונז מיט גאָר אַ פרישן איםפּעט, ווי ער וואָלט זיך געבריהט פאַרן עולם אויף דער אייבערשטער דעק. מיר האָבן זיך געפילט געצוווּנגען אונטערצוגעבן און האָבן פאַרלאָזט דעם אויבנאָן פון שיף.

אַ זייגער עלף זענען מיר אָנגעקומען אין קוני-איילענד.

אין דעם בלענדענדן ליכט פון טאָג האָט דאָס לוסטיקע אינזל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אָפּגעלעבטע קאָקעטקע, ווען זי שטייט אויף פון שלאָף. אָן דעם טונקעלן הינטערגרונט פון דער נאַכט און די טויזנטע קאָלירטע עלעקטרישע פייערלעך האָבן די וווּנדערבאַרע „סינע-ריס" אין די גרעסטע ווי די קלענסטע אַמוזירונגס-פּלעצער אויסגעזען אָרים, אָפּגעריסן. פאַר די אויגן האָבן זיך געוואָרפן הילצערנע, בלעכענע און לייוונטענע ווענט, געשמאַקלאָז באַשמירט מיט שיטערע ביליקע פאַרבן. די פאַנטאַסטישע געביידעס מיט די משונהדיקע טורמס און קופּאָלן, וואָס שטראַלן בײנאַכט אין גלאַנץ און פּראַכט אונטערן קוני-איילענדער הימל, האָבן אין דעם שיין פון טאָג געמאַכט דעם איינדרוק פון

אָרימע גאַסן פרויען, ווען זיי טראַכטן פאַר זיך אין דער שטיל וועגן זייער ביטערע עקלדיקע פּרנסה. די שפּיל־קאַסטן־מוזיק און די הייזעריקע קולות פון די טרובע־שרייער אויף שריט און טריט האָבן אויך נישט געמאַכט קיין טייל פונם געהיימנישפולן איינדרוק, וואָס זיי מאַכן באַנאַכט, ווען קוני־איילענד איז „אויף".

אויף די טראָטואַרן און די גאַסן איז געווען אַ מאָדנער געמיש פון מענטשן, יונגע שיין פאַרפּוצטע כאַר־מיידלעך, אַלטע גוט געפּלעגטע בעלי־עבירהניקעס, שכורע מאַטראָסן, נישט קיין אויסגעשלאָפענע פּוסט־און־פּאַסניקעס, באַלעבאַטישע פרויען פון אַלערליי פאָרמען, פיל פון זיי אין באָד־אָנצוגן און מענער, מערסטנטייל יונגע מיט נאַקעטע פיס און הוילע אָפּגעברענטע אָרעמס און שולטערס. אַ טייל פון דעם עולם האָט זיך געלאָזט אין די רעסטאָראַנען און „לאָנטש־רומס", פון וועלכע אַ ריח פון „פראַנקפורטערס" און אַלערליי טאַנדעטנע געבראָטנס האָט זיך געטראָגן. אַ טייל איז געלאָפן אין די מווינג־פּיקטשור־פּלעצער, אַ טייל איז געלאָפן צום ברעג ים און אַ טייל האָט זיך אַזוי אַרומגעדרייט, נישט ווייסנדיק וואָס צו טון מיט זיך.

מיר האָבן, אַזוי שנעל ווי מיר האָבן געקאָנט, זיך דורכגעשפּאַרט דורך די מענטשן־מאַסן און באַלד זענען מיר געווען בײַם וואַסער.

דער ווייסער ברייטער זוים פון ים איז געווען געדיכט באַדעקט מיט מענטשן, יונג און אַלט, די גרעסטע טייל אין באָד־אָנצוגן. קינדער אין די צענדליקער האָבן זיך געשפּילט מיטן ווארעמען זאַמד, האָבן געגראָבן „טונעלן". האָבן געבויט פעסטונגען און איינע די אַנדערע פאַרשאָטן אונטער די טרוקענע וואַרעמע קערנדלעך. בחורים און מיידלעך, מענער און פרויען זענען געלאָפן, געשפּרונגען פון זאַמד אין וואַסער און פון וואַסער אויפן זאַמד. דער ים איז געווען שטאַרק אומרויק און דאָס גערויש פון די כוואַליעס האָט איבערגעשטיגן צען מאָל די געשרייען און קווישערייען פון די באָדנדיקע.

בערנאַרד האָט מיך געפרעגט, אויב איך בין אַ בעלנטע זיך אויסצובאָדן. ער האָט געזאָגט, אַז דער ים איז אפילו צו ווילד, דאָך, דענקט ער, איז קיין סכנה נישט.

מיר זענען צוגעגאַנגען צו דעם נאָענטסטן באָד־הויז און עטלעכע

מינוט שפּעטער זענען מיר אַרויס פון צוויי באַזונדערע טירן פאַרטיק צום באָדן.

מיר האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און פאַרשעמטע אַרונטערגעלאָזט די אויגן צום זאַמד.

עפּעס האָב איך זיך געפילט אַזוי מאָדנע, שטייענדיק פאַר בערנאַרדן אין דעם קורצן, דינעם באָד-קליידל, וואָס איז צוגעפּאַסט צו מיין לייב, ווי עס וואָלט געווען פון גומי-שטאָף געמאַכט. איך האָב זיך נישט געהאַט ווו אַהינצוטון מיט מיינע נאַקעטע אָרעמס און מיינע נאַקעטע שולטערס, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט מיט זייער גאַנצער רונדקייט פון אונטער די שמאָלע קרייזלעך.

ווען מיין בליק איז געפאַלן אויף בערנאַרדס האַלב-אָפּגעדעקטן מוסקוליעזן קערפּער, איז מיין פאַרלעגנהייט נאָך גרעסער געוואָרן. איך האָב געפילט, ווי איך בין געוואָרן רויט אין פּנים און מיין האַרץ האָט שנעל גענומען קלאַפּן. בערנאַרד האָט, קענטיק, אויך דורכגעמאַכט דאָס זעלבע, וואָס איך. ער האָט אַ היפּשע ווייַלע נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיך. ענדלעך האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט, האָט מיך געטון אַ כאַפּ אונטערן אָרעם און באַלד זענען מיר ביידע געווען אין ים.

דאָס וואַסער איז פון אָנהייב געווען צו קאַלט פאַר מיר, אָבער נאָכדעם ווי איך האָב איינמאָל און אַ צווייט מאָל זיך אָפּגעטונקט, האָב איך די קעלט מער נישט געפילט. די כוואַליעס זענען געווען גוואַלטיק שטאַרק. יעדעס מאָל, ווען אַ כוואַליע איז איבער מיר אַריבער, האָב איך פאַרלוירן דעם באָדן פון אונטער מיינע פיס. בערנאַרד איז אָבער געווען שטענדיק בײַ מיין זייט און איך האָב זיך געפילט אינגאַנצן זיכער.

מיטאַמאָל איז אָנגעקומען אַ גרויסע כוואַליע און מיך געטון אַ ריס אַוועק פון אים. דער וואַסער-באַרג איז מיר איבערן קאָפּ אַריבער און מיין מויל איז געוואָרן פול מיט דעם געזאַלצענעם וואַסער. די אויערן זענען מיר געוואָרן פאַרשטאָפּט און מיר האָט גענומען מישן אין קאָפּ. באַלד, אָבער, האָט אַ צווייטע כוואַליע מיר געטון אַ שטויס און איך בין אַרויסגעשליידערט געוואָרן צום ברעג.

ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט, האָב איך דערזען בערנאַרדן אַ פּאָר טריט אָן דער זייט.

— געדענקסט אויפן טורם פון דער „אָבסערוואַטאָריע״? — האָב איך געפרעגט מיט אַ שמייכל, ווען בערנאַרד האָט מיך אַרומגעכאַפּט און גענומען פירן צוריק אין ים.

— וואָס האָסטו זיך עפּעס איצט דערמאָנט אָן דעם? — האָט בערנאַרד מיט פאַרוווּנדערונג געפרעגט.

— איך האָב נאָר־וואָס דורכגעמאַכט די זעלבע שרעק וואָס דאַן, ווען דו האָסט מיך פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט און דער גאַנצער טורם האָט זיך געטון אַ טרייסל. איך האָב געמיינט, אַז אָט־אָט ווער איך פאַרשלונגען פון דער ווילדער כוואַליע.

— נאָר דו האַלסט זיך אין איין שרעקן, קינדעלע! — האָט בערנאַרד אויסגערופן, דריקנדיק מיך פעסט צו זיך.

ווען מיר האָבן זיך גענומען פילן מיד פון שווימען און „פּליוסקען״ זיך, זענען מיר אַרויס אויפן הייסן זאַמד.

מיר זענען אַ היפּשע צייט געלעגן, זיך געשפּילט מיטן זאַמד און זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן, נישט אַכטנדיק דעם טומלענדיקן עולם אַרום אונז. גערעדט האָבן מיר גאַנץ ווייניק, ווען־נישט־ווען אַ וואָרט. מיר האָבן נישט געוואָלט שטערן דעם געוועב פון אונזערע געפילן.

אַז מיר האָבן גענומען פילן שטאַרק די היץ, זענען מיר ווידער אַריינגעשפּרונגען אין ים. מיר האָבן זיך געטונקט, געשוווּמען און זיך געשפּילט מיט די כוואַליעס, פאַרגעסנדיק אָן דער גאַנצער וועלט. דאַן זענען מיר ווידער אַרויס אויפן זאַמד, זיך געקייקלט, געשפּילט ווי קליינע קינדער, ביז מיר האָבן גענומען שטאַרק פילן דעם הונגער און מיר זענען אַוועק זיך אָנטון.

ווען מיר האָבן זיך גוט אָנגעגעסן, האָבן מיר געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער „באָוערי״ און איבער דער קאָכיקער סוירף־עוועניו, האָבן דורכגעמאַכט די איין און דרייסיק „אַטראַקשענס״ אין סטיפּעלטשייז־פּאַרק, האָבן פאַרביסן מיט קוני־איילענד־נאַשערייען און גענומען אַ שיף, וואָס האָט אונז געבראַכט צו דער באַטערי, פּונקט אין דער צייט, וואָס מיר גייען געוויינלעך אַרויס פון אָפיס.

# דאָס זיבן און צוואָנציקסטע בלעטל

3־טער סעפּטעמבער.

די היץ איז, דאַכט זיך, נעכטן גאַרנישט געווען אַזוי שטאַרק, און דאָך בין איך אַזוי אָפּגעברענט געוואָרן פונם באָדן. אויף בערנאַרדן האָבן די זון און די ים־לופט געלאָזט נאָך שטאַרקערע שפּורן ווי אויף מיר.

די „מיסיס" האָט אָבער אויף איר מאָן גאַרנישט באַמערקט ביז היינט אינדערפרי, ווען זי האָט אויפן קאָוויאַר פאַרן בעט געפונען זייסע קערנדלעך זאַמד, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון בערנאַרדס שיך באַט אויסטון. ערשט דאַן האָט זי זיך געכאַפּט, אַז עפּעס איז פאָרגעקומען „הינטער אירע פּלייצעס".

בערנאַרד האָט שוין געהאַט אָפּגעגעסן פרישטיק און האָט געמאַכט הכנות צו פאַרלאָזן דאָס הויז, ווען די באַלעבאָסטע האָט זיך האַסטיק אים אין וועג געשטעלט. זי האָט געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף זיין צוגערויטלט פּנים און גיפטיק שמייכלענדיק אויס־געריפן:

— אַזוי, געהאַט אַ „גוד טיים"! מעג איך אפשר וויסן מיט וועמען?

— איך בעט דיך, לאָז מיך איצט צורו, — האָט בערנאַרד אויסגערופן, זיך לאָזנדיק צו דער טיר. — איך מוז איצט גיין צו דער אַרבעט. איך וועל דיר אָפּגעבן חשבון, ווען איך וועל אַהיים־קומען.

— ניין, מיין גאָלד! — האָט די באַלעבאָסטע אויסגערופן מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן. — איך וויל וויסן א י צ ט מיט וועמען דו פאָרסט האָבן אַ „גוד טיימס" אין קוני־איילענד, אָדער דאָס

גוטע יאָר ווייסט ווו. דענקסטו נישט, אז איך האָב א רעכט דאָס צו וויסן ?

— איך בעט דיך, האַלט מיך נישט אָפּ, עס איז אַזוי שכּעט. — האָט זיך בערנאַרד געבעטן. — איך וועל דיר אַלץ דער־ציילן שפּעטער.

— עס וועט דיר גאָרנישט העלפן ! — האָט די „מיסיס" געסטראַ־שעט, אָנשטעלנדיק אַן ערנסטע מינע, — דו מוזסט אויפן שטעל ענט־פערן אויף מיין פראַגע !

— איך מוז ! ? — האָט בערנאַרד אויסגעשריגן מיט רציחה, דאָס קול איז אים געבליבן שטיין אין האַלז פון אויפרעגונג און ער האָט מער אַ וואָרט נישט געקאָנט רעדן.

— יאָ, דו מוזסט ! — האָט די מיסיס אים איבערגשריגן, אָננעמענ־דיק אים פאַרן אַרבל. בערנאַרד האָט זיך מער נישט געקאָנט באַהערשן. ער האָט זיך געטון אַ ריס אַרויס פון זיין פרוי. און גלייך נאָכדעם האָבן די ווענט פון הויז אויפגעציטערט פונם זעץ, וואָס ער האָט געטון מיט דער טיר.

די „מיסיס" האָט געמאַכט אַ פאַרזוך אים נאָכצולויפן, זי האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן. זי איז אַ ווילדע אַרומגעלאָפן ווילד איבערן עס־צימער, ברומענדיק און בורטשענדיק צו זיך אַליין. דאַן האָט זי זיך אַ וואָרף געטון אויף דער טאָפּע און זיך היסטעריש צעכליפּעט.

איך האָב שנעל, אויף די שפּיץ פינגער, דאָס הויז פאַרלאָזט, און איך האָב זיך געשעצט גליקלעך, וואָס זי האָט מיין צפּגעברענט געזיכט נישט באַמערקט.

5־טער סעפּטעמבער.

ווי איך זע, מיינט מיין טאַנטע טאַקע ערנסט מיטן ייד פון דער „סויטה".

זי שרייבט מיר, אז מר. האַנדעלסמאַן האַלט פון מיר אַן עולם ומלואו, און אַז איך מוז מאָרגן אַריבערקומען אין באָראָ־פּאַרק צו באַ־קענען זיך מיט אים נענטער, איידער ער פאָרט אָפּ צוריק אַהיים.

גאָט מיינער ! נישט שוין־זשע זענען דאָס מענטשן טאַקע אַזוי דום ?

איך האָב מיין טאַנטע קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר אַ חכמה, אָבער אַזוי ווייט נישט צו זעהן און פאַרשטיין ?

איך האָב אויפן וועג אהיים, אָפּטרעטנדיק אין באָטאַנישן גאָרטן, געוויזן בערנאַרדן מיין טאַנטעס בריוו און אים דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ער האָט אויסגעהערט מיט אַ פאַרזאָרגטער מינע, אַרויס־לאָזנדיק אַ זיפץ פון צייט־צו־צייט.

אַז איך האָב אים געפרעגט, אויב ער דענקט נישט, אַז מיין טאַנ־טעס חבר איז אַ גוטער שידוך פאַר מיר, האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט, האָט צוגע־טוליעט מיין קאָפּ צו זיין ברוסט אַזוי, אַז איך האָב געקאָנט הערן יעדן טיק פון זיין האַרץ.

— דו ביסט מיינע! דו געהערסט צו מיר אַליין! — האָט בער־נאַרד אויסגערופן מיט התלהבות.

— איך קאָן דיר פאַרזיכערן אין דעם — האָב איך געענטפערט, דריקנדיק מיין קאָפּ פעסטער צו זיין ברוסט. — אָבער צום באַדויערן קאָן איך נישט זאָגן דאָס זעלבע וועגן דיר. דו געהערסט נישט מיר אַליין. עמעצער אַנדערש האָט אין דיר אַ גרעסערן חלק ווי איך.

מיך האָט גלייך פאַרדראָסן, וואָס איך האָב די לעצטע ווערטער אַרויסגערעדט. איך האָב געפילט, אַז זיי האָבן וויי געטון בערנאַרדן ביז דער נשמה.

6־טער סעפּטעמבער, שפּעט בײַנאַכט.

מר. האַנדעלסמאַן האָט היינט אויסגעזעהן מיט צען יאָר יינגער ווי דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אים געטראָפן. מעגלעך, אַז דאָס בייע־סטיילישע אָנצוג און זיין אָנשטרענגונג מיר צו געפעלן זענען אין דעם שולדיק.

וואָס פאַראַ מיטלען האָט דער אָרימער גביר נישט אָנגעווענדט מיך צו פאַרוואַרפן מיט קאָמפּלימענטן, ער האָט פּאָטאַקעוועט יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב אַרויסגערעדט. ער האָט געלויבט אין הימל אַריין מיין טאַטן און האָט פאַרזיכערט, אַז ווען מיין טאַטע קומט נאָר קיין אַמעריקע, וועט ער שוין זעהן, אַז אים זאָל פון קיין זאַך נישט פעלן. מיין אָנקל און מיין טאַנטע האָבן זייער גאַסט צוגעהאָלפן מיט וואָס זיי האָבן נאָר

געקאָנט און האָבן געהאַלטן אין איין שטודירן מיין פּנים מיט זייערע אויגן. אויפן גרונט הארץ האָט מיר אַזוי מאָדנע געקיצלט, אַז איך האָב געמוזט מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען זיך איינצוהאַלטן פון לאַכן.

מר. האַנדעלסמאַן האָט מיך געפרעגט, וואָס איך דענק פון דער „סויטה". אויב איך וואָלט וועלן ווינען דאָרט און אויב דער טומל פון דער גרויסער שטאָט האָט מיר זיך נאָך נישט צוגעגעסן, און איך האָב אים געענטפערט, אַז מיר איז אַלצאיינס וווּ איך זאָל נישט זיין, וועגן דעם טומל פון דער גרויסער שטאָט, האָב איך אים געזאָגט, אַז פאַר אַ סך מענטשן איז דאָס אַ גליק, ווייל אין דעם אַלגעמיינעם ריזיקן טומל הערן זיי נישט אַזוי שטאַרק דעם קליינעם טומל אין זייערע אייגענע נשמות.

— דער טאַטע מיט די ביינער! — האָט דער ייד פון דער סויטה אויסגערופן מיט באַגייסטערונג, אַ צי טוענדיק מיט ביידע פּלייצעס אויף אַמאָל — ער האָט אויך שטענדיק ליב געהאַט צו פילאָזאָפירן.

— וואָס רעדט איר! — האָט די טאַנטע זיך אַריינגעמישט, שמייכלענדיק זיס. — אין פעיקייט און חכמה, שטייגט דאָרעלע איבער אפילו איר טאַטן. עס איז דען עפּעס דאָ אַ זאַך, וואָס זי ווייסט נישט?

— עס זענען אָבער דאָ זאַכן, פון וועלכע איך וויל נישט וויסן! — האָב איך אויסגערופן אין אַ האַלב ערנסטן טאָן, קוקנדיק מיין טאַנטע גלייך אין די אויגן.

מיין טאַנטע האָט אויף מיר אַ ווצַרף געטון אַ שטרענגן בליק און האָט אַריינגעכאַפּט די אויבערשטע ליפּ צווישן די ציין. מר. האַנדלסמאַן איז געוואָרן רויטלעך און האָט נישט געהאַט ווו זיין בליק אַהינצוטון. אפילו דער אָנקל האָט זיך געפילט געטראָפן פון מיינע ווערטער. ער האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק און אָנגעשטעלט אַ מינע, ווי ער וואָלט זאָגן: „עס לוינט זיך טאַקע צו טון עפּעס פאַר איר!"

די שטימונג אין הויז איז אַ ווײַלע געווען אַ געדריקטע. אַלע האָבן געשוויגן און זיך נישט גערירט פון די ערטער, אָבער באַלד זענען אַריינגעלאָפן מאָריסל און פּעגעלע מיט אַ טומל און אַ ליאַרם און יעדער פון אונז האָט זיך באַלד געפילט אַ ביסל דערלייכטערט.

מר. האַנדעלסמאַן האָט פאָרגעשלאָגן אַן אויטאָמאָביל-רייזע און געקוקט אויף מיר, וואָס פאַר אַ מינע איך וועל מאַכן.

— נו, דאָרעלע, ביסט אַ בעלנטע זיך דורכצופאָרן? — האָט די טאַנטע זיך צו מיר געווענדט אַ ביסל אָנגעברוגזט.

איך האָב זיך געקוועקלט און נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. עפּעס האָט זיך מיר נישט געוואָלט פאַרשאַפן אומזיסטע שמערצן מיין טאַטנס חבר. אָבער צו דער זעלבער צייט האָב איך געפילט, אַז דאָס „פאַרגענוגן" איז מיר נישט צום האַרץ.

— איך האָף, אַז דו האָסט נישט געמאַכט קיין אַנדערן „אַפּאָינטמענט" אויף היינט! — האָט די טאַנטע מיך גענומען אויף זיכער.

— איך האָב קיין אַנדערן „אַפּאָינטמענט", — האָב איך געענטפערט ווי אַן איינגעבעטענע. — און איך וועל זיך נישט אַנטזאָגן מיטצופאָרן, אויב מען וועט מיך וועלן מיטנעמען.

מר. האַנדעלסמאַנס פנים האָט זיך באַגאָסן מיט אַ שמייכל. אים האָט מיין ענטפער, קענטיק, שטאַרק הנאה געטון.

— איך נעם זיך די ערע אייך איינצולאַדן, — האָט ער געזאָגט, רויט ווערנדיק ווי אַ שעמעוודיקער חתן-בחור.

צוריקקומענדיק פונם אויטאָמאָביל-שפּאַציר, האָט מר. האַנדעלסמאַן געזאָגט, נישט מיט ווייניק גרויסקייט, אַז ער האָט אינדערהיים צוויי אייגענע אויטאָמאָבילן, גרעסערע און בעסערע פון דעם, אין וועלכן מיר זענען געפאָרן. די טאַנטע האָט מיר צוגעוואָרפן אַ בליק, וואָס האָט דייטלעך זעזאָגט: „און דו ברעקלסט זיך נאָך!"

נאָך סאַפּער, ווען איך האָב, נאָך מר. האַנדעלסמאַנס אַוועקגיין, געהאָלפן צוגרייטן די קינדער צו בעט, האָב איך געהערט ווי די טאַנטע מיטן אָנקעל שושקען זיך וועגן מיר.

פון די אָפּגעבראָכענע זאַצן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו מיינע אויערן, האָב איך דערפאַרן, אַז זיי דינגען זיך דאָס, ווער פון זיי זאָל זיך אונטערנעמען צו רעדן מיט מיר קלאָרע דבורים וועגן דעם גליק, וואָס מיר שטייט פאָר.

8טער סעפּטעמבער.

גאָט צו דאַנקען, מיין מיסיס האָט שוין אַ וויקטראָלאַ!

די זינג-מאַשין איז אָנגעקומען פונקט צו איר געבורטסטאָג. בערנאַרד האָט זיך נעבעך נישט געקאָנט העלפן. ער האָט — אַזוי, לכל

הפחות, האָט ער אַליין מיר אין דער שטיל פּאַרטרויט — אַנדערש נישט געקאָנט מאַכן און האָט געמוזט נאָכגעבן זיין ווייבס פּאַרלאַנג.

און הייסן הייסט עס נאָך אַלץ — און עס איז אויך דער ריינער אמת — אַז איך געהער נאָר צו אים אַליין. איז דאָס נישט קיין טרויערי־קער שפּאַס ? יאָ, אַ טרויעריקער שפּאַס, וואָס וועט זיך אויסלאָזן מיט גאָט ווייסט וואָס פאַר אַן ערנסט !

און איך ! האָב איך אַ רעכט צו באַשולדיקן אים, ווען איך אַליין קאָן נישט האַנדלען אַנדערש, בעסער, אויפריכטיקער ? איז דער טיש אין עסצימער איצט נישט באַפּוצט מיט די בלומען, וואָס איך אַליין האָב זיי געבראַכט צו איר געבורטסטאָג ? אָ, גאָט מיינער, ווי אומגליקלעך, ווי הילפלאָז איז דער מענטש, וואָס דו האָסט באַשאַפן !

10־טער סעפּטעמבער.

וואָס טוט מען, וואָס טוט מען ! איך וואָלט אַוועקגעגעבן אַ העלפט פון די יאָרן, וואָס מיר איז נאָך באַשערט צו לעבן, צו קאָנען וויסן וואָס מיט מיין טאַטן און זיין פאַמיליע איז. דאָס האַרץ שרעקט מיך און איך האָב מורא, אַז איך וועל פון זינען אַראָפּ, אויב מיר וועט אויסקומען פיל לענגער צו וואַרטן אויף אַ ידיעה פון דער היים.

## דאָס אַכט און צוואַנציקסטע בלעטל

11־טער סעפּטעמבער.

איך גלייב, אַז עס איז שוין געקומען די צייט איך זאָל פּיינמאַנען אָפּ־עווײנען פון מיר.

איך האָב אים אַלץ געהאַלטן פאַר אַ שטיקל פּסיכאָלאָג, אָבער הײנט אָוונט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ער איז גאַנץ ווייט דערפון. ער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין זיך אויף מענטשן און איז אויך נישט אַ קליין ביסל גענאַרט אין זיך אַליין. איך האָב זיין באַנעמען הײנט קוים געקאָנט פאַרטראָגן.

אפשר צוואַנציק מאָל האָט ער ווידערהאָלט זיין אַלטע אָנצוהערעניש, אַז ער איז נישט גלייכגילטיק צו מיר.

— נו, בכן ? האָב איך אים געפרעגט.

ער איז געוואָרן פאַרשעמט פון מיין פראַגע און געקוקט אַרום זיך נאַר־שעוואַטע, אָבער דעם ערנסטן טאָן פון מיינע ווערטער האָט ער, ווי מיר שיינט, נישט אָנגעהויבן צו מערקן. נישט שוין קאָן ער נישט זעען, אַז אין מיין האַרץ איז נישטאָ קיין איין פונק ליבע פאַר אים ?

14־טער סעפּטעמבער.

מיין „מיסיס" ווייסט שוין אַלץ !

איך האָב עס דערקענט אָן דעם גיפטיקן בליק, וואָס זי האָט מיר צוגעוואָרפן, ווען איך בין אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט.

און ווי בלאַס און צעטראָגן האָט מיין אָרימער בערנאַרד אויסגעזעען !

ווי אַן „אונטערגעשאָסענע" האָב איך זיך אין מיין צימער אַריינגעכאַפּט און זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט, איינגראָבנדיק דאָס פּנים אין

קישן. אין קאָפּ האָט זיך מיר גענומען טומלען און מישן. מײַנע אויגן האָבן זיך ווי אַ פּאָר קוואַלן געעפנט און מײַן גאַנצער קערפּער האָט געצוקט אין קאָנוווּלסיע.

פון עסצימער האָט אַ דומפּ גערויש זיך געטראָגן צו מײַנע אויערן. אירע אָפּטע אויסגעשרייען און זײַן אויפגערעגט, אָבער אײַנגעהאַלטן קול זענען געפאַלן שווער אויף מײַנע נערוון און איך האָב געמיינט, אַז אָט, אָט פּלאַצן זיי.

גאָט מײַנער, ווי נעמט מען כּוח און מוט צו מאַכן אַ סוף פון אַלץ! — האָט דאָס האַרץ ברויזיק געקאָכט אין מיר.

דאָס גערודער אין עסצימער איז געוואָרן שטאַרקער. די מיסיס איז האַסטיק אַרומגעלאָפן איבערן פּאַרקעט־דיל און די הויכע קנאַפּלען פון אירע שיך האָבן אַרויסגערופן אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דעם לאַנגן קאָרידאָר. אַלע ווײַלע האָט זיך געהערט אַ קרעכץ פון אַן אַנדער שטיק פאָרניטשיר און אַ פאַל פון אַן אַנדערן קעגנשטאַנד. דער טומל בײַ מיר אין קאָפּ האָט זיך אָבער גענומען אויסוועפן און מײַן געדאַנק האָט ביסלעכווייז גענומען צוריקקריגן זײַן קלאָרקייט.

איך האָב אָנגעשטרענגט שטאַרק מײַנע אויערן און באַלד האָב איך דערהערט בערנאַרדס פאַרשטיקט קול, ווי ער בעט זיך:

— באַהערש דיך, אײַדאַ! שפּרינג נישט פון די האָלאַבלעס, מיט דײַנע משוגענע שטיק וועסטו נאָך ערגער מאַכן!

— וואָס קאָן שוין זײַן ערגער! — האָט זי זיך צעקוויטשעט. — ערגער ווי שלעכט קאָן נישט זײַן. עס מוז נעמען אַ סוף, גלײַך אויפן אָרט. אײנע פון אונז מוז גיין, אָדער איך, אָדער די מויד!

עס איז געוואָרן שטיל אויף אַ ווײַלע, דאַן האָט די מיסיס זיך ווידער גענומען לאָזן אויף די הויכע טענער:

— דו מיינסט, אַז איך האָב זיך דאָס איצט דערוווּסט, וואָס? איך האָב עס שוין לאַנג געוווּסט. איך האָב זיך נאָר געמאַכט נישט וויסנדיק. איך האָב בײַ זיך געקלערט: אײדער ברענגען צו לײַטישע געלעכטערס, וועל איך בעסער מײַנס לאָזן איבערגיין. וואָרים נאָך אַלעמען ווייס איך דאָך, אַז איך וועל בלײַבן די מרס הילפּרײַך און נישט זי. אָבער עס איז שוין געקומען אַזוי ווײַט, אַז פרעמדע מענטשן לאַכן אין די הויפנס און

שאָקלען מיטן קאָפּ אויף מיר: „סאַראַ גולם, סאַראַ בהמה, עס זעט נישט, וואָס פאַר איר נאָז טוט זיך!"

— קאָנסט זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן עס איז מיר געווען צו הערן, אַז מען האָט דיך געטראָפן אין קוני־איילענד מיט דער צוקערדיקער מויד, איך האָב געפילט, ווי צו באַגראָבן זיך לעבעדיקער־הייט פאַר שאַנדע, און אַלץ איז געקומען דערפון, וואָס דו האָסט בײַ מיר צופיל פרייהייט געהאַט. אַ קליינקייט, אַ מאַן איז שוין באַלד פינף יאָר פאַרהייראַט און דענקט נאָך אַלץ, אַז ער איז אַ בחור. איך זאָג דיר צום לעצטן מאָל, אַז מער וועל איך זיך נישט לאָזן איינרעדן פון דיר. ווען דו וואָלסט געוווסט, אַז דו ביסט אַ טאַטע פון קינדער, וואָלטן דיר נישט געקראָכן אין קאָפּ אַזעלכע פוסטע פאַנטאַזיעס!

אַז איך האָב דעם קאָפּ פון קישן אויפגעהויבן, איז דאָס ווייסע ציכל געווען דורכגעווייקט פון מיינע טרערן.

16־טער סעפּטעמבער.

איך קאָן זיך נישט צוגעוווינען צו דעם געדאַנק, אַז איך וווין נישט מער מיט בערנאַרדן אין איין הויז, אַז איך וואַש זיך נישט מער איין אין דעמזעלביקן וואַש־בעקן, וואָס ער, באָד זיך נישט אין דער־זעלביקער וואַנע און שפּיגל זיך נישט אין דעמזעלביקן שפּיגל, וואָס ער.

אויפן צימער האָב איך גראַד זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן. עס איז אַ שיין, פריינדלעך צימער מיט אַ סך ליכט און מיט אַ פיינעם געשמאַק אויפגעפּוצט. די אַלטע מרס. פיין און אירע צוויי טעכטער זענען זייער גוט צו מיר, און איך פיל זיך, ווי איך וואָלט זיך געפונען צווישן אייגענע מענטשן.

מיר טוט הנאה, וואָס איך האָב זיך נישט געלאָזט איינרעדן פון מיס בעלקין צו גיין וווינען מיט איר פאַמיליע. בײַ די בעלקינס אין הויז איז צו לעבעדיק, צופיל פרייעלעכקייט און צופיל טומל און מיט מיין איצטיקן עמוט וואָלט איך עס געוויס נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

בערנאַרדן איז מיין צימער אויך שטאַרק געפעלן. אים האָט זיך היינט גאָרנישט געוואָלט אַוועקגיין. איך האָב זיך בײַ אים קוים איינגע־בעטן, ער זאָל גיין, ווייל איך האָב געוווסט, וואָס ער וועט זיך אויס־

ריכטן פאַר קומען שפּעט אַהיים. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען שבת אָוונט, ז י פּאַרט „דאַון-טאַון" צום שניידער.

18-טער סעפּטעמבער.

איך האָב פון ערשטן טאָג אָן זיך נישט געפילט באַקוועם צו אַרבעטן אין איין אָפיס מיט בערנאַרדן און וואָס אַ טאָג ווייטער פיל איך זיך אַלץ אומבאַקוועמער. און וואָלט איך כאָטש געקאָנט אים זען אַזוי אָפט ווי איך וויל! איז דאָס אויך נישט. ער זיצט פאַרשפּאַרט דעם גאַנצן טאָג אין זיין מחיצה און מער ווי זיין שאָטן אויף די מאַטע גלעזערנע שויבן קאָן איך נישט זען. און אַז עס טרעפט אַמאָל, אַז ער גייט מיר פאַרביי אָדער קומט צו מיר צוליב „ביזנעס", פילן מיר זיך ביידע אין פאַרלעגנהייט.

מיר זענען היינט אַהיימגעפאָרן מיטן סאָבוויי. בערנאַרד האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַן אורזאַך צו ענדערן זיין מאַרשרוט און איך האָב אים קיין קשיות נישט געפרעגט. מסתמא שפּירט מען אונז נאָך!

20-סטער סעפּטעמבער.

מיט וואָס וועט דאָס אַלץ זיך ענדיקן, וווהין וועט די ליבע מיך פאַרפירן? נאָר איין גאָט קאָן עס וויסן. איך בין בלינד און קאָן נישט זען אַ טריט פאַר מיינע אויגן.

בערנאַרד איז נעכטן אָוונט געווען שטאַרק נערוועז. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עפּעס מוראדיקס וואָלט געשוועבט אים פאַר די אויגן.

— שרעקסט זיך פאַרן יום הדין? — האָב איך אים געפרעגט מיט אַ געצווונגענעם שמייכל.

— וואָס דען — האָט ער זיך צעלאַכט, — מאָרגן איז דאָך עפּעס ראש השנה!

— זאָלן זיך די בעל-עברהניקעס שרעקן, — האָב איך מיט אַ כלומרשטן שפּאַס געזוכט אים צו באַרויקן. — צו דיר און צו מיר קאָן גאָט גאָרנישט האָבן.

בערנאַרד האָט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן זיפץ און האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אומעטיקע אויגן.

איך האָב זיך געפילט פון זיי שטאַרק געטראָפן.

— ווי איך זע, פילסטו זיך אין עפּעס שולדיק? — האָב איך אויסגערופן, אַריבערפירנדיק צערטלעך מיין האַנט איבער זיין ווייסן שטערן.

— דירעקט שולדיק פיל איך זיך נישט, — האָט בערנאַרד געענטפערט מיט פיל ערנסט. — אָבער אומדירעקט גלייב איך, אַז איך דאַרף געהאַלטן ווערן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ סך פון די אומאָנגענעמלעכקייטן, וואָס דו, מיין טייערע, מאַכסט דורך צוליב מיר.

בערנאַרדס ווערטער האָבן מיך שטאַרק אויפגערעגט, איך האָב זיך אָבער באַהערשט און געהאַלטן די ליפּן פאַרפּרעסט, ביז איך האָב ווידער געוווּנען דעם קאָנטראָל איבער זיך. ווען איך בין געווען צוריק אין שטימונג, האָב איך אַריינגעקוקט בערנאַרדן טיף אין די אויגן און אין געצוויגענע ווערטער געזאָגט:

— נאָר קיין מיטלייד, מיין טייערער! דו האָסט מיר קיין עגמת-נפש נישט פאַרשאַפט. אַלץ, וואָס איך האָב פון דיר געקריגן, איז געווען ליבע, ליבע ווען זי איז צוגעמישט מיט אַ ביסל ליידן האָט נאָך מער טעם.

— אָ, דו טייערע נשמה! — האָט אויף דעם בערנאַרד געענטפערט מיט אַנטציקונג. — וואָס פאַר אַ גליק עס איז פון דיר געליבט צו ווערן און נאָך מער דיך צו ליבן?!

22-סטער סעפּטעמבער.

אַ גאַנצן באַרג שנה טובה-קאַרטלעך היינט באַקומען. זיי זענען אַלע געווען געשיקט אויף בערנאַרדס אַדרעס, אויסער מיס בעלקינס.

בעסי ווינטשט מיר, אַז דאָס נייע יאָר זאָל מיר ברענגען מיין באַשערטן. פיינמאַן האָט פאַרפאַסט אַ גאַנצע פּאָעמע לכּבוד מיר מיט די בוכשטאַבן פון מיין נאָמען אין אָנהייב פון די שורות. אונטערן ליד שרייבט ער, אַז זיין איינציקער ווונטש אויפן נייעם יאָר איז, אַז אַלע מיינע ווונטשן זאָלן מקוים ווערן. הלוואי, רבונו של עולם! איך זע אָבער נישט איין, ווי אַזוי דאָס קאָן געשען.

איך האָב געמוזט לאַכן פון דער ווונטש-קאַרטע, וואָס מר. האַנדעלסמאַן האָט מיר געשיקט. אַ גאַנצע געביידע איז עס, מיט זייד און גאָלד, מיט בלימלעך און אַ בילד פון חתן-כּלה. דער אָרימער מאַן האָט אוודאי אַ פּאָר דאָלאַר באַצאָלט פאַר דער מאַכערייקע.

אפילו פון בעסיס קוזין, הערי, אַ קאַרטל באַקומען, איך וווּנדער זיך נאָך, ווי קומט צו אים אַזאַ גוטער געשמאַק. אַ שיין, נעט קאַרטעלע מיט אַ ווייס טייבעלע אין אַ ווינקל, מיט ווייט אויסגעשפּרייטע פליגלעך און אַ בלוי קאָנווערטל אין שנעבעלע.

איין ווונטש־קאַרטלפעלט מיר הײַנטיקעס יאָר, פון מײַן אָרימען טאַטן. דאָך איז דאָס ערשטע יאָר פאַר דער צייט, וואָס איך בין דאָ, איך זאָל נישט קריגן קיין ווונטש פון דער היים אויף ראש השנה.

24־סטער סעפּטעמבער.

דער האַרבסט קומט אָן מיטאַמאָל. פאַר די לעצטע פאָר טעג זע־נען הונדערטער ביימער פאַרגעלט געוואָרן אין פּאַרק.

איך בין היינט פאַרמאָג אויפגעשטאַנען און אַ שעה נאָכאַנאַנד ציל־און־צוועקלאָז אַרומגעבלאָנקעט איבער די שמאָלע שטעגעלעך פון באָטאַנישן גאָרטן. אַ שאַרפער ווינט האָט געיאָגט די דאַרע בלעטער איבער די געפלאַסטערטע וועגן און אַ שטורעם האָט געבושעוועט אין מיין אומרויקן האַרץ.

די זון האָט געוואָרפן בלאַסע שטראַלן אַרום און די גרין, געל, גאָלד און ברוין פון די שיטער געוואָרענע בלעטער אויף די ביימער האָבן שעמערירט און געווונקען אַזוי געהיימנישפול פאַראומערט, אַז זיי האָבן אַרויסגערופן טרערן אין מיינע אויגן.

עס האָט מיך געצויגן ווי מיט צוואַנגען צום טייך. עס האָט זיך מיר אַזוי שטאַרק געגלוסט צו גיין פאַרביי זיינע הויכע ברעגעס און אַרונ־טערקוקן אין זיין געראונצלט פנים צוזאַמען מיט די ריזיקע ביימער, וואָס האַלטן אייביק וואַך בײַ אים.

איך פיל ווי אַ שווערע אומדערטרעגלעכע לאַסט קייקלט זיך אויף מיין האַרץ.

# דאָס נײַן און צוואָנציקסטע בלעטל

26־סטער סעפּטעמבער.

איך האָב שיער, שיער בעסין אַלץ דערציילט. נאָר ווייסט זי דען שוין נישט אַלץ אָן מיין דערציילן, האָט מיין שווייגן איר נישט אַלץ קלאָר געזאָגט?

זי איז געקומען מיר ווייזן די מתנות, וואָס גאָלדמאַן האָט איר געגעבן: אַ שיינער גאָלדענער רינג באַזעצט מיט אַ „פּערפעקטן" דימענט און אַ מעדאַליאָן אין דער פאָרם פון אַ האַרץ מיט אַ היפּשן רובין אין דער מיט. זי האָט, קענטיק, דערוואַרטעט, אַז איך וועל זיך פרייען מיט אירע מתנות נישט ווייניקער ווי זי אַליין, איך בין אָבער געווען אין אַזאַ שטימונג, אַז אפילו מאַכנדיק זיך פריילעך האָב איך אויך נישט געקאָנט.

— וואָס איז מיט דיר, דאָרע? — האָט בעסי געפרעגט פאַרוווּנדערט, ווען זי האָט געזעען, אַז איך ווער נישט באַגייסטערט פון אירע פּרעזענטן.

— וואָס זאָל מיט מיר זיין? — האָב איך געזאָגט, זיך מאַטערנדיק צו שמייכלען. — גאָרנישט, אַזוי ווי אַלע מאָל.

— ווּעסט מיר נישט איינרעדן, — איז בעסי צוגעשטאַנען. — איך זע, אַז אין דיר איז עפּעס אָן ענדערונג.

— קיין ענדערונג, אויסער וואָס איך ווער עלטער.

— זעט נאָר, ווער עס רעדט פון עלטער, אַ זקנה פון דריי און צוואָנציק יאָר, — האָט בעסי זיך האַרציק צעלאַכט. — אויב אַזוי בין איך שוין אויך נישט מער יונג און גאָלדמאַן דענקט, אַז איך קאָן נאָך גילטן פאַר „סוויט סיקסטין".

— איך האָב נישט ווער עס זאָל דענקען פון מיר, — האָב איך מיט

א האַלב מויל געזאָגט. — און קאָן זיין, אַז דערפאַר פיל איך זיך טאַקע נישט אַזוי יום־טובדיק.

בעסי האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אירע גרויסע אויגן און האָט געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט מיר וועלן ווידערשפּרעכן. זי האָט אָבער אַזוי ווייט נישט געבראַכט.

— אויב עס איז אמת ווי דו זאָגסט, איז דאָס נישט קיינעמס שולד אויסער דיינע, — האָט מיין פריינדין געזאָגט נאָך אַ קורצער פּויזע. — קיין יונגערמאַן איז נישט גוט גענוג פאַר דיר!

— האָסט אפשר געוואָלט איך זאָל אַ כלה ווערן פאַר דיין קוזין הערי, — האָב איך געזאָגט, שמייכלענדיק סאַרקאַסטיש.

— איך וואָלט עס געוויס געוואָלט, — האָט בעסי געענטפערט מיט הארץ. — נאָר...

— נאָר עס איז שוין שפּעט! — האָב איך זיך אויפן קול צע־לאַכט. — הערי האָט שוין אַ „סוויט־האַרט". אַ כלה, הייסט עס!

— הלוואי וואָלט ער זי נישט געהאַט, — האָט בעסי געענטפערט אָנגעבלאָזן. — ווייס איך וואָס, אַ פּוסט מיידל, וואָס וויל נישט וויסן פון קיין אַנדערער זאַך אויסער „גוד־טיימס".

בעסי איז געווען אויפגעלייגט צו רעדן און דער געשפּרעך איז באַלד געוואָרן אינגאַנצן אינטימיק. זי האָט נישט דורכגעלאָזט איינעם פון אונזערע באַקאַנטע, וועגן יעדן און יעדער האָט זי געהאַט עפּעס צו דערציילן, אָדער עפּעס אַ באַמערקונג צו מאַכן. זי האָט אָנגעהויבן מיט פיינמאַנען און איז צום סוף געקומען צו די הילפּרייכס. זי האָט שטאַרק געוואָלט וויסן, פאַרוואָס איך האָב זיך פון זיי אַרויסגעצויגן און אויב איך זע זיך ווען מיט זיי!

איך האָב נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן מיין חברטע און האָב געשוויגן.

בעסי האָט מיין שווייגן פון אָנהייב נישט פאַרשטאַנען, נאָר ווען זי האָט באַמערקט, ווען זי האָט ווייטער געצוואַנגען רעדן וועגן מיינע געוועזענע באַלעבאַטים, אַז איך געפין זיך נישט ווייניק אין פאַרלעגנהייט, האָט זי מיך אָנגעקוקט מיט פאַרדאַכט און לייכט אָפּגעזיפצט.

2-טער אָקטאָבער.

אַ גרויער פייכטער טאָג איז היינט געווען און מיין האַרץ איז שיער צעגריזשעט געוואָרן פון אַ פינצטערער, נאָגנדער מרה-שחורה איך הייב אָן צו פילן, אַז די גאָלדענע צייט פון מיין און בערנאַרדס ליבע איז שוין אַריבער, אַז די גליקלעכסטע מאָמענטן האָבן מיר שוין דורכגע-לעבט און וואָס עס שטייט אונז פאָר — איז נישט מער ווי אַנטוישונג און האַרץ-ווייַ.

איך קאָן זעען אָן דעם אָרימען בערנאַרד, אַז ער ליידט שרעק-לעך, אַז צייטנווייז איז ער אינגאַנצן פאַרצווייפלט. אָבער קאָנען דען זיינע ליידן זיך גלייכן צו מיינע? קאָן זיין פאַרצווייפלונג זיך מעסטן מיט מיינער? אויף ליבע און ליידן איז דאָס שוואַכע געשלעכט שטענדיק דער שטאַרקערער.

איך האָב בערנאַרדן היינט געפרעגט, וואָס ער דענקט, ווען זיין דער סוף פון אונזער ליבע, און ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פאַר-צווייפלטן בליק און נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן.

— דענקסטו נישט, אַז עס איז שוין געקומען די צייט, מיר זאָלן זיך זאָגן „גוד-באַי”, — האָב איך אים געפרעגט, זיך אָנקלאַמערנדיק מיט אַלע מיינע כּוחות אָן זיין אָרעם. מיר קאָנען זיך דאָך מער נישט לאָזן נאַרן פון דער פאַרפירנדער האָפנונג, אַז מיר וועלן נאָך טיילן צוזאַמען די איבעריקע יאָרן פון אונזער לעבן.

בערנאַרדס אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן.

— דאָרעלע, דאָרעלע, — האָט ער געכליפּעט ווי אַ קינד. — ווי קאָנען מיר זיך שיידן, וואָס פאַר אַ ווערט קאָן דאָס לעבן פאַר אונז האָבן, ווען מיר וועלן זיין ווייט איינער פונם אַנדערן?

— מיר קאָנען זיך דען העלפן? — האָב איך פאַרצווייפלט אויס-גערופן. — איידאַ האָט די גאַנצע וועלט אויף איר זייט. אַחוצדעם ביסטו אַליין צו איר אַזוי געבונדן, אַז דו וועסט זיך נישט קאָנען באַפרייען פון איר, אפילו ווען די וועלט וואָלט דערביי נישט זיין.

בערנאַרד האָט זיך געביסן די ליפּן פון אויפרעגונג. ער האָט אויף מיר געקוקט מיט פאָרוואורף און געשטאַמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט זיך געפֿונען געטראָפֿן אין אַ זייער שוואַכן פּונקט.

נאָך זיין אַוועקגיין האָב איך זיך אַריינגעוואָרפֿן אין בעט און איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן, ווי איך וואָלט געזוכט צו באַהאַלטן זיך פֿון דער צוקונפֿט, וואָס האָט זיך אַזוי אימהדיק שוואַרץ געמאָלן פֿאַר מיינע אויגן.

אַ דין קאַלט רעגנדל האָט געטיקט אומעטיק איבער די שויבן און אַ קאַלטער שוידער האָט מיך דורכגענומען אינגאַנצן.

5-טער אָקטאָבער.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט מיס פּעריל און צוזאַמען זענען מיר צוגעגאַנגען צו מיס בעלקין.

איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַ הויז מיט אַזוי פֿיל פֿריילעכקייט ווי די בעלקינס. יעדער איינער פֿון דער פֿאַמיליע איז, דאַכט זיך, אַ באַזונדער מוסטער פֿון גליק און צופֿרידנקייט.

וואָס פֿאַר אַ פֿרייד עס איז צו זען, ווי עלטערן און קינדער זיצן ווי פֿריינט אַרום איין טיש, אונטערהאַלטן זיך ווי חברים און חברימעס פֿון איין שטאַנד און איין עלטער!

מעגלעך, אַז דידאָזיקע דערשיינונג רייצט מיך אַזוי שטאַרק, ווייל איך האָב אַזוינס נישט בייגעוווינט זינט מיין קינדהייט, ווען מיין מוטער האָט נאָך געלעבט און מיין פֿאָטער איז נאָך נישט געווען דער פֿאַרהאַוועטער מענטש, וואָס פֿון אים איז שפּעטער געוואָרן!

ווי דורך אַ חלום קוק איך צוריק אויף דער צייט, ווען מיין מאַמע האָט דאָס הויז פֿאַרשיינט מיט איר שיינעם גראַדן וווּקס, מיט אירע גרויסע, ליכטיקע אויגן און מיטן ליבן זיסן שמייכל, וואָס איז קיינמאָל נישט אַראָפּ פֿון אירע ליפּן; איך קאָן קוים צוריקרופֿן פֿאַר מיינע אויערן דעם העלן קלאַנג פֿון מיין טאַטנס שטימע, וואָס איז געווען אַזוי פֿעסט און צו דער זעלבער צייט אַזוי רויק. אין יענער גאָלדענער צייט, און ווי אויף אַן אילוסטראַציע אין אַ בוך פֿון קינדער-מעשיות, קוק איך אַליין אויף זיך, ווי אַלס פֿינף-זעקס יעריק קינד פֿלי איך אַרום איבערן ריידפֿאַרפּוצטן הויז אין לייכטע ראָזע טופֿליעס, אין אַ קורץ זיידן קליידל און מיט לאַנגע שוואַרצזיידענע האָר אַרונטערפֿאַלן איבער די שולטערן.

איך קאָן זיך קוים־קוים דערמאָנען אָן דער צייט, ווען איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ פּרינצעסין, פאַר אַ בת־מלכה, ווען איך האָב גע־לעבט מיטן פאָרגעפיל, אַז ערגעץ־ווו אין אַ ווייטער שטאָט האָדעוועט זיך פאַר מיר אַ שיינער בלאָנדער פּריץ, ענלעך צו דעם, וועגן וועלכן מיין מאַמע פלעגט מיר אָפט שיינע מעשיות דערציילן. און אין דער ווירקלעכקייט האָט מיר נישט פיל געפעלט צו אַ פּרינצעסין. כ׳ בין געווען אַזוי פאַרצויגן און געצערטלט, געקושט און געהאַלזט פון טאַטע־מאַמע און געליבט און באַוווּנדערט פון פריינט און באַקאַנטע. איצט קוק איך צוריק אויף דער פאַרגאַנגענער גאָלדענער צייט, ווי אויף אַ גוטן חלום, וואָס פאַרגייט און פאַרשווינדט, אָבער לאָזט איבער אַנגענעמע געפילן אין האַרץ.

די צוויי שעה, וואָס איך האָב פאַרבראַכט בײַ די בעלקינס, האָבן אויף מיר געווירקט ווי גוטע מעדיצין. די דריקעניש אויף מיין האַרץ האָט אַ ביסל אָפּגעלאָזט און מיין בליק אויף דער וועלט האָט אויף אַ ווײַלע צוריקגעקריגן זיין אַמאָליקע קלאָרקייט. איך הייב אָן צו גלייבן, אַז ווען איך זאָל זיך געפינען אָפּטער אין אַזאַ געזונטער, מונטערער אַטמאָספערע, וואָלט איך אפשר מיין גלייכגעוויכט צוריקגעקריגן.

אָבער איז עס מעגלעך? אַז ווו איך קער זיך און ווענד זיך שוועבט זיין געשטאַלט, וואָס ציט מיך ווי מיט טויזנטער מאַגנעטן

14־טער אָקטאָבער.

שוין די יום־טובים אויך אוועק!

באַלד, באַלד הייבן זיך אָן די קעלטן, די ווינטן, די פוילע ווע־טערס, די שניי־שטורעמס.

עס גייט מיר שוין אַ סקרוך איבערן לייב, כאָטש די זון האָט היינט אַזוי ליבלעך געשיינט און דער הימל האָט אַזוי רויק מיט זיין בלויער פּראַכט אַרונטערגעקוקט. איך פיל, אַז דאָס איז געווען די לעצטע אָנ־שטרענגונג פון זומער צו ווייזן זיך אַזוי שיין און אַזוי רויק בײַ זיין אָפּשייד נעמען...

גאָט מיינער, וואָס וועט פון מיר ווערן אין די לאַנגע, קאַלטע און פינצטערע נעכט! ווו וועל איך זיך אַהינטון מיט מיין איינזאַמקייט! ווער בערנאַרד מיר העלפן טראָגן די לאַסט פון מיין צוועקלאָזן לעבן,

אָדער ער וועט זיין מוט און קראַפט פאַרשווענדן אויף אַרויסשלאָגן מיך פון זיינע געדאַנקען? עס גייט מיר אַ ציטער דורך דער נשמה, ווען איך דענק דערפון און אין קאָפּ הייבט זיך מיר אָן שרעקלעך צו מישן...

19-טער אָקטאָבער.

האָט זיך דאָס מיר אַ ביסל אָנגעפּלאָנטערט די נאַכט! עס איז נאָך אַ שטיקל גליק, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געהאַלטן פון חלומות.

אין טיפן זאַמד בין איך געקראָכן, קוים שלעפּנדיק די פיס און אָטעמענדיק שווער, ווי אַ שווערע משא וואָלט אויף מיין ברוסט געדריקט, ביז איך בין צו אַ משופּעדיקער וואַנט געקומען. איך האָב געפילט, אַז צוריק קאָן איך נישט גיין, אַז איך מוז גיין ווייטער, מוז קלעטערן אויף דער וואַנט, אָבער מיינע פיס האָבן זיך נישט געוואָלט רירן. איך האָב מיט די הענט זיך געגראָבן אין די שפּאַלטן פון דער וואַנט, האָט זיך גע-קלאַמערט אָן די אַרויסשטעקנדע שפּיצקעס און מיין קערפּער אַזוי גע-צויגן אַלץ העכער און העכער, ביז איך בין ענדלעך אָנגעקומען סאַמע אויבן און דערזעען פאַר זיך אַ תהום פאַרוואַקסן מיט ווילדע דערנער.

איך האָב אַלע מיינע קרעפטן אָנגעשטרענגט און זיך גענומען אַרוגטערלאָזן צוריק פון דער וואַנט, אָבער איך האָב פאַרלוירן די גלייכ-געוויכט און גענומען פאַלן. איך האָב אַרויסגעלאָזט אַ פאַרצווייפלט גע-שריי, אָבער עס איז אַרויסגעקומען אַזוי הייזעריק, אַז איך אַליין האָב אים קוים געקאָנט הערן.

ווי דורך אַ נעפּל האָט פאַר מיינע אויגן אַ בלישטש געטון דער מעשענער שאַנדעליר פון מיין צימער און דאָס בילד, וואָס הענגט קעגנ-איבער מיין בעט, אָבער באַלד זענען זיי פאַרטושט געוואָרן, די אומגעבונג האָט זיך בליץ-שנעל פאַרוואַנדלט און באַלד האָב איך זיך געפונען אין אַ דריקענד הייסן קלימאַט צווישן אַ קרייז פון לויטער אַלטע מענטשן, מיט ברייטע פּלייצעס און פאַרברוינטע פּנימער. פון זייער גערייד האָב איך געקאָנט הערן בלויז דאָס וואָרט: „סויטה", „די סויטה".

עס האָט מיך פאַרקלעמט שטאַרק באַם האַרץ און כ'האָב גענומען וויינען, ווען פון אַ געדיכטן עולם איז מיטאַמאָל אַרויסגעשוואומען דאָס

געשטאַלט פון מר. האַנהעלסמאַן, וואָס איז צוגעטרעטן צו מיר, האָט מיך אָנגענומען בּאַ דער האַנט און מיך גענומען טרייסטן:

„ווייַן נישט, מייַן קינד, איך וועל דיך בּאַשיצן, איך האָבּ דיך ליבּ, ווייל דו זעסט אויס פּונקט ווי דייַן טאַטע!„

איך האָבּ זיך געטון אַ ריס פון מייַן בּאַשיצערס האַנט און אַ רגע שפּעטער איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז מיר האָט זיך געחלומט אַ מאָדנער חלום

## דאָס דרייסיקסטע בלעטל

26־סטער אָקטאָבער.

איך קאָן זיך מער נישט פאַרשטיין!

צייטנווייז דענק איך, אַז איך בין נישט מער דאָס גוטע, דאָס קלוגע, דאָס מענטשנפריינדלעכע מיידל, וואָס איך בין געווען ביז מיט אַ האַלב יאָר צוריק. איך הייב אָן צו שפּירן, ווי עס אַנטוויקלט זיך בײַ מיר אין האַרץ אַ האַס און אַ פאַראַכטונג צו דער גאַנצער וועלט. מיר קומט פאָר, אַז די גאַנצע וועלט איז שולדיק אין דעם, וואָס איך קאָן מיין איינציק גליק, מיין איינציקן ווונטש נישט דערגרייכן.

און ווען איך דענק, אַז איך בין נישט די איינציקע, אַז טויזנטער און מיליאָנען אַנדערע טרינקען פונעם זעלבן ביטערן געטראַנק וואָס איך, ווערט מיין האַס צו דער וועלט און די מענטשן נאָך ביטערער און שטאַרקער.

איך האָב שוין בײַלד אַ גאַנצע וואָך מיט קיין מענטש אַ וואָרט נישט אַרויסגערעדט. איך האָב שוין בײַלד אַ גאַנצע וואָך מיינע בעסטע פריינט אויסגעמיטן, אפילו בערנאַרדן אַליין.

איך קאָן זעען, אַז דער אָרימער בערנאַרד ליידט נעבעך שרעק־לעך, אַז אין זיין האַרץ קומט פאָר אַ פאַרצווייפלטער קאַמף, אָבער ווער דער קאַמף ברענגען מיר אַ זיג? דאָס לאָזט מיך מיין דערשלאָגן געמיט נישט האָפן.

היינט האָט בערנאַרד מיט געוואַלט געזוכט אַריינצושלעפּן מיך אין אַ געשפּרעך, ער האָט מיך בײַשולדיקט, אַז מיט מיין מאָדנער האַלטונג זוך איך אים אַריינצוואַרפן אין פאַרצווייפלונג און האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער שרעקט זיך נישט אפילו פאַרן טויט און דאָס ער איז גרייט צו יעדער צייט צו מאַכן אַ סוף צו אַלץ.

— נאַרעלע, — האָב איך אים געזאָגט. — דו קאָנסט מיר נישט איינרעדן, אַז דיין פאַרצווייפלונג איז שטאַרקער פון דיין ליבע, און אויב דיין ליבע האָט געקאָנט געפינען אַזאַ שטערונג אין דעם הייראַט־בונד׳ וועט עס דיין פאַרצווייפלונג אוודאי.

מען מיר האָבן זיך צעשיידט, האָט מיר דאָס האַרץ פאַרדריקט און מיינע אויגן זענען מיט טרערן פאַרלאָפן. איך האָב געפילט, אַז איך האָב געהאַנדלט ווי אַ טיראַן, ווי אַ שוואַכער הילפלאָזער טיראַן, קעגן דעם מאַן, וואָס איז דער איינציקער אינהאַלטספונקט פון מיין לעבן.

30־סטער אָקטאָבער, אינדערפרי.

וואָלט איך עס מיט אַן אויג צוגעמאַכן די גאַנצע נאַכט!

ביז צוועלף אַ זייגער האָט מיך נישט געלאָזט איינשלאָפן דער פאָנאָגראַף פון דעם פּריוואַטן הויז אַריבער דער גאַס און די לויטע געשפּרעכן און די הילכיקע געלעכטערס, וואָס האָבן זיך געטראָגן אינ־דערלופטן נאָך יעדן רעקאָרד. עס האָבן די מענטשן דאָרט, קענטיק, אַ שמחה געפּראַוועט. זיי האָבן זיך געלאָזט ווילגיין, נישט ווייסנדיק, אַז זיי טוען עס אויף מיין רעכענונג.

שעהן לאַנג בין איך געלעגן מיט אָפענע אויגן און מיין פאַנטאַזיע האָט פאַר מיר פאַרגעפירט בילדער איינע נאָך די אַנדערע ווי זיי וואָלטן געווען צוגעגרייט פאַר אַ „מווי".

דאָ דאַכט זיך מיר, אַז איך זיץ און מרס. הילפּרייכס פאַראָל־צימער. די „מיסיס" זיצט מיט פאַרלייגטע הענט קעגנאיבער מיר אין אַ וויג־שטול און קלויבט נחת פון די „סאַנגס", וואָס די נייע גרויסע וויקטראָלאַ גיט פון זיך אַרויס. בערנאַרד איז שטאַרק „ביזי" מיט די רעקאָרדס, ער קלויבט פון די רונדע שוואַרצע ברעטלעך און קאָן זיך נישט באַשליסן, וועלכעס פריער אין מאַשין אַריינצוטון.

— געפין דעם „מערי ווידאָו"־וואַלס — לאָזט די מיסיס אַרויס אַ באַפעל און בערנאַרד בייגט זיך איין אַרויסצונעמען פון שענקל דעם פאַר־לאַנגטן רעקאָרד.

שטייענדיק איינגעבויגן צווישן די אָפענע טירלעך, פאַרטראַכט זיך בערנאַרד און פאַרגעסט, וואָס מען האָט אים געהייסן.

— וואָס נעמט עס דיר אַזוי לאַנג? — פּלאַצט אַרויס די באַ־

לעבאָסטע אויף איר קוויטשיק קול. — האָסט דאָך נעכטן אָוונט אַליין געהאַלטן דעם רעקארד!

בערנאַרד ווערט אין כעס, וואַרפט צו זיין ווייב אַ בייזן בליק פון הינטער דעם טירל, וואָס פאַרשטעלט זיין פנים, און שלעפט אַרויס דעם רעקארד.

— נאָך דעם „מערי ווידאָו"־וואַלס ווּעסטו אַרויפטון דעם „טשאַקאַלאַד סאָלדזשער" — גיט די באַלעבאָסטע אַ קאָמאַנדע.

בערנאַרד וואַרפט איר צו אַ שטרענגן בליק און ווערט אָנגעבלאָזן.

— פאַרוואָס זאָלסטו זיך נישט צוגעוויינען צו עפעס רעכטס? — רופט ער אויס אין אַן ערנסטן טאָן. — מיר האָבן אַזעלכע טייערע רעקאָרדן, פון מאָצאַרט און בעטהאָווען, פון מענדעלסאָן און וואַגנער און שאָפען און דו, נאַר מיט די „טהרעש!"

פאַר מיינע אויגן גיט מיטאַמאָל אַ שווינדל און דאָס פאַרלאַרצימער ווערט פאַרוואַנדלט אין דעם ביבליאָטעק־צימער.

בערנאַרד זיצט אַ פאַרזאָרגטער אין דער הויכער מאָריס־שטול, אויפן טיש פאַר זיינע אויגן ליגט אַן אָפן בוך, אָבער זיין בליק וויל בשום אופן דערויף זיך נישט אָפּשטעלן. ער וואַנדלט פאַרווירט פון איין קעגנשטאַנד צום צווייטן, ביז ער בלייבט שטיין אַ פאַרגליווערטער באַ דער וואַנט, הינטער וועלכער איך האָב אַזעלכע גאָלדענע חלומות געחלומט. פלוצלינג גיט זיך בערנאַרד אַ כאַפּ אויף און קוקט זיך אַרום ווי ער וואָלט פון אַ טיפן שלאָף זיך אויפגעכאַפּט. ז י באַווייזט זיך אין טיר. זי קוקט אָן איר מאַן מיט אַ מינע, ווי זי וואָלט זאָגן: „אַהאַ, איך האָב דיך געכאַפּט!" ער לאָזט אַרונטער די אויגן צום דיל, דאָ הייבט ער זיי צוריק אויף, שטעלט זיי אָן ווי אַ פאַר גלעזער און מורמלט פאַר זיך: „אַזוי, טאַקע געכאַפּט! איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז דו ביסט אַזאַ בריה". ער הייבט זיך אויף און מאַכט אַ באַוועגונג צו פאַרלאָזן דאָס צימער, ווען זי לויפט צו אים צו מיט אַ פריילעך געלעכטער. כאַפּט אים אַרום, דריקט אים צו צו זיך, קושט אים, פריער אין איין באַק, דאַן אין דער צווייטער און זאָגט: „אַנו, לאָמיר טאַקע זען, ווי דו קאָנסט זיך פון מיר אַרויסדרייען!"

— קינד איינע, קינד איינע, וואָס האָסטו זיך איינגערעדט, אַז איך

וויל פון דיר זיך אַרויסדרייען, אַז איך וויל דיך פאַרלאָזן! — רופט בערנאַרד אויס אויפגערעגט. — האָבן מיר נישט שוין באַלד פינף יאָר צוזאַמען אָפּגעלעבט? גייט אונזער בונד איצט נישט ווערן שטאַרקער פאַרצויגן דורך דעם, וואָס דו...

אַ קאַלטער שוידער האָט מיין גאַנצן קערפּער אויפגעטרייסלט — — —

דאָס בילד פאַרוואַנדלט זיך ווידער.

זי שטייט אין קיך באַם אויוון און גרייט צו סאַפּער.

זי איז אויסגעפּוצט אין דעם נייעם זיידענעם שלאָפראָק, אויף וועלכן זי האָט באַ מיר מבינות געפרעגט און איר פּנים שטראַלט פון גליק און פרייד. איר בליק לאָזט זיך מיטאַמאָל אַרונטער און בלייבט אָנגעשטעלט אַ פאַרטראַכטער. איך ווער נייגיריק צו וויסן, וואָס עס האָט זי מיטאַמאָל געקאָנט מאַכן אַזוי פאַרטראַכט און איך פאָלג נאָך די ריכטונג פון איר בליק.

אַ פאַרצווייפלונג כאַפּט מיך פלוצלינג אַרום און איך בלייב זיצן אַ צעטומלטע און אַ פאַרציטערטע. זאָל דאָס מעגלעך זיין? האָט ער מיך אויף אַזויפיל גענאַרט?... איך נעם זיך אָן מיט קוראַזש און זוך און פאָרש מיט מיין בליק און עס ווערט פאַר מיר אַלץ קלערער און קלערער... יאָ, ער האָט מיך גענאַרט, ער האָט מיך באַשווינדלט! שריי איך אויס אין זיך. זע איך דען נישט, אַז דאָס מלבוש ווערט ענג אויף איר! אַז זי האָט אויסגעפירט, וואָס זי האָט געוואָלט?...

אינמיטן פון מיין העכסטער פאַרצווייפלונג עפנט זיך די טיר און בערנאַרד קומט אַריין. ער באַמערקט מיך נישט. ער גייט צו גלייך צו איר און גיט איר אַ קוש אויפן שטערן.

— אָט אַזוי האָב איך דיך ליב, מיין טייערער! — רופט זי אויס, צוטוליענדיק זיך צו אים. אַז דו קומסט אַהיים אין צייט, ביסטו אַ פיינער מענטש.

בערנאַרד וואַרפט אַ פאַרגנבעטן בליק אויפן פלאַץ ווו דער שלאָפראָק איז אָנגעצויגן און אַ גליקלעכער שמייכל צעגיסט זיך איבער זיין פּנים.

— איז דיר די הויז־אַרבעט נישט צו שווער, איידאַ? — רופט ער

אויס אין אַ טאָן פול מיט טריישאַפּט. — דענקסטו נישט, אַז מען דאַרף אַריינגעמען אַ דינסט אין הויז! — — —

איך האָב געגומען פילן אַ פּוסטקייט אין האַרץ. פאַר מיינע אויגן האָט גענומען שרעקלעך שווינדלען און אין מיינע אויערן האָט געהוזשעט און געזומט, ווי אַלע קלאַנגען און טענער וואָלטן זיך אויסגעמישט און פאַרוואַנדלט אין איין לויטלאָזן גערויש. דער זייגער אין עסצימער האָט לאַנגזאַם אָפּגעשלאָגן צוועלף און מיר איז פאַרגעקומען, ווי די קלאַנגען וואָלטן קומען פון עק וועלט.

אַ היפּשע צייט בין איך נאָכדעם געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ קלאָץ, אָן אַ געפיל אין האַרץ און אָן אַ געדאַנק אין מוח. מיר איז פאַרגעקומען ווי איך וואָלט אַליין זיך פאַרלוירן.

אויף די טרעפּ האָבן זיך טריט דערהערט און באַלד אויך דאָס צומאַכן פון אַ טיר אויף דער זייט ווו מיין צימער געפינט זיך. אַ שטרייליכט איז אין דער קרום פּלוצלינג אויף דער וואַנט געפאַלן און איך האָב געוווּסט, אַז אין קיך פון „נעקסט-דאָר" האָט מען דעם גאַז אָנגעצונדן. דער שטרייף ליכט איז באַלד אָפּגעמעקט געוואָרן און דעם נעקסטן מאָמענט האָבן זיך גענומען טראָגן שטימען פון שלאָפצימער, וואָס גרענעצט זיך מיט מיינעם.

— האָסטו שוין אין אַ גאָווינע ווידער געמאַכט אַ קערטל, האַ! — האָט אַ הייזעריקע טיפע פרויען-שטימע זיך צעטראָגן איבערן הויף. — וויפיל איז דאָס דער זייגער, תּכשיט מיינער, שוין אוודאי דריי, די מילךוועגענער וועלן שוין באַלד נעמען אַרומפאָרן!

— דריי דער זייגער! — צעלאַכט זיך אַ מאַן אויפן קול. — און וויפיל גיסטו מיר פאַר יעדער מינוט, וואָס פעלט צו צוועלף!

— איך וועל דיר געבן, וואָס גאָט האָט געגעבן פּרעהן! האָסטו געהערט אַ ביסל. איך האָב גאָרנישט זי זכיה אים אָנצוקוקן. אָדער ער שלעפּט זיך אַרום מיט... מיט... אָדער שפּילט אין קאָרטן גאַנצע נעכט.

— שריי נישט אַזוי הויך! וואָס זענען פרעמדע מענטשן מחויב צו ליידן!

— און אויב דו מיינסט, אַז איך בין יאָ מחויב צו ליידן, האָסטו אַ גרויסן טעות! איך זאָג דיר צום לעצטן מאָל, אַז ווען דו קומסט

אַהיים נאָך אַמאָל מיטן טאָג צוגלייך, ווע֫סטו מיך מער נישט בעפינען.

— קיין גרעסערער היזק זאָל קיין ייד נישט טרעפן, — האָט דער מאַן זיך צעלאַכט אינדערהייך.

— וואָס דען! מיינסטו, איך ווייס נישט, אַז דו זוכסט פון מיר פטור צו ווערן, אַז דו שלעפּסט זיך בכיוון אַרום גאַנצע נעכט, כּדי מיר זאָל מיאוס ווערן צו האַלטן זיך מיט דיר. אָבער נישט זוכה וועט זיין באַשע די ארורה, אַז איך זאָל איר אָפּטרעטן דעם וועג.

— זאָלסט מיר נישט אַריינמישן קיין פרעמדע מענטשן, דו הערסט! — האָט דער מאַן זיך צעשריגן, — באַשע איז נאָך צו יעדער צייט אַזאַ פיינע אָנשטענדיקע פרוי, ווי דו!

— אַזאַ יאָר אויף איר מיט דיר צוזאַמען, — האָט די פרוי געענטפערט מיט די גאַנצע טיפקייט פון איר קול.

— „שאַט-אַפּ!“ — האָט עמעצער פון די שכנים אויפן אייבערשטן שטאָק אויסגערופן, אַרויסשטעקנדיק זיין קאָפּ פון פענצטער.

— אַ חוצפּה אַ ביסל! — האָט אַ פרויען-קול זיך דערהערט פון אַן אַנדער ווינקל. — מען זאָל נישט לאָזן מיט אַן אויג צומאַכן די גאַנצע נאַכט!

אין אַן אויגנבליק זענען אַלע שכנים פון הויז, איבערהויפּט די שכנהטעס, געווען פאַרוויקלט אין אַ געשפּרעך. יעדער איינער און איינע האָט געזאָגט אַ מיינונג וועגן די אומפאַרשעמטקייט פון די „לייטע“ צו שטערן אָנגעהאָרעוועטע מענטשן פון שלאָף. איינער פון פאַרטער-פלאָר האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך באַקלאָגן פאַרן לענדלאָרד.

עס האָט גענומען אוודאי אַ גאַנצע שעה ביז אַלץ איז צוריק שטיל געוואָרן.

אָבער לאַנג האָט די שטילקייט נישט אָנגעהאַלטן. אויפן „טאָפּ-פלאָר“ האָט אַ בייבי זיך צעוויינט, און כּדי זי איינצושטילן, האָבן טאַטע-מאַמע געמאַכט אַזאַ טומל און גערודער, אַז איינער פון די שכנים איז ווידער אַרויסגעפאָרן מיט אַ „שאַט-אַפּ!“

איך האָב זיך געמאַטערט איינצושלאָפן. איך האָב געוווּסט, אַז באַלד וועלן די „דעליווערי“-וועגן נעמען קלאַפּן אין קאָפּ און עס וועט

זיין אוממעגלעך אַן אויג צוצומאַכן. איך האָב עס אָבער בשום אופן נישט געקאָנט. דער שלאָף האָט זיך איינגאַנצן אָפּגעטון פון מיר.
ביז גרויסן טאָג בין איך אַזוי געלעגן און נאָכגעטראַכט איבער די פאַרשידענע פראַגן פון לעבן, ווי זיי זענען און ווי זיי שיינען צו זיין און אַ שווערע קאַלטע אַפּאַטיע האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער מיין נשמה.

# דאָס איין און דרייסיקסטע בלעטל

7-טער נאָוועמבער.

אַבי איך האָב געדאַגהט, איך וועל דאָס פלאַנעלענע קלייד מער נישט קאָנען טראָגן!

עס איז פון נייערהייט געווען אַ ביסל צו שמאָליק אויף מיר, און ווען איך האָב עס צום לעצטן מאָל געטראָגן, ווען איך בין דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער מיט בעסין אין „היפּאָדראָם" געגאַנגען, איז עס געווען גוט ענג אויף מיר, און איצט — אַ מחיה, כאַ, כאַ, כאַ.

איך לאַך נאָך צו די צרות! איך טרייב שפּאַס פון מיינע אייגענע ליידן! אָבער זיי וועלן מיך פאַרצערן, זיי וועלן פון מיר אַ תּל מאַכן, איידער איך וועל זיך אַרומזעען.

איך קאָן דאָס זעען מיט מיינע אויגן.

אַזוי פיל צו פאַרלירן אין אַזאַ קורצער צייט! דאָס קלייד הענגט אויף מיר פּשוט ווי אַ זאַק. אויף די שולטערס פאַלט עס אַרונטער אַזוי, אַז די אַרבל זענען מיט אַ צאָל לענגער געוואָרן, אין טאַליע קאָן מען פאַלדן אויפלייגן און איבער די היפטן איז עס אפשר זעקס „סייזעס" צו גרויס. מיר איז נאָר אַ וואונדער, וואָס קיינער האָט מיר נישט אויפמערקזאַם געמאַכט די גאַנצע צייט, אַז איך פאַל אַזוי איין.

און די גריבער אונטער מיינע אויגן! פון זיי האָב איך גאָר מורא צו דענקען. איך שרעק זיך נאָר, זיי זאָלן זיך נישט פאַרוואַנדלען אין בלויע רייפן.

9-טער נאָוועמבער.

ווי שטאַרק מיין ווונטש איז געווען צו קאָנען פאַרברענגען מיט

בערנאַרדן אַ פּאָר שעה צוזאַמען, האָט ער זיך נעכטן געדאַרפט בעטן בײַ מיר איך זאָל גיין מיט אים אַ ביסל.

איך ווייס, אַז איך האָב געהאַנדלט דעספּאָטיש און פאַלש קעגן אים, ווי קעגן זיך אַליין. איך האָב געפילט, אַז טיף אין האַרץ בין איך צופרידן מיט דער געלעגנהייט, אָבער אַ מינע האָב איך געמאַכט, ווי איך גיי מיט אים איבער דאַנק.

בערנאַרד האָט זיך געפילט שטאַרק געקרענקט פון מיין באַנעמונג. ער האָט אומזיכער מיר געקוקט אין די אויגן, ווי ער וואָלט וועלן פון זיי דערגיין, וואָס עס טוט זיך בײַ מיר אין האַרץ.

מער שווייגנדיק ווי רעדנדיק האָבן מיר שפּאַצירט איבער פּינפטע עוועניו. ער האָט מיין אָרעם געהאַלטן איינגעשלאָסן אין זיינעם, אָבער אָנשטאָט צו טוליען זיך צו אים, ווי שטענדיק, האָב איך געהאַלטן אין איין אָפּרוקן זיך פון אים.

— געוואַלט, ווי קאָן איך אַזוי האַנדלען! — האָט אַ שטימע אין מיר געשריגן. — ווו איז מיין בריימזיניקייט אַהינגעקומען, ווו איז מיין אָפנהאַרציקייט פאַרשווונדן!

דער חוש פאַר הומאָר האָט זיך באַלד אויפגעוועקט אין מיר און איך האָב זיך שיער פונאַנדערגעלאַכט: „ווי געפעלט דיר עפּעס, בער-נאַרד, ווי איך שפּיל אַ ברוגז, איז דאָס נישט לעכערלעך! קאָן מען נישט זען, אַז עס איז געמאַכט?" איך האָב זיך אָבער צוריקגעהאַלטן.

איך האָב די אויגן צום טראָטואַר אַרונטערגעלאָזט, ער זאָל נישט זען, ווי איך מאַך חוזק פון זיך אַליין.

— אפשר פילסטו נישט ווי צו שפּאַצירן? — האָט בערנאַרד אַ פרעג געטון מיט אַן אומזיכערן טאָן. — אפשר וואָלטן מיר בעסער אַריין זיך צוזעצן אין פּאַרק, אָדער אין אַ מווינג-פּיקטשור-טעאַטער?

— מיר איז אַלציינס! — האָב איך ווי איבער דאַנק געענטפערט.

— דו ביסט געוואָרן אַזאַ מאָדנע, אַז איך דערקען דיך גאָרנישט! — האָט בערנאַרד אויפגערעגט אויסגערופן. — דיין באַנעמען זיך פּאַסט פאַר... איך ווייס אַליין נישט וועמען!...

איך האָב אַ קוק געטון מיט פאַרוואורף אין זיין וועלט אַריין און מיין אָרעם האָט, אומאָפּהענגיק פון מיין ווילן, זיך פעסט אָנגעקלאַמערט אָן זיינעם.

זיין קערפּער האָט זיך אַ צי געטון צו מיינעם און זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט פון באַגייסטערונג.

— נאָך אַלעמען האָסטו מיך נאָך נישט פיינט, — האָט ער שמייכלענד געשעפּטשעט.

— און דו מיך? — האָב איך זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— איך דיך, איך דיך! — האָט ער געמורמלט, טוליענדיק זיך צו מיר. — איך ווייס? — מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב דיך נאָך אַ ביסל ליב!

מיר האָבן אַזוי גערעדט און געשפּאַסט און זיך געמאַכט קינדיש, ביז מיר זענען אין פּאַרק אַריין און זיך געזעצט לעבן הומבאָלדטס סטאַטוע, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט אַזוי ערנסט־פּאַרטראַכט פון הינטער אַ באַקעטן בוים.

אַ קיל, פייכט ווינטל האָט געבלאָזן און די בלעטערלאָזע צווייגן האָבן זיך צעוויגט און געטרעשטשעט, ווי זיי וואָלטן געקרעכצט איבער דעם אָנקומען פון ווינטער.

איך האָב געפילט ווי אַ מרהשחורה רוקט זיך אָן אויף מיר און איך האָב נישט געזעען קיין וועג זי אויסצומיידן.

בערנאַרד איז אויך אַריינגעפאַלן אין אַ טריבע שטימונג. ער האָט זיך געפּראַטערט אויפצומונטערן זיך און מיך, אָבער עס איז אים נישט געלונגען.

די ווייסע פלאַמען פון די פאַרבייפליענדע אויטאָמאָבילן האָבן מיר געשווינדלט פאַר די אויגן און די לוסטיקע געלעכטערס פון די „גודטיימניקעס" האָבן מיר אין די אויערן געהילכט.

אין דער האַלבער שעה, וואָס מיר האָבן אין פּאַרק פאַרבראַכט, האָבן מיר אפשר צען מאָל אונזערע פּלעצער געביטן, אָבער דעם ריכטיקן פּלאַץ, ווו מיר זאָלן זיך קאָנען פילן גוט ווי אין די פריערדיקע צייטן, האָבן מיר נישט געקאָנט געפונען.

מיר האָבן קיין איין וואָרט נישט גערעדט איבער אונזערע האַרץ־אָנגעלעגנהייטן. מיר האָבן נאָר ווען־נישט־ווען דורך אַ זיפץ אָדער אַ פאַרצווייפלטן בליק זיך געפרעגט אָדער געזאָגט איינער דעם אַנדערן ווי עס האַלט.

מיט אַ שווער געמיט בין איך פון פּאַרק אַרויס און מיט אַ פּוסט־קייט אין האַרץ בין איך אַהיימגעקומען.

ווען איך בין אין מיין צימער אַריין, איז מיר פאַרגעקומען, אַז מיין וועלט איז אין אַטאָמען צעגאַנגען און איך האָב מער קיין באָדן נישט אונטער מיינע פיס.

18-טער נאָוועמבער.

שוין באַלד צוויי וואָכן קיין שורה נישט אַריינגעשריבן אין טאָגבוך.

עס הייבט מיר אָן פאַרצוקומען די גאַנצע געשיכטע פון פירן אַ טאָגבוך אַזוי נאַיוו, אַזוי קינדיש, וואָס עס פּאַסט נישט פאַר אַ מיידל אין מיינע יאָרן און מיט מיין דערפאַרונג.

צייטנווייז, ווען איך נעם בלעטערן דאָס ביכל און פון די בלעטלעך שווימען אַרויס מאָמענטן פון פאַרגאַנגענעם גליק, שטראַלן פון פאַרשווונדענער האָפענונג און דערינערונגען פון פאַרוועלקטער פרייד, ווערט מיר אויפן האַרץ אַזוי מאָדנע. איך כאַפּ דאָס ביכל און דריק עס צו צו דער ברוסט, ביז טרערן קומען מיר אין די אויגן. איך פיל זיך בעת מעשה אַזוי צוגעבונדן צו די קאַלטע בלאַסע ווערטער, צו די שטומע עדות פון מיין קורץ גליק, אַז איך וואָלט זיך פון זיי נישט געשיידט, ווען עס וואָלט געגאַנגען וועגן מיין לעבן. אָבער אַז איך מיש ווייטער די בלעטלעך, ווערט מיין אַנטציקונג ביסלעכווייז אָפּגעזעצט, ביז אַ קאַלטע, גרויע גלייכגילטיקייט פילט אויס מיין גאַנץ וועזן.

וואָס פאַר אַ זין, צוואָס פאַר אַ צוועק פיר איך בוכהאַלטעריע פון מיינע פריידן און ליידן? פרעג איך גאַנץ אָפט זיך אַליין — דאַרף איך דען אָפּגעבן עמעצן רעכנונג, פאַדערט דען עמעצער רעכנונג פון מיר? פאַדער איך עס אַליין? קיינער קימערט זיך נישט וועגן מיר. קיינעם אַרט נישט ווי איך פיל זיך און וואָס איך דענק. אפשר איז דאָ איינער, וואָס וויל יאָ וויסן וואָס אין מיר קומט פאָר, וועלכער וואָלט זיך וועלן טיילן מיט מיינע פריידן און ליידן, האָט ער נישט דעם מוט דאָס צו זאָגן אָפן פאַר דער וועלט...

און דאַן — ווער ווייסט וואָס מיט מיר מאַכט זיך. ווער דאָס טאָגבוך נישט פאַרראַטן דעם מאַן, פאַר וועלכן איך בין גרייט געווען מיין לעבן אָוועקצוגעבן!

22־סטער נאָוועמבער.

ערשט נעכטן האָב איך אויסגערעדט בעסין פּאַרוואָס זי באַהאַלט זיך אַזוי מיט איר מר. גאָלדמאַן און שוין היינט האָט זי דעם בחור אַראָפּגעבראַכט צו מיר אין הויז.

ער איז טאַקע אויף אַן אמת אַ פיינער יונג און מאַכט מיטן ערשטן מאָל אַ גוטן איינדרוק. ער איז פול מיט לעבן און ענערגיע און די אויפריכטיקייט ליגט אים אויפן פּנים, ווי בײַ אַ קינד.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך זייער פיל אָנגעהערט פון בעסין וועגן מיר און אַז ער איז געווען בייגיריק צו באַקענען זיך מיט מיר, נאָר די צייט האָט אַלץ נישט דערלויבט.

בעסי האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט אונזערע בליקן בעת מיר האָבן אַזוי גערעדט און מיר איז אַרויפגעקומען אויפן זינען די סצענע, ווי זי האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר פיינמאַנען.

איך האָב זי באַרויקט מיט מיין בליק און האָב געשמייכלט צו זיך אַליין.

בײַם אָוועקגיין האָט בעסי אויסגעדריקט באַדויערן, וואָס איך זע אויס אַזוי שלעכט, זי האָט מיר געראַטן צו גיין צו אַ דאָקטאָר.

— אויב אַ דאָקטאָר קאָן מיר העלפן, בין איך נאָך נישט אַזאַ געפערלעכער חולה, — האָב איך געענטפערט מיין פריינדין מיט שפּאַס.

28־סטער נאָוועמבער.

דער ווינטער האָט שוין אָנגעקלאַפּט אין דער טיר!

דעם גאַנצן טאָג איז אַ שניי געפאַלן און צעגאַנגען. דער האַרבסט און דער ווינטער האָבן געקעמפט פאַרצווייפלט און דער רעזולטאַט איז — אַ גרויסע בלאָטע אויף די גאַסן און אַ קלעפּיקע נאַסקייט אויף די טראָטואַרן. אַ מוטנע גרויער הימל האָט זיך נידעריק אַרונטערגעלאָזט איבער דער ערד און די גאַנצע וועלט איז מיטאַמאָל איינגעשרומפּן געוואָרן.

אַ שווערע קאַלטע משא האָט זיך אויף מיין געמיט אַרויפגעלייגט און עס דריקט און בייגט מיין גייסט, נישט אויסצוהאַלטן.

אוף... גייט מיר דורך אַ ציטער דורכן לייב — עס קומען די גרויע

קאַלטע טעג און בײַ מיר אין האַרץ איז אַזוי פּוסט, קײן פונק האָפענונג, קײן שטראַל גליק.

בײזע קעלטן, ווילדע ווינטן זענען אויפן וועג און פּאַר מײנע אויגן וואַקסט אַן אומעט, פון וועלכן עס איז אוממעגלעך זיך אויסצובאַהאַלטן.

אָט באַלד וועט אַ שטורעם רײסן מײן פענצטער. וועט פאַרשיטן די שויבן מיט שנײ, וועט בילן און וואָיען מיט צעשטערנדער מאַכט און איך וועל ליגן אַלײן אונטער אַ דעקע, אײנזאַם מיט אַ געבראָכענעם גײסט, אַ צעריסן האַרץ, און קוקן מיט שרעק אין דער פינצטערער, בײזער נאַכט אַרײַן.

וועט כאָטש בערנאַרד מיטפילן מיט מיר? וועט ער אין זײנע געדאַנקען כאָטש אַריבערקומען צו מיר, זיך טוליען צו מיר און מיך פאַרשטעלן און באַשיצן פון די גרויזאַמע נעכט! וועט זי דאָס אים לאָזן? וועט זי נישט נעמען אין מאָנאָפּאָל זײן גײסט צוזאַמען מיט זײן קערפּער?...

אוף... ווי עס שוידערט מיך!

30־סטער נאָוועמבער.

דער ייד פון דער סויטה האָט קענטיק מיך גוט אין זינען אַרײַנגענומען. ער קאָן זיך גאָרנישט פאַרגעסן אָן מיר.

איך האָב אים, דאַכט זיך, אויף זײן „שנה טובה" נישט געענטפערט, און ער איז שוין דאָ ווידער.

אין זײן בריוו באַציט זיך מר. האַנדעלסמאַן איבערהויפּט אויף מײן פאָטער. ער וויל זײער וויסן, צי איך האָב פון אים עפּעס געהערט און אויב איך טו עפּעס אויסצוגעפינען וואָס פון מײן פאַמיליע איז געוואָרן. איך וואָלט אים געווען זײער דאַנקבאַר, ווען איך וואָלט צווישן די שורות נישט באַמערקט, אַז ער רעדט וועגן פאָטער און מײנט גאָר די טאָכטער. באַשולדיקן אים פאַר אַזאַ זאַך קאָן איך אָבער אויך נישט.

מר. האַנדעלסמאַן האָט נישט פאַרגעסן צו לאָזן מיר וויסן, אַז ער דענקט צו זײן אין ניו־יאָרק אַרום פּסח־צײט און האָפט צו זעען מיך בײַ דער טאַנטע אין באָראָ־פּאַרק.

# דאָס צווייי און דרייסיקסטע בלעטל

8-טער דעצעמבער.

עס זעט אויס, אַז בעסי איז טאַקע געווען גערעכט: אַז איך האָב געדאַרפֿן גיין צו אַ דאָקטאָר נאָך פֿריער.

איך וואָלט אָבער נאָך אויך היינט נישט געזוכט קיין מעדיצינישע הילף, ווען איך קריג נישט מיטאַמאָל אַזאַ שטאַרקע פֿאַרקעלטונג.

ווען איך בין די לעצטע נאַכט געגאַנגען שלאָפֿן, האָב איך, דאַכט זיך, זיך געפֿילט פֿריש און געזונט. איך בין געווען אויפֿגעמונטערט פֿון לאַנגן שפּאַציר, וואָס איך האָב געמאַכט מיט מיין באַלעבאָסטעס יינגערע טאָכטער, בעלאַ, און מיך האָט גאָרנישט געאַרט, וואָס מיינע פֿיס זענען געווען אַ ביסל צוגענעצט. איך האָב זיך געלייגט שלאָפֿן מיטן געפֿיל, אַז איך האָב אין דעם מיידל אַ נייעם פֿריינט זיך דערוואָרבן און האָב נאָכגעדענקט פֿון פֿילס, וואָס זי האָט מיר דערציילט וועגן זיך, פֿאַרגעסנדיק דערווייל זיך אַליין און מיינע ליידן, אָבער ווען איך האָב אין דער פֿרי זיך אויפֿגעכאַפּט, איז מיין האַלז געווען פֿאַרלייגט און די ביינער האָבן מיר שרעקלעך געבראָכן.

איך האָב זיך נישט געוואָלט נאָכגעבן, איך האָב זיך אָנגעטון און געמאַכט גרייט צו גיין צו דער אַרבעט. אָבער ווען איך בין אַריין אין עסצימער צו פֿרישטיק, האָב איך דערפֿאַרן, אַז איך בין הייזעריק ווי די וואַנט און קאָן פּשוט אַ וואָרט נישט אַרויסרעדן.

די אַלטע מרס. פּיין האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פֿאַר מיין הייזעריקייט. זי איז צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל גלייך גיין צו אַ דאָקטאָר. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט אַ באַקאַנטן דאָקטאָר, אַ דאָקטאָר נאָך פֿון דער היים, וואָס קיין בעסערער פֿון אים קאָן גאָרנישט זיין און האָט זיך אָנגעבאָטן צו גיין מיט מיר צו אים. איך האָב איר אָבער דערקלערט,

אַז אויב יאָ צו אַ דאָקטאָר, וועל איך גיין צו דעם, וואָס האָט מיך שוין איינמאָל באַהאַנדלט.

איך האָב געפּרווּוט שווענקען דעם האַלז מיט „פּעראָקסייד", האָב איינגענומען אַ „גאָגעל־מאָגעל", וואָס מיין באַלעבאָסטע האָט צוגעריכט, און האָב אָנגעווענדט פאַרשידענע „באַבסקע" מיטלען, אָבער ווען איך האָב געזעען, אַז די אַלע זאַכן העלפן נישט, בין איך אַוועק צו דר. פרידבערג.

דר. פרידבערג האָט געמאַכט אַ זויערע מינע, ווען ער האָט מיך דערזעען. ער האָט מיך אויבערפלעכלעך באַטראַכט און זיך געווענדט צו מיר מיט אַן ערנסטן טאָן:

— וואָס האָט איר געטון מיט זיך? ווו איז אייער פלייש אַהינגעקומען? פאַרוואָס האָט איר געוואַרט אַזוי לאַנג?

— נו, זיך גיין זאָרגן איבער עטלעכע פונט פלייש. אַ וויכטיקע זאַך! — האָב איך זיך געמאַטערט אַרויסצוברענגען פון מיין מויל. — דאָס פאַרלוירענע פלייש קימערט מיך גאָרנישט, וואָס מיך אַרט איז נאָר מיין הייזעריקייט.

— זעט איר, מיך אַרט מער אייער אָפּגעצערטקייט ווי אייער הייזעריקייט, — האָט דער דאָקטאָר נאָך אַ קורצן נאָכדענקען געזאָגט. — אייער הייזעריקייט וועט אין צוויי־דריי טעג זיין פאַרשוווּנדן, אָבער עס וועט אייך נעמען אַ לענגערע צייט צוריקצוגעווינען די געוויכט, וואָס איר האָט פאַרלוירן, און צוריקגעווינען מוזט איר עס אונטער אַלע אומשטענדן.

דר. פרידבערג האָט מיך דערמאָנט אָן דער וואָרנונג, וואָס ער האָט מיר דעם לעצטן זומער געגעבן, אָפּצוהיטן זיך פון פאַרקעלטונג און האָט אָנגעזאָגט צו שטיין אין הויז ביז איך וועל אויסנעמען די מעדיצין, וואָס ער גייט מיר פאַרשרייבן. ער האָט מיך דאַן נאָכאַמאָל באַטראַכט, האָט מיר געקלאַפּט מיט די פינגער איבער דער פלייצע, איבער דער ברוסט און האָט זיך צוגעהערט צו מיין אָטעם און מיין פולס. פונם אויסדרוק אויף זיין פנים, האָב איך געקאָנט זעען, אַז ער האַלט מיך פאַר אַ שטאַרקן חולה.

— נו, וואָס, אפשר איז דאָס אַן אָנהייב פון שווינדזוכט? — האָב איך פּרובירט אַרויסרעדן, אַרויפּצווינגענדיק אַ שמייכל אויף מיין געזיכט.

אָבער מיינע ווערטער האָב איך אַליין נישט געקאָנט הערן. איך האָב נאָר בעהערט צעדריפּעטע טענער: האַ-וואַ, האַ-וואַ.

דער דאָקטאָר האָט אָבער יאָ געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט.

— ניין, אַזוי ווייט האַלט עס חלילה נישט, — האָט ער געזאָגט מיט האַרץ. — אָבער אייער לונג איז שוואַכלעך און איר מוזט זעען צו פּאַרהיטן עס זאָל דערצו נישט קומען. ווען איר קאָנט באַווייזן אַוועקצופאָרן אויף עטלעכע וואָכן אין די בערג, וואָלט געווען זייער גוט.

אַרויסגייענדיק פון דאָקטאָרס הויז, האָב איך געפילט ווי מיר פעלט עפּעס, ווי איך האָב נאָר-וואָס פאַרלוירן אַ זאַך, אָן וועלכער עס איז שווער צו לעבן.

10-טער דעצעמבער.

בערנאַרד איז געווען אויסער זיך, ווען ער האָט מיך באַגעגנט אינ-דערפרי באַם „על"-סטיישאָן. ער האָט געזאָגט, אַז ווען איך קום נישט היינט, וואָלט ער נאָך דער אַרבעט געוויס אַריבערגעקומען צו מיר.

— אויב אַזוי פאַרדריסט מיך שוין, וואָס איך בין געקומען. — האָב איך געזאָגט מיט אַ כלומרשטן ערנסט.

— דו ביסט היינט זייער סאַרקאַסטיש, — האָט בערנאַרד געזאָגט מיט פאַרדראָס. — נאָר איך פאַרצײַ עס דיר, דו ביסט דאָך פאָרט עפּעס אַ שטיקל חולה.

— אַ שטיקל חולה! — האָב איך זיך פונאַנדערגעלאַכט אויף מיין הייזעריק קול. — איך בין שוין גאָר אַ גרויסער חולה, קאָנסט פרעגן דר. פרידבערג.

בערנאַרד איז געוואָרן בלאַס ווי קאַלך. ער האָט איינגעגראָבן אין מיר זיין צעשראָקענעם בליק, ווי ער וואָלט געזוכט אויסצוגעפינען, וואָס מיט מיר איז אין אמתן.

— זאָג שוין גיכער, וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט! — האָט ער נערוועז געשטאַמלט.

— מאַלע וואָס ער האָט געזאָגט! — האָב איך אויסגערופן פאַר-עקשנט. — דו ווייסט דאָך, וויפיל איך האַלט פון דאָקטוירים.

— אָבער דאָך, המ... עה... — האָט בערנאַרד קיין ווערטער נישט געקאָנט געפינען.

— האָב קיין מורא נישט, איך וועל לעבן אויף צרות, — האָב איך אים געגומען טרייסטן. — שטאַרבן איז גאָרנישט אַזוי לייכט, ווי מען דענקט.

בערנאַרדן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן און זיין פּנים האָט זיך שטאַרק פאַרכמאַרעט.

— — — — — — — — —

מיר זענען אַריין אין אָפּיס ווי אַ פּאָר אבלים. ער איז באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן אין זיין פּריוואַטער קאַמער הינטער דעם מאַט-גלעזערנעם ווענטל און איך האָב זיך אוועקגעזעצט בײַ מיין שרייבטיש, אויף וועלכן עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ באַרג אַרבעט פאַר די פּאָר טעג, וואָס איך בין נישט געווען.

איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו דער שרייבמאַשין טאַקע ווי נאָך אַ קרענק. מיינע פינגער זענען נערוועז געפלויגן איבער די ביינדלעך און די שורות זענען אַרויסגעשוווּמען פאַר מיינע אויגן ווי זיי וואָלטן געקומען פון ערגעץ פאַרטיקע. מיינע געדאַנקען זענען געווען ווייט פון דער אַרבעט, וואָס איך האָב געהאַט פאַר מיינע אויגן. זיי האָבן געשוועבט ערגעץ-ווו אין אַבסטראַקטע וועלטן און זיך געמישט מיט פרעמדע, אומבאַקאַנטע באַגריפן, וואָס האָבן פון זיך געבלאָזן מיט אַ גרויער אומעטיקער פוסטקייט.

ווען אַלץ האָט זיך ווידער איינגעאָרדנט בײַ מיר אין קאָפּ, האָב איך גענומען איבערטראַכטן, וואָס איך האָב בערנאַרדן געזאָגט און דעם טאָן, וואָס איך האָב דערביי געברויכט און בײַ מיר איז קיין ספק נישט געווען, אַז איך האָב עס געטון — פילייכט קעגן מיין אייגענעם ווילן — אים גאָר צו להכעיס, צו פאַרשאַפן אים שמערצן פאַר קיין אַנדערע זאַך, ווי נאָר פאַר דעם, וואָס ער איז נישט שטאַרק — אָדער אפשר שוואַך גענוג — צו האַנדלען ווי פיל מענטשן וואָלטן געהאַנדלט אויף זיין פּלאַץ.

איך האָב בײַ זיך באַשלאָסן, איך זאָל צו „לאָנטש", ווען מיר וועלן זיך טרעפן אין רעסטאָראַן, אים זאָגן דעם גאַנצן אמת, אַז איך האָב גערעדט נאָר אים להכעיס. אַז איך האָב געוואָלט אויסגעפינען צי ער קימערט זיך נאָך וועגן מיר. אָבער ווען די צייט איז געקומען, בין איך

אין רעכטאָרצן ניעט צרותער. איך האָב געפילט, ווי טויזנט הענט האַלטן מיך צוריק.

היינט איז מיין געבורטסטאָג. דער פינפטער טאָג חנוכה. דריי און צוואַנציק יאָר איז מיר היינט געוואָרן.

איך קאָן זיך נאָך דערמאַנען אָן די יאָרן, ווען דאָס „פינפטע ליכטל” איז געווען אַ גאַנצער יום-טוב בײַ אונז אין הויז. עס איז גע-ווען, ווען מיין מאַמע האָט נאָך געלעבט, ווען מיין טאַטע איז געווען דער רייכער בכבודער ר' שאול און איך בין געווען די זאַרגלאָזע בת-יחידקע. אַ גאַנצער יום-טוב פלעגט געפּראַוועט ווערן צו מיין געבורטס-טאָג. מען פלעגט מיך אויספּוצן אין נייע שיינע קליידלעך, מיר אָנגעבן פאַרשידענע פּרעזענטן און צוזאַמענרופן אַלע מיינע חברטעס און זייערע מאַמעס אויף אַ רייכער סעודה, בײַ וועלכער מיין מאַמע אַליין פלעגט סערווירן צום טיש. די דינסטן האָבן געמוזט זיצן בײַם טיש צוזאַמען מיט די געסט. זיי האָבן נישט געטאָרט טון קיין אַרבעט פאַר מיין גע-בורטסטאָג-סעודה. די מאַמע האָט מיט אירע אייגענע הענט די שפּייזן צוגעגרייט און האָט זיי איינע אַליין סערווירט פאַר די געסט.

מיר קלינגען נאָך אין די אויערן דער מאַמעס ווערטער צום לעצטן געבורטסטאָג-יום-טוב, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געהאַט. די מאַמע האָט דאַן זיך שוין קורירט און איז געווען זייער שוואַך, דאָך האָט זי פון איר חזקה נישט געוואָלט אָפּטרעטן. דעם גאַנצן טאָג איז זי אין קיך אָפּגעשטאַנען, געבאַקן, געקאָכט און געמאַכט פאַרשידענע פּאַ-טראַוועס, און ווען דער עולם האָט אין אָוונט זיך צוזאַמענגעקליבן, האָט זי קוים אויף די פיס זיך געקאָנט האַלטן. זי האָט אָבער אַליין דעם טיש געגרייט און איז פאַרשמייעט געלאָפן הין און צוריק אַלץ צו דער-לאַנגען.

דער טאַטע האָט געזעען, אַז די מאַמע קאָן זיך קוים אויף די פיס האַלטן און ער האָט זיך בײַ איר געבעטן איבערצולאָזן די אַרבעט פאַר די דינסטן. די פאַרבעטענע ווייבער האָבן זיך אויך געבעטן בײַ איר. זיי האָבן זיך אָנגעבאָטן צו טון די אַרבעט פאַר איר, אָבער די מאַמע האָט זיך איינגעשפּאַרט און האָט קיינעם נישט געלאָזט זיך צורירן צו עפּעס. זי האָט געזאָגט, אַז כל זמן זי וועט לעבן און איר טאָכטער וועט

זיין אונטער איר רשות, וועט זי מיט אירע אייגענע הענט אַלץ צוגרייטן און דערלאַנגען צו איר געבורטסטאָג.

מיר דאַכט זיך, אז איך קאָן נאָך פילן איצט די באַרירונג פון אי־רע דאַרע אָרעמס, ווען זי האָט מיך דאַן אַרומגענומען און געדריקט צו זיך, באַדעקנדיק מיין פנים מיט אַזוי פיל קושן, וויפיל יאָר מיר איז גע־וואָרן. יאָ, זיבן הייסע קושן האָט זי מיר אויף די ליפּן און אויף די באַקן איינגעפּרעסט און איך קאָן נאָך איצט פילן זייער וואַרעמקייט.

— מיין איינציקער ווונטש, — האָט די מאַמע געזאָגט, ווען זי האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט די קושן, — איז, אַז מיין דבורהלע זאָל טון אויף שמחות פון אירע קינדער דאָס זעלבע, וואָס איך טו באַ אירס אַ שמחה — אַליין טון די גאַנצע אַרבעט. קיין גרעסער גליק און קיין גרעסער פאַר־געניגן קאָן איך איר, דאַכט זיך, נישט ווונטשן.

אָ, מאַמע, מאַמע! גאָט ווייסט, אויב דיין ווונטש וועט מקוים ווערן, איך זע נישט איין ווי אַזוי. מיין צוקונפט איז מיט אַ פינצטערניש אַרומ־גענומען און מיינע האָפנונגען הענגען אויף אַן איבערגעבערענטער שטרוי איבער אַ פּוסטן, קאַלטן תהום.

23-סטער דעצעמבער.

אַ מאָדנע שרעק געהאַט היינט אינדערפרי.

אויפכאַפּנדיק זיך פון שלאָף, האָב איך אַרונטערגערוקט די האַנט אונטערן קישן אַרויסצונעמען דעם טאָגבוך, ווי איך בין געוווינט יעדן פרימאָרגן דאָס צו טון, אָבער — איך זוך און זוך און קיין סימן פון ביכל.

איך בין געבליבן שטיין פאַרווּנדערט און צעשראָקן. טויזנט גע־דאַנקען האָבן זיך מיר אין קאָפּ געלנומען פלאַנטערן און כ'האָב נישט גע־ווּסט, וואָס צו טון. באַלד אָבער בין איך געוואָרן פול מיט קוראַזש, האָב אַרונטערגעוואָרפן די קישנס, אַראָפּגעשלעפּט דאָס ליילעך — אָבער קיין טאָגבוך איז אַלץ נישטאָ.

מיר האָט זיך גענומען טומלען און מישן אין קאָפּ און מיין גאַנ־צער קערפּער האָט געציטערט פון נערוועזקייט.

— אפשר איז עמעצער אין צימער געווען? אפשר אַ גנב? — אָבער וואָס פאַר אינטערעס קאָן עמעצער האָבן אין ביכל?

— אָבער דאָס ביכל איז דאָך פאַרט נישטאָ! ווו איז עס, ווו קאָן עס זיין? — האָב איך גערעדט אויפגערעגט צו זיך אַליין, ארומלויפנ-דיק איבערן צימער ווי אַ פאַרסמטע. איך האָב שוין געוואָלט לויפן פרעגן מיין באַלעבאָסטע און אירע טעכטער, אפשר ווייסן זיי, אָבער באַם לעצטן מאָמענט איז מיר איינגעפאַלן צו זוכן אונטערן בעט.

דאָס ביכל איז געלעגן אויסגעצויגן באַם פוס פון בעט ווי מען וואָלט עס נישט געמיינט.

אַז עס איז אַ מענטש באַשערט אַ שרעק, כאַ, כאַ, כאַ..

27-סטער דעצעמבער.

איך האָב מורא, אַז סוף-כל-סוף וועל איך מוזן פאָלגן דעם דאָקטאָר און פאָרן אויף עטלעכע וואָכן אין די בערג.

שוין באַלד צוויי וואָכן זינט מיין הייזעריקייט איז אוועק, אָבער אין האַלז הערט מיר אַלץ נישט אויף צו רייבן. מיר קומט פאָר, ווי די הויט טיף באַ מיר אין האַלז איז צעקאָרטשעט אָדער אָפּגעשיילט און די לופט פאַרטשעפּעט זיך, ווען איך אָטעם איין און ווען איך אָטעם אויס. עס מאַכט מיר אין איין הוסטן און פּירכען און עס לאָזט מיך נישט אַ מינ׳ט צורו.

אפשר איז דאָס טאַקע דער אָנהייב פון שווינדזוכט. אפשר האַלט איך שוין טאַקע באַ דער גרענעץ פון לאַנגזאַמען, אָבער זיכערן טויט? עס גייט מיר אַ קאַלטער סקרוך איבערן לייב ווען איך דענק, אַז איך, אַ פריינווילִיקער קרבן פון ברענענד-רויטער ליבע, זאָל ענדיקן דאָס לעבן אינם שויס פון דער ווייסער פּלאָג — ניין, מיין טויט מוז קומען אין אַ מאָמענט פון באַגייסטערונג, אין אַ מאָמענט פון הייסער, פאַרצערנדער ליבע און נישט אין אַ צייט פון אָנמאַכט, ווי אַ שטיק אייז, וואָס ווערט צעשמאָלצן טראָפּנווייז פון די שטראַלן פון דער זון! אויסגיין אויף „אינ-סטאָלמענטס", ווי פיל אַנדערע אומגליקלעכע, וועל איך נישט קאָנען.

# דאָס דריי און דרייסיקסטע בלעטל

1-טער יאַנואַר.

אַ נײַ יאָר הייבט זיך היינט אָן, אַ נייער שטשערב אין מײַן יונגן לעבן. מײַן קאָפּ איז מיר אַזוי שווער, ווי איך וואָלט פאַרן שלאָף זיך אָנגעשיכּורט. און איין גאָט ווייסט, אַז איך האָב אויסער די רפואות, מיט וועלכע איך האָב דעם האַלז געשווענקט, און דאָס ביסל וואַרעמע מילך מיט סעלצער, קיין טראָפּן אין מויל געהאַט.

אפשר מישט זיך מיר דאָס אין קאָפּ פונם טאָגבוך, וואָס איך האָב ביז שפּעט אין דער נאַכט געבלעטערט!

מערקווירדיק, שטענדיק ווען איך בלעטער אין מײַן טאָגבוך, דאַכט זיך מיר, ווי איך וואָלט געוואַנדלט איבער אַ בית-עלמין. ווו מײַנע איבערגעלעבטע טעג ליגן אויסגעלייגט אין רייען אונטער קאַלטע, שטומע דאַטום-מצבות. אַ סך פון זיי גיי איך פאַרבײַ אַזוי גלײַכגילטיק. ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט פאַר מיר. בײַ אייניקע שטעל איך זיך אָפּ און פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע. איך פּרוּוו זיי צוריקרופן צום לעבן און ווען דאָס געלינגט מיר, לייגט זיך אַ צופרידענער שמייכל אויף מײַנע ליפּן. אַנדערע ווידער שפּרינגען אַרויס לעבעדיקע פון די קברים און צופּן מיך בײַם האַרץ, ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל טויט נישט געווען.

אָבער באַלד כאַפּ איך זיך, אַז איך וואַנדער נישט אַליין, אַז בערנאַרד גייט האַנט אין האַנט מיט מיר. ער בלײַבט שטיין גלײַך מיט מיר בײַ אַ סך פון די מצבות און העלפט די צוריק אין לעבן געררופענע דערינערונגען פאַר מײַן גייסט צעשפּרייטן.

— די דערינערונג איז אונזערס אַ בשותפותע: אין יענער האָב איך מער טייל ווי דו. — הער איך אים אויסרופן מיט האַרץ.

— יאָ, אָבער דער בית־עלמין איז מיינער! — ענטפער איך מיט שטאָלץ.

### באַנאַכט.

דער שפּאַציר אין פּאַרק האָט מיר געטון אַן א שיעור גוטס. איך פיל זיך איצט גאָר אַן אַנדערער מענטש.

אפשר צוויי שעה בין איך אַרומגעגאַנגען, געאָטעמט די קרעפטיקע קאַלטע לופט און זיך געקוויקט ווי מיט אַ פרישן שטראָם לעבן.

דער אייַנגעפרוירענער שניי האָט געסקריפּעט אונטער מיינע פיס און די מילדע שטראַלן פון דער זון האָבן זיך געשפּיגלט אין די פּאַר־האַרטעוועטע שניי־קריסטאַלן. אויף די ברייטע ווייסע פעלדער, רעכטס און לינקס פון די שטעגעלעך האָט געשוועבט אַ הויך פון אַ מילדן, גע־צערטלטן ראָזן־קאָליר. דער הימל איז געווען אויסגעשפּרייט ווייט און ברייט און אַלץ האָט געקוקט אַזוי שאַרף און בולט אין דער ריינער לופט.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט באַם קוואַרטיר פון די פּאָלאַר־בערן און אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט אָפּרייסן מיין בליק פון דעם מאַיעסטעטיש־ווייסן פּאָר. די קינדער פון קאַלטן נאָרד האָבן זיך באַוועגט גאָר מיט אַן אַנדערע פרישקייט ווי אין זומער. זיי האָבן פלינק זיך געקערט פון איין זייט צו דער צווייטער, האָבן געשטרעקט זייערע העלזער מיט גדלות און האָבן אין זיך געצויגן די פּראַסטיקע לופט מיט פריש־ווילדן אַפּעטיט.

קינדערלעך, נישט אָנגעפּעלצטע, מיט אָנגערויטיקטע בעקלעך זע־נען געשטאַנען דערבײַ לעבן זייערע פּאַטערס און מוטערס און האָבן אָנ־געקוואָלן פון דעם ווייסן בערן־פּאָר.

### 7־טער יאַנואַר.

איך זע נישט איין, ווי עס וועט זיין מעגלעך פאַר מיר צו לעבן אַן בערנאַרדן.

מיט מיין גאַנצער מי צו דערווייטערן זיך פון אים, ווערט ער כסדר אַלץ מער אין מיין האַרץ אייַנגעוואַקסן. מיינע געדאַנקען זענען פּאַראַלי־זירט, מיינע געפילן זענען געפּענטעט און איך קאָן בשום אופן זיך נישט

אַרויסרייסן פון דעם קרייז, אין וועלכן די ליבע האָט מיט איר כּשוף מיך אַריינגעוואָרפן.

אָפּט קומט מיר אין קאָפּ אַ פאַרצווייפלטער געדאַנק, צו באַפרייען מיין ליבע פון יעדער קאָנטראָל און פאַרנאַרן מיין געליבטן אין אַ נעץ פון פליכט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט... איך שטעל זיך פאָר, אַז ווען ער וועט זיך געפינען צוגעדריקט צו דער וואַנט, וועט ער שוין קריגן דעם מוט צו האַנדלען, ווי ער באַדאַרף. אָבער באַלד הייבט מיין געוויסן אָן מיך צו פּלאָגן און מוטשען און איך באַשליס נישט אָנצווענדן אַזאַ מיטל, אפילו עס זאָל מיך קאָסטן דאָס לעבן...

16-טער יאַנואַר.

פיינמאַן האָט שוין קענטיק פאַרגעסן אָן בעסין און אָן מיר, און די ליבע-יסורים אין זיין האַרץ זענען אינגאַנצן פאַרגאַנגען.

איך האָב אים געטראָפן אויפן עלעוויימער, פאַרטיפט אין אַ גע-שפּרעך מיט אַ יונגנמאַן. מיר איז אויסגעקומען צו זעצן זיך קעגנאיבער אים, ער האָט מיך אָבער נישט באַמערקט, ביז מיר זענען אָפּגעפאָרן אַ פּאָר סטאַנציעס.

ווען ער האָט מיך דערזעען, איז ער געוואָרן נאָר האַלב-איבער-ראַשט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל און האָט זיך העפלעך פאַרנייגט צו מיר. ער האָט, קענטיק, זיך מישב געווען, אויב ער זאָל צוקומען צו מיר אָדער נישט, און האָט באַשלאָסן צו בלייבן זיצן אויף זיין פּלאַץ.

איך האָב אָן זיין פּנים געקאָנט זעען, אַז אים טוט הנאה, וואָס ער האָט מיר געגעבן אַזאַ ליבלעכע אויפנאַמע.

25-סטער יאַנואַר.

איך האָב זיך אַליין געקליבן אויפצוגעבן מיין שטעלע אין דער „אַ. ק. קאָנסטראָקשאָן קאָמפּאַני" און צום סוף האָט עס גאָר בערנאַרד געטון.

און אַזוי פּלוצלינג איז עס געשעען, אַזוי אומגעריכט, אַז עס האָט מיך איינפאַך צעטומלט און איך ווייס נישט, וואָס צו דענקען איצט וועגן אים.

האָב איך נישט פאַרדינט באַ אים אַזוי פיל ער זאָל מיר פאַר־שפּאָרן אַ טאָג יסורים ? און נאָך וואָס פאַר אַ יסורים ! איך האָב גע־מיינט, אַז איך וועל פון זינען אַראָפּ. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס איבערצוקלערן. איך האָב קוים דערלעבט די מיטאָג־שעה צו זעען אין די צייטונגען, אויב עס איז נישט פאָרגעקומען קיין אומגליק אויפן עלעווייטער אָדער אין סאָבווי.

אַז איך האָב דורכגעקוקט די צייטונגען און זיך איבערצייגט, אַז קיין אומגליקן זענען נישט געשעען, איז באַ מיר געווען געוויס, אַז בערנאַרד איז ערנסט קראַנק. שבת, ווען מיר האָבן זיך געשיידט, האָט ער אויסגעזעען ווי נישט מיט אַלעמען. ער איז געווען בלאַס און זייער נערוועז. איך האָב גענומען מאַכן פּלענער ווי אויסצוגעפינען וואָס ער מאַכט, און ווען איך האָב שוין געהאַט באַשלאָסן באַ זיך אַריבערצושיקן בעסין מיט אַ תירוץ צו אים אין הויז, האָב איך אַ פרעג געטון אין אָפיס, אויב מען האָט נישט געהערט וואָס פון אים.

דער מענעדזשער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט : מר. הילפּריך גייט אונז מער נישט אָן. ער איז נישט מער מיט אונזער פירמע.

— וואָ־אָס ! — האָב איך כמעט אויסגעשריגן. — ער אַרבעט דאָ נישט מער, מען האָט אים אַוועקגעשיקט ?

— ניין, ער איז אַליין אַוועק. ער איז אַנגעקומען צו דער „רעקס אינזשענירינג קאָמפּאַני״. ער גלייבט, אַז דאָרט דערוואַרט אים אַ בעסערע צוקונפט.

— אַ בעסערע צוקונפט ! אים דערוואַרט אַ בעסערע צוקונפט ! — האָט מיר געשווימט אין קאָפּ נאָכאַנאַנד. — און וואָס דערוואַרט מיך ?

אַהיימקומענדיק האָב איך געטראָפן אַ בריוול, אין וועלכן בערנאַרד אַנטשולדיקט זיך פאַר מיר פאַר זיין „פּילייכט איבעראײַלמן טאַט״.

„איך האָב זיך נישט געקאָנט העלפן, דאַרלען״, שרייבט ער, „ווען איך וועל דיר אַלץ דערציילן, וועסטו אַליין צוגעבן, אַז איך האָב נישט געקאָנט האַנדלען אַנדערש״. צום סוף אין דעם „נ. ב.״ שרייבט ער, אַז ער האָפט, אַז איצט וועט ער האָבן מער געלעגנהייט מיך צו זעען, ווי פריער.

31-סטער יאַנואַר.

שוין מאָרגן אַ וואָך, אַז איך האָב בערנאַרדן נישט געזען.

נו, אַ ביסל אַ וואָך דורכגעמאַכט! נאָך איינע אַזאַ וועל איך, דאַכט זיך, נישט קאָנען איבערלעבן.

גאָט מיינער! וואָס איז מיט מיר געשען! בין איך געווען אין אַ חלום פאַרזונקען די גאַנצע צייט? האָב איך געלעבט אין אַ וועלט, וואָס עקזיסטירט נישט? מיינע אויגן עפענען זיך ביסלעכווייז פונאַנדער און אַ שרעק הייבט אָן צו וואַקסן בײַ מיר אין האַרץ.

ווי איז מיר, ווי איז מיר! אָט אַזוי האַנדלט עס בערנאַרד! מיין איינציקער, פאַר וועלכן איך האָב געלאָזט מיין האַרץ אויסברענען און מיין מוח אויסדאַרן? אַזאַ קליינער באַטרעף בין איך דאָס בײַ אים, אַז ער דענקט, אַז מיט עטלעכע געשריבענע ווערטער קאָן ער פון מיר לויז ווערן?

מאַכסט אָבער אַ גרויסן טעות, מיין ליבער! פאַר אַזוי ביליק וועל איך זיך נישט לאָזן האַלטן. אפילו נישט פון דיר, וואָס איז דער איינצי-קער, וואָס ווייסט מיינע שוואַכקייטן.

אָבער וואָס איז מיט מיר! וואָס פאַר אַ געדאַנקען קומען מיר אין קאָפּ, וואָס פאַר אַ ווערטער קומען פון מיין פען! איך פיל ווי זיי וואָלטן געווען נישט מיינע. און די ווייטיק אין האַרץ, פיל איך אויך, ווי זי וואָלט געווען אַ פרעמדע. עפּעס קומט מיר אַלץ פאָר פרעמד, אפילו איך אַליין. איך דערקען זיך נישט, איך בין נישט דאָרע, די דאָרע, וואָס אַלע האָבן אַזוי געליבט און געשעצט.

כאַ, כאַ, כאַ!

אָבער משוגע בין איך דערווייל נאָך נישט! איך זע אַלץ מיט קלאָרע אויגן, שוין צו קלאָרע אויגן!

3-טער פעברואַר.

אָבער הײַנט אים פאָרט געזען!

וואָס פאַר אַ פאַרצווייפלט פּנים ער האָט אָנגעשטעלט, ווען איך בין אים אַנטקעגנגעקומען.

— דאָרעלע, זע נאָר ווי דו ביסט פאַרפרוירן! — האָט ער אַ

צעטומלטער געשטאַמלט, — ביסט שוין אוודאי לאַנג אינדרויסן אין אזא קעלט, אין אזא שלעכט וועטער, ווי איז מיר!

— נישקשה, דער טייוול וועט מיך נישט נעמען! — האָב איך אויסגערופן אין אַן אומקאָנטראָלירטן טאָן.

בערנאַרד האָט אַרונטערגעלאָזט די הענט און איז געבליבן שטיין ווי א געלעמטער.

דאָס האַרץ האָט מיך פאַרדריקט און מיינע אויגן האָבן זיך געעפנט, ווי זיי וואָלטן קוואַלן געווען. בערנאַרד האָט מיט פיל צאַרטקייט מיך אָנגענומען בא ביידע הענט און זיך גענומען בעטן:

— דאַרעלע, האָב רחמנות אויף אונז ביידע, הער אויף צו וויינען, מענטשן קוקן, עס קאָנען נאָך אָנקומען באַקאַנטע.

מיר איז דאָס האַרץ געווען אַזוי פאַרקלעמט, אַז איך האָב קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן. בערנאַרד האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און, צערטלעך צודריקנדיק זיך צו מיר, געפירט צו דער עלעווייטער-סטאַנציע.

ווען ער האָט געהערט, אַז איך האָב זיך אַרומגעדרייט אין דער קעלט באַלד צוויי שעה, האָט ער אויפגעציטערט. „וואָס איז מיט דיר", האָט ער געשריגן, „דו ביסט דאָך א גולנטע איבער זיך אַליין!"

— דאָס ווייס איך שוין פון לאַנג, — האָב איך געענטפערט מיט א געצוווּנגענעם שמייכל.

פאַרנדיק אין „על" האָט בערנאַרד זיך געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן, פאַרוואָס ער איז ביז איצט נישט געקומען. ער האָט געשווירן, אַז ער האָט זיך אַלץ געקליבן צו קומען, נאָר שטענדיק האָט זיך עפּעס געמאַכט, וואָס האָט אים אָפּגעהאַלטן.

# דאָס פּיר און דרייסיקסטע בלעטל

8 טער פעברואַר.

איך האָב נישט געפילט ווי ווייט אומגליקלעך איך בין, ווי ווייט איך בין פון דער גאַנצער וועלט אָפּגעריסן, ביז היינט אינדערפרי, ווען איך האָב געקריגן די איינלאַדונגס-קאַרטע צו בעסיס חתונה.

זאָל איך ווירקלעך האָבן פאַרקראָכן אַזוי ווייט?

עס האָבן מיר די הענט איינפאַך געציטערט, ווען איך האָב די איינלאַדונגס-קאַרטע פאַר מיינע אויגן געהאַלטן. מיינע אויגן האָבן זיך מיט אַ פייכטקייט פאַרצויגן און דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט, ווי עמעצער וואָלט מיר דאָס גרעסטע שטיק צו להכעיס אָפּגעטון.

— אַזוי, אַזוי, איך פאַרליר שוין אויך בעסין, מיין איינציקן אמת-גוטן פריינט — האָט אַ געדאַנק מיר אין מוח געפּיקט.

איך האָב אפשר צען מאָל די איינלאַדונג איבערגעלייענט, אָבער מיינע געדאַנקען האָבן זיך אַזוי געמישט, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט קלאָר מאַכן, ווען די חתונה וועט זיין און ווו זי וועט זיין. אַלץ, וואָס איך האָב געוווסט, איז געווען, אַז בעסי גייט חתונה האָבן און אַז איך בין עלנט, איינזאַם און אומגליקלעך.

ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט איך זיך אַליין אין פּנים אָנגעשפּיגן. איך האָב אַרונטערגעקוקט אויף זיך אַליין, ווי אויף דעם נידעריקסטן באַשעפעניש אויף דער וועלט. האָב איך זיך אַמאָל געקאָנט פאָרשטעלן, אַז איך זאָל עמעצן עפּעס נישט פאַרגונען, און נאָך איבערהויפּט אַזוינס, וואָס מיר איז געווען לייכטער צו קריגן ווי אַנדערע? און איצט שטעכט מיך אין האַרץ יעדן איינעמס גליק, אפילו דאָס גליק פון מיין בעסטן פריינט, מיט וועלכן איך האָב צוויי יאָר נאָכאַנאַנד אין איין צימער געוווינט און אין איין בעט געשלאָפן.

דעם גאַנצן טאָג האָט מיך נישט אויפגעהערט מוטשען דער גע־דאַנק, אַז איך בין נישט מער די גוטע, די קלוגע דאַרע, וואָס איך בין געווען, נאָר בין אַ שלעכט, נאַריש און שוואַכזיניק מיידל, ווי פיל אַנדע־רע פון מיין געשלעכט.

און ווער האָט מיך דערצו געבראַכט?

איך וויל עס בעסער אויפן פּאַפּיר נישט ברענגען.

13־טער פעברואַר.

ענדלעך דאָך דערלעבט צו הערן עפּעס פונדערהיים!

מיין אָרימער, אומגליקלעכער טאַטע! וואָס ער און די גאַנצע פאַ־מיליע האָבן זיך נישט אויסגעליטן, זינט די פאַרפלוכטע מלחמה איז אויסגעבראָכן. און ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט נאָך האָבן צו ליידן, ביז ער וועט דערלעבן אַהערצוקומען. און דאַן, אַז ער וועט קומען...

אָ, אַ ציטער גייט מיר איבערן לייב.

אַ לאַנדסמאַן האָט דעם טרויעריקן גרוס געבראַכט. ער איז אינאיינעם מיט מיין טאַטן פון ס. אַנטלאָפן, האָט מיט אים אינאיינעם זיך אויסגע־וואַלגערט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער און דאַן אין האָלאַנד. ער האָט אָבער געהאַט גענוג געלט אויף אַהערצוקומען און מיין אָרימער טאַטע, דער גביר פון שטאָט, מוז זיך נאָך וואַלגערן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע ערגעץ־ווו אין אַ הקדש אָדער גאָר אונטערן פרייען הימל און אויסקוקן די אויגן אויף הילף פון אַמעריקע.

איך הייב נישט אָן איינצוזעען פונוואַנען זיין הילף וועט קומען. מיין גאַנץ אייגנס קאָן קוים קלעקן אויף איין שיפסקאַרטע און דאַרפן דאַרף ער גאַנצע זעקס. די טאַנטע איז אויך נישט אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס זי זאָל קאָנען טון פיל. אויב זי וועט געבן צושטייער אויף איין שיפסקאַרטע, וועט עס זיין אַ סך. און קיין אַנדערע אויסער מיר און דער טאַנטע האָט דער טאַטע קיינעם נישט אין אַמעריקע.

אפשר זאָל איך זיך ווענדן צו בערנאַרדן? איך בין זיכער, אַז ער איז אימשטאַנד און וועט זיין צופרידן צו העלפן מיין פאַמיליע. איך ווייס אָבער נישט, איך קאָן זיך נישט באַשליסן, אויב איך זאָל אים געבן אַ געלעגנהייט יוצא צו זיין קעגן מיר... איך פיל, אַז איך קאָן אַזאַ זאַך נישט טון, אַז איך טאָר וועגן אַזאַ זאַך גאָרנישט דענקען.

ניין, איך וועל פון בערנאַרדן קיין הילף נישט נעמען, אפילו אַז די גאַנצע וועלט זאָל אונטערגיין.

און אפשר זאָל איך זיך גאָר ווענדן צו מר. האַנדעלסמאַן, ער איז דאָך עפּעס מיין טאַטנס אַ חבר?

כאַ, כאַ, כאַ, אויף וואָס פאַר אַ וועגן מיינע געדאַנקען פאַרפירן מיך. איז דאָס נישט איינס און דאָס זעלבע? בערנאַרד וואָלט געמיינט, אַז מיט די עטלעכע דאָלאַר בינדט ער מיך אָפּ פון זיך און דער ייד פון דער סויטה וואָלט געדענקט, אַז מיטן געלט בינדט ער מיך צו צו זיך.

אָבער וואָס טוט מען פאָרט? ווי ראַטעוועט מען מיין אומגליקלעכן טאַטן און זיין פאַמיליע?

18-טער פעברואַר.

ווי דער פראָסט האַלט עס אָן! שוין דריי טעג, אַז ער הערט נישט אויף צו „ברענען” און עס איז גאָרנישטאָ קיין האָפנונג ער זאָל וועןן אָפּלאָזן.

אַך, ווי אַ מענטש בייט זיך דאָס: איך פלעג תמיד דעם גרעסטן פאַרגעניגן האָבן פון די קאַלטע, טרוקענע וועטערס. איך פלעג שעהן נאָכאַנאַנד אַרומשפּאַצירן אין די פרעסט, פלעג זיך גליטשן אויפן אייז אין סענטראַל-פּאַרק ביז שפּעט אין אָונט. און היינט איז מיר דאָס קלענסטע פרעסטל שווער צו פאַרטראָגן.

איצט זע איך, וואָס עס מיינט צו פאַרלירן פלייש און בלוט.

ווי ווייניק איך גלייב אין דאָקטוירים און ווי פיינט איך האָב צו נעמען מעדיצין, האָב איך מורא, אַז איך וועל מוזן ווייטער אָנהייבן צו נעמען דאָס „אייזן”, וואָס דר. פרידבערג האָט מיר פאַרשריבן דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך בין בא אים געווען. דר. פרידבערג האָט מיר דאַן געזאָגט, אַז אַ חוץ מיין שווערע פאַרקעלטונג, לייד איך אויך פון בלוט-אָרימקייט און דאָס בעסטע מיטל צו בלוט-אָרימקייט איז צו טרינקען „אייזן”.

פע, וואָס פאַר אַ טעם דאָס אייזן האָט! אָבער וואָס טוט מען, כל-זמן עס לעבט זיך ווילט זיך זיין געזונט.

24־סטער פעברואַר.

בערנאַרד האָלט וואָרט, זינט ער האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן מיט מיר צוזאַמען, קומט ער אָפטער מיך זעען.

איך קאָן זעען, אַז ער מאַטערט זיך אָנצוהאַלטן אַ פריינדשאַפט צווישן אונז און איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין צוואָס ער טוט עס. איך חייס גאַנץ גוט און זע אויך איין, אַז ער פאַרשטייט עס, אַז ליבע קאָן זיך נישט אויסלעבן אין פאַרעווער פריינדשאַפט; אַז פריינדשאַפט קאָן נישט זיין קיין רו־פלאַץ פאַר אַנטוישטער ליבע. און דאָך זוכט ער אויפצולעזן אונזער ליבע אין לעבעלעכע פריינדשאַפט. — אַזאַ זאַך צו טון קאָן זיין פעיק נאָר אַ פראַקטישער אויסגערעכנטער מענטש און דאָס הייבט בערנאַרד נישט אָן צו זיין.

דער אָרימער מאַן האָט באַם אַוועקגיין ווי אַ קינד געוויינט. ער האָט קיין ווערטער נישט געקאָנט געפינען, מיט וועלכע פון מיר זיך צו שיידן. ער האָט נערוועז מיך געדריקט און געקושט, און זיינע קושן האָבן צו מיר גערעדט, ווי אין דער פאַרגאַנגענער, גאָלדענער צייט.

באַ מיר איז נישט דער קלענסטער צווייפל, אַז זיין האַרץ און נשמה געהערן נאָך צו מיר.

27־סטער פעברואַר.

איך פיל זיך נאָך אַלץ ווי שיכור פון דער מוזיק, וואָס איך האָב נעכטן געהערט אין „מעטראָפּאָליטאַן“.

אָט דאָס איז מוזיק! אָט דאָס איז אַן אָפּערע! אַ כפרה אַלע אָפּע־רעס פאַר איין „טריסטאַן און איזאָלדע“.

איך בין געזעסן ווי אַ צוגעשמידטע צו מיין פלאַץ פון די ערשטע טיף־טרויעריקע, ליבע־פאַרצווייפלטע טענער פון דער אוווערטור, ביז דער פאָרהאַנג האָט זיך אַרונטערגעלאָזט איבער די אין טויט־פאַראייניקטע פאַרליבטע טריסטאַן און איזאָלדע. איך בין געזעסן פאַרגאַפט, מיין נשמה איז אין דער מוזיק צעגאַנגען און איך האָב נישט געזען, און איך האָב נישט געפילט, וואָס אַרום מיר טוט זיך.

פון מאָל צו מאָל האָבן מיינע הענט זיך געשטרעקט, זיך געצויגן, ווי זיי וואָלטן מיין געליבטן געזוכט, אָבער אינסטינקטיוו האָבן זיי יעדעס

מאָל זיך צוריקגעצויגן, ווי זי וואָלטן ד ע ר ט אַ פּ ט, אַז איך געפין זיך צווישן אַ ים פון ווילד-פרעמדע מענטשן.

ווי האָט עס וואַגנער געמוזט ליבן, ווי האָט ער עס געמוזט ליידן, אַז ער האָט געקאָנט אַזאַ מוזיק באַשאַפן!

„טריסטאַן און איזאָלדע" איז גאָר קיין מוזיק נישט, עס איז אַ צוזאַמענגוס פון ליבע און ליידן.

אָ, ווי האָב איך דאָס מקנא געווען איזאָלדען, ווען זי האָט איר נשמה אויסגעזונגען און זיך פאַרייניקט גייסט און קערפּער מיט איר טריסטאַן! אָ, ווי קאָן איך עס, ווי קאָן איך אַזאַ זאַך! ווען איך וואָלט נאָר געהאַט, וואָלט איך כאָטש טויזנט לעבנס דערפאַר אַוועקגעגעבן.

דער פינאַל האָט מיך איינפאַך פון זיך אַליין אַוועקגעטראָגן. איך האָב מיט מיין יעדן חוש געפילט, אַז דער העכסטער אויסדרוק פון ריינער ליבע: איז שטאַרבן ליבנדיק, פאַרצערט ווערן אינם פייער פון דעם אייגענעם האַרץ.

אָ, ווי מיך ציט און שלעפּט דערצו!

אָבער בערנאַרד, קאָן ער זיין אַ טריסטאַן? קאָן ער ליבן אַזוי שטאַרק, אַזוי הימליש ווי וואַגנערס מיטווישער העלד, אָדער כאָטש אַזוי ווי זיין א יי ג ע נ ע איזאָלדע? איך גלייב עס קוים.

28-סטער פעברואַר.

מיין טאַנטע האָט פאַרקאַכט אַ קאַשע, מיט וועלכער איך האָב מורא איך וועל זיך האָבן צו ווערגן און ווערגן. זי האָט מיר איינפאַך „פאַר-מאָרטגעדזשד" צו מר. האַנדעלסמאַן.

איך האָב קוים איר שוועל איבערגעטרעטן, איז זי מיר געלאָפן אַקעגן מיט דער בשורה, אַז דער טאַטע און זיין גאַנצע פאַמיליע זענען שוין פאַרזאָרגט מיט שיפסקאַרטן און אַזוי שנעל ווי מעגלעך וועלן זיי אַלע דאָ זיין.

— פונוואַנען האָט זיך דאָס גענומען, עס איז פון הימל אַרונטער-געפאַלן? — האָב איך פאַרוואונדערט געפרעגט.

— וואָס מיינסטו, טאַקע פון הימל אַראָפּגעפאַלן, — האָט די טאַנטע געענטפערט, פאַרלייגנדיק דעם ציינג-פינגער אויף דער אייבערשטער ליפ, ווי זי וואָלט מיר אַ סוד פאַרטרויט.

— איך גלייב נישט אין קיין ניסים, — האָב איך מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל געזאָגט. — היינטיקע צייטן פאַלן פון הימל באָמבעס און גראַנאַטן, אָבער נישט קיין געלט.

— וואָס זאָל איך מיט דיר אַ סך רעדן, — האָט די טאַנטע זיך אָפּגערופן — פריער גאָט און נאָכדעם מר. האַנדעלסמאַן. דאָס איז דאָך אַ מענטש אָן אַ גאַל. עס איז אַ צווייטער צו אים אין דער וועלט נישטאָ. ווי ער האָט זיך נאָר דערוווּסט, אַז דער טאַטע איז אין נויט, האָט ער אים גלייך אַוועקגעשיקט אַ סומע געלט, וואָס וועט אים קלעקן צו קומען אַהער מיט דער גאַנצער פאַמיליע אין ערשטער קלאַס. דו קאָנסט זיך עפּעס פאָרשטעלן וואָס דאָס מיינט! היינטיקע צייטן טוט קיינער נישט אַזאַ זאַך אפילו פאַר אַן אייגענעם ברודער.

די טאַנטע האָט גערעדט אַזוי ווייטער, נאָר איך האָב זי מער נישט געהערט. אין קאָפּ האָט זיך מיר געמישט, אין האַרץ האָב איך געפילט אַ פּוסטקייט און פאַר מיינע אויגן האָט אַ פינצטערע נאַכט זיך מיטאַמאָל אַרונטערגעלאָזט.

מיינע פיס האָבן פּלוצלינג זיך געטון אַ בייג אונטער מיר און איך בין אין חלשות געפאַלן.

ווען איך בין צוריק צו זיך געקומען, איז מיין טאַנטע געשטאַנען איבער מיר מיט פאַרבראָכענע הענט און געמורמלט מיט כעס:

„נישט אויסצוהאַלטן, נישט אויסצוהאַלטן פון דער מויד!“

# דאָס פינף און דרייסיקסטע בלעטל

4-טער מערץ.

דאָס ערשטע מאָל זינט איך אַרבעט, אַז מיין אַרבעט זאָל זיין נישט צופרידנשטעלנדיק.

דער הויפּט פון דער פירמע, מר. גראָס אַליין, האָט מיך וועגן דעם געלאָזט וויסן און געטון האָט ער עס אויף אַזאַ איידעלן אופן און מיט אַזאַ ברחמנותדיקן טאָן, אַז עס האָט מיר טאָפּלט ווי געטון.

— מיס בערמאַן, — האָט ער געזאָגט אין אַ טאָן, ווי ער וואָלט זיך דערקלערט אין ליבע צו מיר, — עס איז מיר זייער נישט אָנגענעם עס אייך צו זאָגן, אָבער צוליב אייער אייגענער טובה מוז איך עס טון. איך מיין, — איך האָף, אַז איר וועט נישט נעמען פאַר אומגוט מיינע רייד — איר זענט, דאַכט זיך, אַ ביסל קאַליע געוואָרן די לעצטע צייט. איך מיין, הם, הם, אין דער אַרבעט.

— מיט וואָס בין איך דאָס אַזוי קאַליע געוואָרן? — האָב איך אויסגערופן מיט נערוועזן האַס.

— אַז איר ווערט אויפגערעגט, טויג דאָך נישט! — האָט מיין גוטינקער באַלעבאָס געזאָגט, שמייכלענדיק אונטער זיינע דיקע פאַרשוירענע וואָנסעס. — איך זאָג אייך נאָר, וואָס מר. סיימאָן, דער הויפּט-בוכהאַל-טער, האָט מיר געזאָגט. ער האָט אייגנטלעך עס אייך אַליין געוואָלט זאָגן, נאָר איך האָב אים נישט דערלויבט. איר קענט דאָך אים, אַ שטרענגער מענטש, אַ כּעסן.

— איך דאַנק אייך זייער, איך דאַנק אייך זייער, — האָב איך געשטאַמלט, פילנדיק ווי מיין אויפרעגונג שטייגט און די קאָלירן בייטן זיך אין מיין פּנים. — אָבער איך זע נישט אײַן מיט וואָס מיין אַרבעט איז איצט ווייניקער צופרידנשטעלנדיק ווי פריער.

מר. גראָס האָט זיך העפלעך פארנייגט, איז בנעימות צוגעגאַנגען צום הויפּט-בוכהאַלטער און נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך ביידע דורכגע־שושקעט, זענען זיי צוגעקומען מיט אַ גרויסן לעדזשער און דער מר. סיימאָן האָט מיר געוויזן צייגן איינע נאָך די אַנדערע טעותים, וואָס איך האָב געמאַכט.

איך האָב זיך פארן קאָפּ געכאַפּט. ס׳טייטש, ווי קומט עס צו מיר צו מאַכן אַזעלכע פעלערן. איך האָב איינפאַך פון צוויי און צוויי גע־מאַכט פינף.

— עס איז פשוט נאַכלעסיקייט, — האָט דער הויפּט-בוכהאַלטער זיך אָנגערופן בייזלעך. — די אויגן קוקן נישט, וואָס די הענט טוען.

דער באַלעבאָס האָט דעם בוכהאַלטער נישט געלאָזט ווייטער רעדן. ער האָט אים געהייסן צונעמען דאָס בוך און גיין אויף זיין פּלאַץ.

ווען יענער איז געווען שוין צוריק אין זיין ווינקל, האָט מר. גראָס מיט פיל העפלעכקייט זיך צוגעבויגן צו מיר, האָט זיין האַנט אַרונטער־געלאָזט אַ צאָל פון מיין שולטער און האָט שטיל געזאָגט:

— איך בין אַ מענטש, וואָס גייט אַריין אין יעדן איינעמס לאַגע, נישט ווי די גרעסטע טייל באַלעבאַטים. איך וועל נישט זאָגן, אַז די טעותים וואָס איר האָט געמאַכט, זענען געווען דער רעזולטאַט פון נאַכלעסיקייט, נאָר, מע־עם, איך גלייב, אַז עס איז גיכער פון צעטראָגנקייט.

— וואָס איז דער אונטערשיד, — האָב איך אויסגערופן אין אַ קוים באַהערשטן טאָן. — אַזוי, צי אַזוי. אויב איר דענקט, אַז איך טויג נישט פאַר אייך, שטערט זיך נישט און זאָגט עס מיר גלייך. איך גיב אַליין צו, אַז די לעצטע צייט איז מיין קאָפּ נישט געווען אינגאַנצן בײַ דער אַרבעט.

מר. גראָס האָט געמאַכט אַ רחמנות-פּנים. ער האָט מיך אַ ווײַלע באַטראַכט מיט זיינע מילדע גרויע אויגן און, צושאָקלענדיק לייכט מיטן קאָפּ, האָט ער געזאָגט:

— עס טוט מיר זייער לייד, מיס בערמאַן, עס טוט מיר זייער לייד, אָבער איך האָף, אַז איר וועט זעען, אַז מער קיין טעותים זאָלן נישט פאָרקומען. איך וויל נישט מר. סיימאַן זאָל האָבן וואָס צו רעדן אויף אייך.

13-טער מערץ.

עס האָט דער טאַנטע געקאָסט פיל אָנשטרענגונג צו רעדן צו מיר אָפן וועגן מר. האַנדעלסמאַן, אָבער געזעדט האָט זי אַלץ וואָס איר איז אויפן האַרץ געווען.

ווען איך וואָלט נישט געוווּסט, אַז זי מיינט עס מיך, מיין טאַטן און מיין גאַנצע פאַמיליע צום גוטן, וואָלט איך פון איר אַנטלאָפן זי זאָל מיך מער איר גאַנץ לעבן נישט זען. אָבער גיי מאַך מיט אַ מענטש, וואָס מיינט גוט און טוט שלעכט.

און אפשר איז זי גערעכט. האָבן אַזעלכע געשיכטעס נישט פּאַסירט אין די טויזנטער? פאַרקויפן זיך נאָך היינטיקן טאָג נישט קיין יונגע מיידלעך צו אַלטע אָפּגעלעבטע מענער, כדי זייערע עלטערן זאָלן נישט דאַרפן באַנקראָטירן און ווער רעדט נאָך ווען עס האַנדלט זיך אייגפאַך אום די גאַנצע עקזיסטענץ פון אַ גאַנצע פאַמיליע?!

אַ שוידער און אַן עקל פילט מיך אָן, ווען איך פרווו זיך נאָר פאָרשטעלן אַלס מאַן און פרוי מיטן ייד פון דער סויטה. איך פיל ווי פון דער גאַנצער וועלט צו אַנטלויפן, ווי צו פאַרציען אַ שטריקל איבערן האַלז, צו שפּרינגען אין וואַסער אָדער ענדיקן מיין לעבן דורך גאַז. אָבער דער הילפס-געשריי פון מיין טאַטן און פון מיינע ברידער און שוועסטער האַלט מיך צוריק און בינדט מיך מיט געוואַלט צום לעבן.

— מאַך נישט אַזאַ טעות און מיין נישט, אַז דו ביסט אַזאַ גרויסע יפת תואר, — האָט די טאַנטע צו מיר געטענהט. — שענער׳ע מיידלעך, ווי דו, זענען פאַרזעסן געוואָרן, ווייל זיי זענען געווען אויסטראַכטערקעס. פאַרגעס נישט, אַז דו ביסט נישט מער קיין „סוויט סיקסטין״, ביסט שוין קיין עין-הרע דריי און צוואַנציק יאָר געוואָרן און פון די גריבער אונטער דיינע אויגן קאָן מען מיינען גאָט ווייסט, ווי אַלט דו ביסט.

— זע נאָר, וואָס פון דיר איז געוואָרן אין דעם לעצטן האַלבן יאָר! — האָט די טאַנטע זיך צעהיצט. — עס איז דיך דאָך כמעט נישט צו דערקענען, איינגעדאַרט, איינגעקוואַרט, אָן אַ קאָפּ מוט און אָן אַ פרייער מינע. גלייב מיר, אַז דאָס האַרץ בורעכט מיר, קוקנדיק אויף דיר.

— איך האָב שוין פיל מאָל איבערגערעדט מיטן אָנקל וועגן דיר. מיר האָבן זיך אַלץ מישב געווען, וואָס צו טון פאַר דיר, וואָס פאַר דיר

איז בעסער. איך זע, אז פיל לענגער קאָן עס אַזוי נישט זיין, אַז די ארבעט הרגעט דיך אַוועק, אַז דו מוזסט האָבן אַ היים, רו און גוטע אויפפּאַסונג.

— שוין צייט דו זאָלסט זיך ארויסשלאָגן פון קאָפּ די פּוסטע פאַנטאַזיעס וועגן ליבע־שמיבע. עס איז צו גיך גע וועגן אין די אַמאָליקע יאָרן, היינטיקע צייטן האַלטן זיך די ליבעס נישט לאַנג. אַ רויק אָנשטענדיק לעבן, אַ מאַן, אויף וועלכן מען זאָל זיך קאָנען פאַרלאָזן — דאָס איז דער עיקר היינטיקע צייטן.

— היינט דאַרפסטו נישט פאַרגעסן, וואָס מר. האַנדעלסמאַן האָט שוין געטון פאַר דיין טאַטן. אַ קלייניקייט, טויזנט דאָלאַר האָט ער אים געשיקט אויף שיפסקאַרטן און דו האָסט עפּעס אַ באַגריף וויפיל דיין טאַטנס פאַמיליע וועט אים נאָך אָפּקאָסטן! ער וועט זיי דאָך מיט כּל־טוב פאַרזאָרגן.

— און פון דיר אַליין איז דאָך אָפּגערעדט. ער וועט דיך דאָך האַלטן ווי אַן אויג אין קאָפּ, וועסט זיך באָדן אין עושר און כבוד און לעבן ווי אַ קעניגין.

— אַלץ וואָס מיך באַאומרויקט איז, וואָס דו האָסט זיך אַזוי גע־ענדערט אין אויסזעען די לעצטע צייט. איך האָף אָבער, אַז מר. האַנ־דעלסמאַן וועט דעם נישט קוקן. אַלץ, וואָס ער זוכט, איז אַן ערלעכע, אָנשטענדיקע באַלעבאַטישע טאָכטער, און דאָס, ווייסט ער דאָך, אַז ער קאָן עס אין קיינעם נישט קריגן אַזוי גוט ווי אין דיר.

די טאַנטע האָט אַזוי גערעדט און געטענהט און איך האָב קיין וואָרט נישט געענטפערט. איך בין געזעסן ווי אַ פאַרשטיינערטע, האָב געקוקט שטאַר פאַר זיך און פון מאָל צו מאָל אויסגעווישט אַ טרער פון די אויגן.

מיר איז געווען אַזוי פינצטער פאַר די אויגן, ווען איך האָב דער טאַנטעס הויז פאַרלאָזט, אַז איך ווייס נישט ווי אַזוי איך האָב זיך אַהיים דערשלעפּט.

15־טער מערץ.

בערנאַרד האָט ווידער נישט געהאַלטן זיין וואָרט. ער איז נישט בעקומען און איך פיל זיך באַליידיקט, געקרענקט און באַטראָגן.

נאָט מיינער! וואָס וועט זיין דער סוף. איך קאָן זיך נישט צוגע־וויינען צום געדאַנק, אַז בערנאַרד איז נישט מער מיינער

17־טער מערץ.

קיינער איז אין הויז נישט געווען, ווען איך בין אהיימגעקומען. מיט אַ מאָדנע געפיל אין האַרץ בין איך דורכגעלאָפן די צימערן. כ'האָב געקוקט און געזוכט, ווי איך וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, אַז קיינער אויסער מיר איז אין הויז נישטאָ. אין קאָפּ האָט זיך מיר שרעק־לעך געמישט, אָבער פונם מיש־מאַש איז איין געדאַנק אַרויסגעטרעטן קלאָר און בולט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב געהערט אַ שטימע וואָס האָט צו מיר גערעדט:

„איצט, דאַרע, איז די צייט. קיינעם אויסער דיר וועט נישט שאַטן. דריי אויף דעם גאַז און אין אַ פּאָר מינוט איז אַלץ פאַרביי״.

איך האָב אויפגעציטערט. מיין בליק איז געפאַלן אויפן שאַנדעליער און דאָס גלאַנציקע מעש האָט מיר אַ בליאַסק געטון פאַר די אויגן, ווי איך וואָלט דערזעען דעם מלאך המוות' חלף. איך האָב געפילט, ווי מיין מוט פאַרלאָזט מיך, ווי מיין האַרץ לאָזט זיך אַרונטער און מיינע פיס בייגן זיך אונטערן געוויכט פון מיין קערפּער. איך האָב זיך קוים צוגע־שלעפּט צו מיין צימער און האָב זיך אַ וואָרף געטון ווי אַ שטיק האָלץ אויף מיין געלעגער.

איך בין געלעגן ווי אַ פאַרטשאַדעטע אַ לענגערע צייט. מיינע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט און מיר איז פאַרגעקומען ווי איך גיי פאַרלירן דעם זינען. איך האָב עטלעכע מאָל געמאַכט אַ פאַרזוך אויסצו־שרייען, אָבער יעדעס מאָל האָט זיך מיר עפּעס אין האַלז געשטעלט און איך האָב קיין קול נישט געקאָנט אַרויסברענגען.

ענדלעך האָט אין מיין קאָפּ זיך גענומען אויסלייטערן און ביס־לעכווייז האָב איך צוריקגעקריגן מיין פולן באַוווסטזיין, מיינע ליפּן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַן איראָנישן שמייכל:

— איז דאָס טאַקע אַ פאַקט, אַז אַ מענטש מוז פריער דעם פאַר־שטאַנד פאַרלירן, איידער ער איז פעיק צו מאַכן אַן ענדע צו זיין לעבן? — האָב איך טראַכטיק זיך אַליין געפרעגט. — איך גלייב נישט אין דעם. ווי מיר דאַכט זיך, איז פונקט פאַרקערט: אַ מענטש קאָן נישט באַגיין

אזאַ אַנטשיידענעם שריט, איידער זיין באַװוסטזיין דערגרייכט נישט די העכסטע שטופע פון קלאָרקייט. נו, אויף אַן אמת, וואָס פאַר אַ זין איז עס צו מאַטערן זיך און לעבן, ווען דאָס לעבן איז אומדערטרעגלעך, ווען די קעגנוואַרט איז גרוי און די צוקונפט שוואַרץ און שרעקלעך! מען מוז דאָך אַלציינס שטאַרבן, פריער — שפּעטער. דאַרף טאַקע זיין די בעסטע צייט פאַר דעם די ריכטיקע צייט: ווען דער לעצטער פונק האָפענונג ווערט אויסגעלאָשן און אַלץ אַרום בלייבט פוסט און פינצטער.

און וואָס מיך דערוואַרט באַם לעבן, איז דאָך נאָך טויזנט מאָל שרעקלעכער, ווי דער טויט. צו זיין פאַרקויפט גייסט און קערפּער פאַר ברויט און קליידער, פאַרן שוץ פון אַ דאַך און פאַר אַן אומריינעם, מיט זינד און עקל פאַרפּוצטן געלעגער. קאָן נאָך זיין אַן ערגערער פאַרברעכן ווי דאָס? — אַ שרעקלעכערער טויט פון אַזאַ שרעקלעך לעבן?

פוי, ווי אַלץ עקלט מיך! ווי עס ווילט זיך מיר אַ שפּיי טון אויף דער גאַנצער וועלט!

אָבער מיין טאַטע, מיין פאַמיליע?

נו, זאָל דאַכטן, אַז איך בין שוין לאַנג טויט, אַז איך בין געשטאָרבן לעצטן זומער פון דער לונגען־אַנטצינדונג. דער גאָט, וואָס פאַרזאָרגט אַלעמען, וועט זיי אויך פאַרזאָרגן. סיי־ווי־סיי וועט מיין טאַטע נישט קאָנען אַריבערטראָגן, ווען ער וועט זען, וואָס פאַר אַ פּרייז איך האָב באַצאָלט פאַר די שיפסקאַרטן...

עס האָט מיטאַמאָל אַ בליץ געטון אין מיינע געדאַנקען, ווי אַ ליכטקוואַל וואָלט זיך דאָרט געעפנט. איך בין האַסטיק אַרונטערגעשפרונגען פון בעט, האָב צוגעדרייט דעם גאַז און דעם זעלבן מאָמענט, אַזוי גיך ווי עס איז געוואָרן פינצטער, האָב איך אים צוריק אויפגעדרייט.

איך האָב זיך צוריק אַנידערגעלייגט אויפן בעט, האָב צוגעדריקט דאָס טאָגביכל צו מיין ברוסט און מיט אַ קלאַפנדיק האַרץ געוואַרט אויפן סוף.

דער אַרויסשטראָמענדיקער גאַז האָט געהוזשעט, ווי אַ מחנה קאָמאַרעס וואָלט איבערן צימער אַרומגעשוועבט, אַ שווערער זויערלעכער גערוך האָט גענומען אָנפילן דאָס צימער און די אויערן האָבן מיר זיך גענומען פאַרשטאָפן.

— זאָל כאָטש קיינער נישט אָנקומען, — האָב איך זיך געוווּנטשן. — דאָס איז מיין איינציקער אויסוועג און איך מוז עס דורכפירן.

פאַרן הויז האָבן זיך טריט דערהערט, און ווי מיר האָט זיך געדאכט, האָב איך געהערט מיין באַלעבאָסטעס שטימע.

איך בין אויפגעשפרונגען א פאַרציטערטע און גלייך דעם גאַז צוריק פאַרדרייט. דאַן בין איך מיט אַ שפּרונג צום פענצטער צוגעלאָפן און עס אויפגעעפנט אַזוי ווייט ווי עס האָט זיך געלאָזט. איך האָב אַראָפּ־געצויגן די דעקע פון בעט און דערמיט געפּאַכט הין און הער צו פאַר־טרייבן דעם פאַסקודנעם גערוך.

— אַז עס גייט נישט, איז שטאַרבן אויך נישט! — האָב איך פאַר־צווייפלט געטראַכט. — פאַרוואָס האָב איך אַזוי פיל צייט פאַרשוועדט אויף גאָרנישט? איך האָב דאָך שוין געקאָנט זיין אַ פאַרוואָרגטע...!

ביז די באַלעבאָסטע און אירע טעכטער זענען אין הויז אַריין, איז דער גאַז געווען שוין כמעט אינגאַנצן אויס־עוועפּט.

## דאָס זעקס און דרייסיקסטע בלעטל

20־סטער מערץ.

איך קאָן זיך בשום אופן נישט דערקלערן, פאַרוואָס איך בין פון מיין פּלאַץ אַוועק.

אמת, זינט מיין באַלעבאָס האָט מיך געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז איך בין אַ ביסל קאַליע געוואָרן און דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט מיך איבערצייגט, אַז איך מאַך איין טעות איבערן אַנדערן, האָב איך זיך נישט געפילט זייער באַקוועם אויף מיין שטעלע. אָבער אויפצוהייבן זיך אינמיטן דערינען און אַוועקגיין, האָב איך נישט געהאַט קיין אורזאַך — און נאָך איבערהויפּט איצט, ווען איך דערוואַרט יעדן טאָג מיין פאַמיליע זאָל אָנקומען.

אַז איך וועל נישט דערלאָזן דער ייד פון דער סויטה זאָל ווערן מיין טאַטנס פאַרזאָרגער, איז באַ מיר פעסט באַשלאָסן. כּל־זמן איך וועל האָבן אַ סענט אין קעשענע און כּוח צו אַרבעטן, וועל איך קיין פרעמדן נישט דערלויבן צו ווערן מיין טאַטנס בעל־טובה און מעג די טאַנטע און דער אָנקל זיך שטעלן אויף די קעפּ, וועט מר. האַנדעלסמאַן אויף מיר מער קיין מאָרטגיידזשעס נישט אַרויפלייגן. טויזנט דאָלאַר איז גאַנץ גענוג!

אויב דאָס וועטער וועט ווערן מילדער, וועל איך מאָרגן אַרויסגיין זוכן אַ נייעם פּלאַץ. נישקשה, ניו־יאָרק איז גענוג גרויס. איך וועל קריגן אַ „דזשאָב“. אין ערגסטן פאַל וועל איך זיך באַנוגענען מיט אַ פּאָר דאָלאַר אַ וואָך ווייניקער. עס זעט אָבער נישט אויס, אַז דער בייזער פראָסט זאָל אָפּלאָזן.

נאָכן קאַלענדאַר נאָך הייבט זיך מאָרגן אָן פרילינג, נאָר קוקנדיק אויף די הורבעס שניי אינדרויסן און די פאַרפרוירענע פענצטער אין די

אנטקעגנדיקע הייזער, קומט מיר פאָר, אַז דער ווינטער וועט זיך קיינ־מאָל נישט ענדיקן.

22־סטער מערץ.

מיין האַרץ ברעכט מיך אויף זיך אַליין. מיר דאַכט זיך, אַז אַזוי אומגליקלעך ווי איך, איז נאָך קיין מענטש אויף דער וועלט נישט געווען.

פאַרלאָזענע, פאַרשטויסענע, באַליידיקטע און פאַרצווייפלטע דאָרע! און עס זענען נאָך דאָ מענטשן, וועלכע גלייבן, אַז איך קאָן נאָך זיין אַזוי גליקלעך, אַז מען זאָל מיך דאַרפן מקנא זיין.

צוויי שעה האָב איך היינט אינדערפרי אין דעם אומדערבאַרמדיקן וועטער זיך אַרומגעדרייט איבער וועבסטער־עוועניו מיט דער האָפנונג צו קאָנען כאָטש אַ קוק אויף דעם מאַן, וואָס האָט מיין שיקזאַל באַ זיך אין די הענט, אָבער מיין האָפנונג איז געווען אומזיסט.

זאָל עס זיין מעגלעך, אַז איך האָב אים פאַרזעען, אַז ער איז אַרויף אויף דער סטאַנציע, איידער איך בין געקומען, אָדער נאָכדעם ווי איך בין אַוועק? אָבער דאָס איז דאָך אוממעגלעך. ער פלעגט שטענדיק פאַרלאָזן דאָס הויז פונקט אַכט דעם זייגער און איך האָב אים אויסגעקוקט פון זיבן ביז ניין.

דער פאָליצמאַן אויפן ראָג גאַס און די קרעמער באַ דער עלעווייטער־סטאַנציע האָבן געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ משוגענע, וואָס איך דריי זיך אַרום דאָרט אין אַזאַ קעלט. זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט פאַר־וווּנדערונג און פאַרדאַכט. דאָס רויטע ווייבל אין סטיישאָנערי־סטאָר האָט, ווען זי איז נישט געווען פאַרנומען מיט קונדן, מיר נאָכגעזאָגט מיט איר בליק דורך דער גלעזערנער טיר און דער פאָליצמאַן האָט זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן צופרידן, ביז איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז איך וואַרט אויף אַ שוועסטער, וואָס דאַרף אָנקומען מיטן עלעווייטער פון „דאון־טאון".

איך הייב אָן צו גלייבן, אַז בערנאַרד פאָרט נישט מער פון דער סטאַנציע, זייט יענעם קאַלטן פרימאָרגן, וואָס איך האָב אים אָפּגעוואַרט באַ די טרעפּ. יאָ, איך הייב עס אָן צו גלייבן. ער זוכט ווי ווייט מעג־לעך מיך אויסצומיידן. ער וויל מיך מער נישט טרעפן. איבערהויפּט נאָך

אַ סאַרפּרוירענע און אַ ציטערנדיקע פון קעלט. ער וויל זיך פּאַ, שפּאַר'ן אומזיסטע האַרץ ווייטיק...

איין גאָט אָבער ווייסט, אַז איך האָב קיין ביטער געפיל נישט קעגן אים, אַז איך טראָג נישט קיין האַס און קיין כעס אויף אים. איך בלאַמיר נאָר זיך אַליין. איך האָב געדאַרפט זיין קליגער ווי איך בין. איך האָב באַדאַרפט, אפילו מיטן ביסל פאַרשטאַנד, וואָס איך באַזיץ, איינזעען, אַז אונזער ליבע קאָן נישט גיין ווייטער, ווי זי איז געגאַנגען, אַז זי האָט זיך געמוזט ענדיקן, וויניקסטנס אויף איין זייט, אין אנטוישונג און פאַרצווייפלונג.

יאָ, פאַרצווייפלונג! דערביי האַלט איך איצט? אָבער וווהין וועט די פאַרצווייפלונג מיך פירן?

איך שרעק זיך נישט פאַרן סוף. מיך אַרט נישט אויף וועלכער זייט און אויף וועלכן אָרט מיין וועלט וועט אונטערגיין. איין ווונטש נאָר פילט איצט אָן מיין האַרץ, צו וויסן וואָס פאַר אַן איינדרוק מיין טויט וועט מאַכן אויף בערנאַרדן.

און זי, מאַדאַם הילפּרייך, וועט זי נישט איבּאָטעמען פרייער נאָך מיין טויט?!

אָי, ווי עס נעמט מיר שווינדלען אין קאָפּ. עס הוזשעט און זומט:

ז־ז־ז... ז־ז־ז...

28־סטער מערץ.

ווי עס זעט אויס איז דער ווינטער שוין אַוועק. די לופט איז מילד און אַ ווינטל ווייעט אַ פרילינגס־גרוס. אָבער בּאַ מיר אין האַרץ איז וויסט און קאַלט און אַ מרהשחורה פילט אָן מיין עלנדע נשמה.

איך ווייס, אַז דער פרילינג וועט מיר קיין דערפרישונג נישט ברענגען. איך ווייס, אַז אַ פאַרוועלקטע, צעטרעטענע בלום קאָן דער שענסטער מאַי נישט מאַכן ווידער בליען. מיינע טעג זענען געציילט. איך פיל ווי עס קומט אַלץ נענטער און נענטער דער מאָמענט, וואָס וועט אָפּהאַקן דעם קורצן פאָדעם פון מיין לעבן.

אפשר אַ גאַנצע שעה בין איך באַם ברעג פון בראָנקס־ריווער גע־שטאַנען און צוגעקוקט ווי די זון האָט געשמאָלצן אַ קליין שטיקל אייז,

וואָס איז צווישן צוויי הויכע שטיינער געלעגן. (דאָס איינציקע שטיקל אייז, וואָס מיין אויג האָט געקאָנט באַמערקן.) ווי טרערן האָבן טראָפּנס איינע נאָך די אַנדערע פונם שטיקל אייז גערונען, ביז עס איז געוואָרן אַזוי קליין און דין, אַז מען האָט דורך אים געקאָנט דורכזעען די פּעמע שוואַרצע ערד.

— אָט אין אַזאַ צושטאַנד געפינסטו זיך איצט, — האָט אַ שטימע אין מיר גערעדט. — אַזוי ווי דאָס שטיקל אייז וועט דעם זומער נישט דערלעבן, אַזוי וועסטו עס אויך נישט. דער פרילינג איז אייער ביידנס מלאך־המוות.

מיין בליק האָט פּלוצלינג זיך אַ צי געטון צום טייך.

דאָס וואַסער איז געפלאָסן שנעל און שטראָמיק און דאָס קליינע וואַסער־פאַלכל באַם בריקל איז אַרונטערגעפאַלן מיט אַ שטאַרקן גערויש. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזעען דעם קליינעם ריווער אַזוי צעגאָסן און אַזוי רוישיק ווי היינט. פון די הויכע ברעגעס האָבן דאָ און דאָרט זיך געשלענגלט שמאָלע שטראָמלעך. טייל פון זיי האָבן אונטער דער ערד זיך געגנבעט און אַ טייל זענען איבער וואָרצלען און שטיינער דרייסט געשפּרונגען, ביז זיי האָבן אין טייך זיך פאַרלוירן.

— איין שפּרונג און אַלץ איז אַריבער! — האָט די שטימע אין מיר גערופן.

איך בין האַסטיק צוגעקומען צום ברעג. איך האָב איינגעגראָבן מיין בליק אין דעם רוישנדיקן וואַסער און מיינע פיס האָבן, כמעט אָן מיין וויסן, זיך גרייט געמאַכט אַ שפּרונג צו טון, אָבער באַלד זענען פון וואַסער אַרויסגעשווומען די געשטאַלטן פון מיין טאַטן, פון מיין שטיפמאַמען און פון מיינע שוועסטער און ברידער, וועלכע איך קען בלויז דורך די פאָטאָגראַפיעס און מיינע פיס זענען געבליבן ווי פאַראַליזירט.

— גאָט מיינער, ווו נעם איך כּוח און מוט אויסצולייזן זיך פון אַלע צרות! — האָב איך געטראַכט, קוקנדיק פאַרצווייפלט אויפן רוישנדן טייך און די נאַקעטע, אין דער מילדער לופט זיך וויגנדע ביימער. — פאַרוואָס האָבן טויזנטער אַנדערע פאַרצווייפלטע דעם נייטיקן קוראַזש.

איך בין צוגעקומען צום סאַמע ברעג און האָב זיך אויסגעשטעלט אויף אַ גרויסן שטיין, וואָס איז געווען איין דריטל אויפן ברעג און צוויי דריטל אין וואַסער, מיט דער האָפנונג, אַז פון מיין געוויכט וועט דער

שטיין זיך זאַפּרייסן פון ברעג און מיט מיר צוזאַמען פאַרזינקען אין ריווער, אָבער ווי אויף להכעיס האָט דער שטיין פון אָרט זיך נישט געוואָלט רירן.

צוויי פּרוּוען, איינע מיט א בייבי אין א וועגעלע, זענען אויבן אויפן וועג פאַרבייגעגאַנגען און איך האָב זיך געפילט געצוווּנגען צו פאַרלאָזן מיין פּלאַץ.

איך בין אַוועק פון טייך א נידערגעשלאָגענע, אַן אַנטוישטע.

באַנאַכט.

די טאַנטע האָט מיך איינגעלאַדן אויף פּסח. זי שרייבט, אַז איך מוז קומען. אָן א תירוץ, און טאַקע אויף די גאַנצע אַכט טעג.

איך ווייס נישט וואָס איך זאָל טון. בא מיר איז קיין צווייפל נישט, אַז מר. האַנדעלסמאַן וועט דאָרט אויך זיין. די טאַנטע האָט מיר שוין לאַנג צוריק געזאָגט, אַז ער דאַרף קומען פּסח-צייט. און ווי איז דאָס פאַר מיר מעגלעך מיט אים זיך צו טרעפן, ווי סנדיק, אַז פאַר מיין שיין פּנים (אַז אַך און וויי צו די שיינקייט!) האָט ער אויסגעגעבן אַזוי פיל געלט אויף מיין פאַמיליע?

איך גלייב, אַז איך וועל האַלטן יום-טוב בא מיין „מיסיס” און אויב די טאַנטע און דער ייד פון דער סויטה וועלן זיין אויף מיר ברוגז — אַרט מיך אויך נישט.

30-סטער מערץ.

איך האָב זיך א גאַנצן טאָג געשלאָגן מיט דער דעה אויב איך זאָל גיין אין בראָנקס-פּאַרק צום סדר אָדער נישט. און ווען פיינמאַן קומט אומגעריכט נישט אָן, ווייס איך נישט צי איך וואָלט געהאַט מוט נישט צו גיין.

נו, האָב איך, אָנשטאָט זיצן באַם סדר מיט מיין אָנקל-משפּחה און ווער ווייסט נאָך מיט וועמען, פאַרבראַכט דעם אָוונט צוזאַמען מיט פיינמאַנען.

עס איז געווען נישט קיין קליינע איבעראַשונג פאַר פיינמאַנען צו געפינען מיך אַזוי פאַרענדערט. ער האָט זיין גאַנצע פאַרוווּנדערונג נישט געקאָנט אויסדריקן. נאָר פון דעם ביסל, וואָס ער האָט נישט

געקאַנט אונטערדריקן. האָב איך דייטלעך געזעען, אַז ער האָט געהאַט גרויס עגמת-נפש, פאַרוואָס איך זע אויס אַזוי שלעכט.

ער האָט זיך צען מאָל אַנטשולדיקט פאַר מיר, פאַרוואָס ער האָט די גאַנצע צייט זיך נישט געלאָזט זעען. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז די הויכע מיינונג, וואָס ער האָט וועגן מיר שטענדיק געהאַט, האָט ער נאָך איצט אויך.

איך האָב אין זיין פּנים געקאָנט זעען, אַז מיין אַרונטערשלאָגנקייט פון מוט האָט אין אים אַרויסגערופן אַ האָפנונג. מסתמא האָט ער גע-דענקט, אַז איך פיל זיך איצט ביליקער און וועל זיך געפינען צופרידן, ווען ער וועט מיר זיין אַלטע פריינטשאַפט ווידער אַרויסווייזן.

ער איז געווען שטאַרק איבערראַשט, ווען איך האָב אים, באַם שיידן זיך, געזאָגט, אַז איך דענק דאָ נישט לאַנג צו פאַרבלייבן.

— וווהין דענקט איר דאָס צו פאָרן ? — האָט ער מיט פאַרוווּנ-דערונג אויסגערופן.

— אין אַ ווייטן, ווייטן וועג — האָב איך געענטפערט מיט אַ זויערן שמייכל.

— מעג איך אפשר וויסן וווהין ? — האָט דער אָרימער פיינמאַן זיך געבעטן.

— אָט, וואָס איז דער אונטערשיד. איך וועל קיינעם נישט אויס-פּעלן אין ניו-יאָרק סיי-ווי-סיי.

פיינמאַן האָט מיך באַטראַכט מיט אַן אומרויקן בליק און זיין האַנט האָט געציטערט, ווען זי האָט מייבע מיט אַ „גוד-באַי" געדריקט.

# דאָס זיבן און דרייסיקסטע בלעטל

1־טער אַפּריל.

די טאַנטע האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און איז אום יום־טוב געקומען זעען וואָס מיט מיר איז.

— איך האָב געמיינט נישט אַנדערש, אַז מיט דיר האָט עפּעס געטראָפן, — האָט זי אויסגערופן, פינקלענדיק מיט די אויגן. — האָסטו דען נישט געוווּסט, אַז מען האָט זיך אויף דיר גערינכט?

איך האָב אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און האָב זיך געמאַטערט צו שווייגן. איך האָב געפילט, אַז ווען איך וועל רעדן, וועט זיין ערגער.

— דער אָנקל איז אַן „אויפגעקאָכטער" אויף דיר, — האָט די טאַנטע פאָרגעזעצט מיט אימפּעט. — ס'טייטש, זאָגט ער, אַ מיידל זאָל נישט אָרן פאַר דער גאַנצער וועלט און טון נאָר וואָס דאָס האַרץ גלוסט זי.

ווי ביטער מיר איז געווען אויפן האַרץ, האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון שמייכלען, ווען די טאַנטע האָט מיר איבערגעגעבן דעם אָנקלס שטרענגע ווערטער. מיר האָט זיך געוואָלט פונאַנדערלאַכן אויפן קול, נאָר דער ערנסטער אויסדרוק אויף מיין טאַנטעס פּנים האָט מיך אָפּגעהאַלטן.

— דו שמייכלסט נאָך, האַ! דו מיינסט, אַז עס איז אַ גרויסע חכמה פון דיר, וואָס דו דערוויטערסט זיך פון אייגן פלייש און בלוט. וועסט אָבער, הלוואַי זאָל איך ליגנט זאָגן, חרטה האָבן.

— וועט אויך זיין פאַרפאַלן, — האָב איך מיט עקשנות געענטפערט.

די טאַנטע האָט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי „אַנצופאַלן" אויף מיר אָבער ווען איר בליק האָט זיך באַגעגנט מיט מיינעם, האָבן זיך אירע

הענט אין דער שויס אַרונטערגעלאָזט און זי איז געבליבן זיצן ווי אַן לשון.

אַ קורצע ווײַלע האָבן אירע בליקן זיך געגראָבן אין מײַן נשמה, ביז עס זענען געקומען טרערן אין אירע אויגן און זי האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד.

— אָ, דאָרעלע, טײַערינקע. — האָט די טאַנטע געכליפּעט. — איך זע, אַז דו לײַדסט פון עפּעס. אַז דײַן האַרץ איז צעריסן פון יסורים, אָבער זאָג מיר, וואָס פעלט דיר, אפשר קאָנען מיר דיר העלפן. אָ, ווי דערלעבט מען שוין דײַן טאַטע זאָל קומען!

איך האָב אָנגעקוקט די טאַנטע מיט אַ בליק, וואָס האָט איר קלאָר געזאָגט, אַז קיינער אין דער וועלט קאָן מיר מער נישט העלפן, אַז אין מײַן האַרץ איז דער לעצטער פונק האָפענונג אויסגעלאָשן.

מיר האָבן זיך ביידע מיט טרערן באַגאָסן.

באַ איר אַוועקגיין האָב איך דער טאַנטע געמוזט פאַרשפּרעכן צו קומען צו איר אויף די צווייטע טעג פּסח.

7-טער אַפּריל.

איך האָב שוין לאַנג נישט פאַרבראַכט אַזוי גוט באַ מײַן טאַנטע אין הויז, ווי די לעצטע טעג יום-טוב. די טאַנטע האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט מיר. זי האָט מיך געצערטלט ווי אַ ציטעריק קינד און האָט אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען אויפצימונטערן מיך, און ווען זי האָט באַמערקט אַ פרייע מינע אויף מײַן פּנים, האָט זי אײַנפאַך אָנגעקוואָלן. דער אָנקל האָט, קענטיק, אויף דעם באַפעל פון דער טאַנטע, זיך אויך באַנומען צו מיר מיט מער פרײַנטלעכקייט און וואַרעמקייט ווי תמיד. מאָריסל און פענעלע האָבן זיך געהאַלטן אין איין לאַטשען צו מיר און איך האָב געגומען פילן, אַז איך בין נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעשניטן פון דער וועלט, אַז אַ באַהאַלטענער פאָדעם האַלט מיך נאָך אָנגעבונדן צום לעבן.

ווען-נישט-ווען האָט אַ פונק אויפגעשײַנט אין דער פינצטערניש פון מײַן האַרץ און אַ שטימע האָט בלויז געררעדט צו מיר: „נאָך אַלעמען האָט דאָס לעבן אַ שטיקל ווערט און אַ שאָד עס צו פאַרלאָזן", אָבער אַזוי שנעל ווי איך האָב גענומען זיך לאָזן פאַרפירן פון דעם ליכטיקן

פונק, איז בערנאַרדס געשטאַלט אַרויסגעשווומען פאַר מיינע אויגן און די פאַרצווייפלונג אין מיין נשמה איז געוואָרן גרעסער ווי שטענדיק.

10-טער אַפּריל.

מיין גאַנץ פאַרמעגן באַשטייט איצט פון דרייסיק דאָלאַר און פון דעם דאַרף איך באַצאָלן צען דאָלאַר דירה-געלט פאַרן צימער. עס בלייבט מיר, הייסט עס, נאָך אויף צוויי וואָכן צום לעבן — דאָס העכסטע אויף דריי וואָכן. און וואָלט עס מיך אָנהייבן אַ האָר צו אַרן! מיר קומט פאָר, אַז מיט געלט בין איך פאַרזאָרגט ביז מיין לעצטן טאָג.

קעגן מיין ווילן זוך איך יעדן פרימאָרגן אין די אַנאָנסמענט-שפאַלטן אין די צייטונגען, ווו עס ווערן פאַרלאַנגט סטענאָגראַפערס און ביכהאַלטערס, אָבער וויפיל פאַסנדע פלעצער איך זאָל נישט געפונען, נעם איך זיך נישט די מי צו גיין אַהין. עס קומט מיר פאָר, אַז איך דאַרף מער קיין „דזשאַב" נישט.

יאָ, וואָס אַ טאָג ווייטער איז בא מיר אַלץ מער באַשטימט, אַז איך האָב נישט פאַר וואָס ווייטער צו לעבן, אַז אפילו דאָס קומען פון מיין טאַטן קאָן מיך נישט מער צוריקהאַלטן פון מאַכן אַן ענדע צו אַלץ. איך פיל, אַז איך מוז מיין ליידנדיק באַוווסטזיין איינגעבן אַ שלאָף-טרונק.

אַזוי טיראַניש, אַזוי בעסטיאַליש מיך צו באַהאַנדלען! פאַר די לעצטע דריי טעג שרייב איך אים יעדן פרימאָרגן און וואָלט ער כאָטש אַ וואָרט געענטפערט. האָב איך ווען זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז מיין בערנאַרד זאָל זיין פעיק אויף אַזעלכעס? אַ מענטש אָן אַ האַרץ וואָלט, דאַכט זיך, אויך נישט געקאָנט האַנדלען אַזוי!

מאָרגן שרייב איך אים צום לעצטן מאָל.

13-טער אַפּריל.

איך האָב שוין-לאַנג היינט זיך אַרומגעשלעפט בא די ברעגעס פון בראָנקס ריווער, וועלכע זענען אין די לעצטע פאָר טאָג גאָר נישקשהדיק גרין געוואָרן. מיינע בליקן האָבן נאָכגעפאָלגט דעם רויקן גאַנג פון טייך און האָבן אַלץ געזוכט אַ פאַסיק אָרט, ווו מיין צווועקלאָז לעבן צו פאַר-זינקן. איין פלאַץ, ווו דאָס וואַסער בילדעט די פאָרם פון אַ פלאַך גריבל

און איז באַזונדערס אומרויק, האָט מיין אויפמערקזאַמקייט שטאַרק צוגע־צויגן, און ווען איך בין פון טייך אַוועק, איז בא מיר געווען פעסט באַ־שלאָסן, אז דער פלאַץ וועט מיין נאַסער קבר זיין.

בערנאַרד האָט אויף מיין לעצטן בריוו אויך נישט געענטפערט, וואָס איבערצייגט מיך, אַז אים גייט גאָרנישט אָן, וואָס איך גיי טון מיט זיך. אָ, גאָט מיינער. דער קאָפּ צעפאַלט מיר אין שטיקער און דאָס האַרץ קאָכט אין מיר, ווי אַ העליש פייער וואָלט דאָרט געברענט.

אַזוי! אים אַרט נישט, אים קימערט נישט, וואָס מיט מיר וועט ווערן! ער האָט זיך אָנגעשפילט מיט מיר, ווי אַ קינד מיט אַ צאַצקע, און וויל מער פון מיר נישט וויסן. אָבער... עס וועט אים נישט זיין געשענקט!

איך מוז מאַכן אַן ענדע צו אַלץ. איך קאָן די ווייטיק און די באַליידיקונג נישט אַריבערטראָגן. איך מוז מאַכן אַ סוף צו מיין לעבן נישט אַזוי צוליב זיך אַליין, ווי צוליב אים. זאָל ער עס האָבן אויף זיין געוויסן. זאָל ער וויסן, אַז ער האָט אַ יונג לעבן אומגעבראַכט און זאָל ער פילן דעם טעם פון ליידן, ווי איך האָב עס די גאַנצע צייט געפילט. איך פיל, אַז די איינציקע נקמה, וואָס איך קאָן נעמען פאַר מיין צע־שמעטערט לעבן איז דורך מיין טויט.

אָבער, איז בערנאַרד טאַקע אַזוי שולדיק? ווי איז דאָס מעגלעך! ווי קאָן עס געמאָלט זיין!

## 18־טער אַפּריל.

מיס בעלקין האָט היינט אָוונט געוואָלט אַריבערקומען. זי האָט מיר געשריבן, אַז זי האָט זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך מיר און זי מוז מיך קומען זעען. איך בין אָבער געווען אין אַזאַ שטימונג, אַז מיר איז געווען אוממעגלעך זי אויפצונעמען. איך האָב איר געענטפערט, אַז איך מוז היינט אָוונט אַוועקגיין און אַז איך וועל זעען קומען צו איר אפשר מאָרגן אָדער איבערמאָרגן.

מיין באַלעבאָסטע איז אויסער זיך, וואָס איך האָב אינגאַנצן דעם אַפּעטיט פאַרלוירן. זי האָט געזאָגט, אַז פאַר אַזאַ עסן ווי איך עס, קאָן זי בא מיר קיין געלט נישט נעמען און אויב איך וועל ווידער נישט אָנהייבן צו עסן ווי געהעריק, וועט זי אויפהערן צו קאָכן פאַר מיר.

22 סטער אַפּריל.

די טאַנטע האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז דער טאַטע און די גאַנצע פאַמיליע זענען שוין אונטערגעגאַנגען אויפן ים, און אַז די שיף, אויף וועלכער זיי פאָרן, דאַרף אָנקומען קיין ניו־יאָרק אין אַ פינף־זעקס טעג אַרום. זי האָט זיך דאָס דערוווּסט דורך מר. האַנדעלסמאַן, וועלכער איז אין ניו־יאָרק שוין זייט אַנהייב וואָך.

די טאַנטע וויל דורכויס, איך זאָל קומען אין באַראָ־פּאַרק אויף איבער זונטיק, איך האָב אָבער מורא, איך וועל דאָרט טרעפן דעם מאַן, וואָס האָט אַ מאַרטביידוש אויף טויזנט דאָלאַר אויף מיין נשמה.

27־סטער אַפּריל.

ווער ווייסט, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט מיין אָרימען טאַטן און מיט זיין אומגליקלעכער פאַמיליע? זינט די שיף, מיט וועלכער זיי זענען אָפּגעפאָרן אַהער, האָט פאַרלאָזט דעם האָלענדער האַפן, האָט מען פון איר נישט געהערט. ווער ווייסט, צי זיי זענען נישט געפאַלן קיין קרבנות פון אַ דייטשער מינע! אַזוי פיל אומשולדיקע קרבנות האָבן די דייטשע סאַבמארינס און מינעס די לעצטע צייט געפאָדערט.

אָבער, איז פאַר מיין טאַטן נישט גלייכער צו פאַרשפּאָרן די יסורים, וואָס דערוואַרטן אים דאָ? איז אונטערגיין אין ים נישט בעסער ווי צו שטאַרבן פון אַ געבראָכן האַרץ?

2־טער מאַי.

קאָן איך גלייבן מיינע אויגן! איז עס מעגלעך?! אַי, אַי, מיין קאָפּ ווערט צעשפּרונגען אויף טויזנט שטיקער.

אָבער וואָס טויג מיר דאָס וווּנדערן זיך. וואָס קאָן מיר העלפן דאָס צווייפלען, ווען מיינע אויגן האָבן קלאָר געזעען. יאָ, קלאָר געזעען, ווי בערנאַרד האָט מיך פאַרראַטן און באַטראָגן, אַזוי מיאוס און גרויזאַם באַטראָגן.

איצט בין איך פאַרטיק. מעג פּאַסירן מיט מיין טאַטן וואָס עס וויל, מעג די גאַנצע וועלט אונטערגיין, קיין זאַך וועט מיך פון מיין באַשלוס נישט אָפּהאַלטן.

בערנאַרד וויל אַזוי, ער האָט אַלצדינג געטון מיך אין קבר צו שיקן.

און אפשר — אפשר איז דאָס געווען נישט ער, אפשר איז דאָס געווען נישט זי. עס איז געווען נאָר אַ פּאָר, וואָס איז צו זיי ענלעך? אפשר זענען מיינע אויגן אין דער מינוט פאַרבלענדט געוואָרן. עס האָט מיר טאַקע געשווינדלט, אַרויפגייענדיק די טרעפּ פון עלעוויטער. אָבער וואָרום האָבן זיי די קעפּ פאַרדרייט אָן אַ זייט און גענומען גיין גיכער?

גאָט מיינער, גאָט מיינער. זי איז דאָך שוין אפשר אין זיבעטן חודש! איצט בין איך פאַרטיק, מיט אַלץ פאַרטיק!

מיך וווּנדערט נאָר, וואָס איך האָב אויפן אָרט אַ פּאָפּלעקסיע נישט געכאַפּט.

# דאָס לעצטע בלעטל

3-טער מאַי.

ווי גרויס מיין האַרץ איז, איז עס פול מיט גאַל און גיפט און האַס צו דער גאַנצער וועלט, צו דער גאַנצער שעפונג.

בררר... וואָס פאַר אַ העסלעך, מיזעראַבל, פאַרקריפּלט און פאַלש באַשעפעניש די גאַנצע שעפונג איז, איבערהויפּט דער בעסטער, דער שענסטער פון אירע ברואים, דער מענטש! נישט אומזיסט האָט די נאַטור אַליין צוגעגרייט פאַר אים אַזוי פיל צרות און אַזוי פיל פּלאָגן.

אַ בריאה, וואָס קאָן נישט זיין ערלעך צו זיך אַליין, וואָס הערשט און שקלאַפט אין איין און דער זעלבער צייט און קוויקט זיך מיט ליגנט און באַטרוג, וואָס קיינער, אויסער אים אַליין, האָט אויף אים נישט גרויסגעצוווּנגען.

בררר... מיך עקלט און שווידערט, ווען איך דענק פון דער קלייני-קייט פון דער מענטשלעכער נשמה. און אַ געפיל פון דערלייכטערונג פילט מיך אָן, ווען איך טראַכט, אַז אָט, אָט ווער איך פון אַלץ, פון יעדער קלייניקייט און העסלעכקייט דערלייזט.

אָבער פאַרוואָס קומט עס מיר אָן אַזוי שווער? פאַרוואָס לייג איך אָפּ פון מינוט-צו-מינוט דעם ענדלעכן שריט? צי דען זוכט אַ נאַרנדע האָפנונג מיך צו פאַרפירן, אַז עס קאָן נאָך ווערן אַנדערש. מיין האַרץ איז, דאַכט זיך, פאַרשלאָסן פאַר אַלע באַטריגנדע האָפנונגען, פאַר אַלע פּוסטע איינרעדעכצן!

נעכטן איז בא מיר קיין צופאַל נישט געווען, אַז היינט וועט זיין מיין לעצטער טאָג, און היינט — זיץ איך זיך מיט פאַרלייגטע הענט און שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ קאָליר דער הימל וועט מאָרגן האָבן.

כאַ, כאַ, כאַ, ווי נאַריש און שלעכט דאָס לעבן איז, ווילט זיך

אונז אַריינכאַפּן פון איבּ, וואָס מער און מער כּל־זמן עס לעבּט זיך, וואָ־ רים, ווען מען איז טויט, פילט מען דאָך קיין זאַך נישט, אפילו נישט די פּוסטקייט פון טויט אַליין. און נישט פילן קיין זאַך, איז אַ גרעסערע קללה, ווי פילן פאַר איין מאָל די גאַנצע ביטערקייט פון לעבּן.

און אפשר, וועלכער לעבּעדיקער קאָן דאָס וויסן צי אַ טויטער פילט אָדער נישט. און קאָן גאָר דאָס פילנדיקע אין מענטש אינגערהויפּט כּטאַרבּן? איך קאָן אַזאַ זאַך בשום אופן זיך נישט פאָרשטעלן.

---

איך קלער אַלץ, וואָס צו טון מיט מיין טאָגבּוך, מיין איינציקן פריינט פאַר אַ גאַנץ רונד יאָר? צעשטערן עס לאָזט מיך דאָס האַרץ נישט, מיטנעמען עס קאָן איך נישט, סיידן זיך איינבּעטן בּאַ די לעבּע־ דיקע, וואָס וועלן מיין גוף באַשטאַטן, און דאָס וועל איך אום קיין פאַל נישט טון.

מיר פאַלט איין אַ געדאַנק און, דאַכט זיך, גאָרנישט קיין שלעכ־ טער. איך וועל דאָס בּיכל מיטנעמען מיט זיך, כאָטש בּ י ז ן טויער פון דער אמתער וועלט: איך וועל עס צו מיין האַרץ דריקן, ווען איך וועל דעם טויט־שפּרונג טון, יאַ, מיט אים אינאיינעם, אַ, מיין איינציקן, טייע־ ערן פריינט, וועל איך אין די אָרעמס פון טויט אַריינפאַלן!

---

און בּערנאַרד גייט טאַקע ווערן אַ טאַטע! אָט בּאַלד, בּאַלד, אַ טאַטע פון א י ר קינד! און ווי לאַנג צוריק איז דאָס, אַז ער האָט גע־ האַלטן זיך אין איין שווערן און פאַרזיכערן מיך, אַז זיין איינציקער ווונטש און האָפנונג אין לעבּן, איז צו ווערן פאָטער פון מיין קינד, פון מיינס! כאַ, כאַ, כאַ.

דאָס בּין איך נישט נאָר געגוג צו גלייבּן, אַז בּערנאַרד איז דער ערגסטער מענטש אויף דער וועלט. ער איז אפשר גאָר נאָך איינער פון די פיינסטע, כאַ, כאַ, כאַ!

אַ וועלט אַ בּיסל!

אָט ליגט אַ צייטונג פאַר מיר אויפן טיש — שוין אפילו עטלעכע טעג אַלט, — און מיין בּליק קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון אַ קליין שטיקל

נייעס, וואָס איז, ווי כדי אויסצופילן אַ פּלאַץ, אַריינגעשפּאַרט געוואָרן צווישן די קאָלומנעס פון מלחמה און „גרעפּט"־נייעס אויף דער ערשטער זייט. דאָס קעפּל לייענט זיך: „יונגע פרוי שפּרינגט פון צענטן עטאַזש צום טויט".

אומגליקלעכע נעבעך! שפּרינגען פון צענטן עטאַזש אין לאָנדאָן אויף אַ האַרטן שמוציקן טראָטואַר. איך קאָן זיך שוין פאָרשטעלן איר פאַרצווייפלונג, אָבער אַז שוין יאָ שפּרינגען, טאָ וואָרום האָט זי בעסער נישט אויסגעקליבן צו שפּרונגען אין וואַסער. דאָס קילקייט פון וואַסער איז, דאַכט זיך, אַ דערפרישונג פאַר אַ פאַרשמאַכטער נשמה! און דאַן פאַרשפּאָרן פרעמדע מענטשן די פּיין פון קוקן אויף אַ צעבלוטיקטן, צעשמעטערטן קערפּער!

און אפשר מאַך איך גאָר אַ טעות? אפשר איז דער טויט דורך דערטרינקען גאָרנישט אַזוי לייכט ווי איך דענק, איבערהויפּט נאָך אין אַ טייך, וואָס איז נישט צו טיף און פאַרביי וועלכן מענטשן גייען צו אָפט? און דאַן, נישט אַלע האָבן גענוג פעסטקייט אין כאַראַקטער דורכצומאַכן אַזאַ לאַנגן פּראָצעס — גיי זוך אַ טייך, ווען די פאַרצווייפלונג דריקט די נשמה ווי מיט גליענדע צוואַנגען! פיל מאָל האָב איך אַליין געוואָלט ענדערן מיין באַשלוס, אַ פּאָר מאָל האָב איך געהאַלטן שיער־שיער באַ ענדיקן מיין לעבן דורך גאַז, איך האָב אויך געדענקט פון גיפט, פון אַ שטריק, אָבער קיינמאָל איז מיר נישט אַזוי צום האַרץ, ווי ענדיקן דאָס לעבן אין טייך. איין שפּרונג און מען איז נישט מער אויף דער פאַר־שאָלטענער ערד...

וועל איך מאָרגן אין דער צייט ווידער זיצן איבערן טאָגבוך? ניין און ניינציק פּראָצענט ניין און מעגלעך די גאַנצע הונדערט.

4 טער מאַי.

איך בין זייער שלעכט געשלאָפן, פוסטע נאַרישע חלומות האָבן מיך געהאַלטן האַלב וואַכעדיק. אויפגעכאַפּט האָב איך זיך מיט אַ לייכטן קאָפּ־ווייטיק און מיט אַ געפיל, אַז מען דאַרף באַלד אָפּפאָרן און איך מוז זיך צעאיילן.

מיין „מיסיס" האָט שוין „אַרומגעפּאַדעט" איבער דער קיך. זי האָט

צוגעגרייט פרישטיק פאַר אירע צוויי טעכטער און מיר. זי האָט מיך אַנגעקוקט פאַרווּנדערט, וואָרים איך טו זיך אָן אַזוי פרי.

— איר האָט שוין געקריגן אַ שטעלע? — האָט זי געפרעגט מיט אַ צופרידענער מינע.

— ניין. — האָב איך געענטפערט, זיך מאַטערנדיק איינצוהאַלטן אַ זיפץ. — איך וויל גיין אַ ביסל שפּאַצירן אין פּאַרק, עס איז אַזאַ שיינער פרימאָרגן.

— טאַקע, טאַקע — האָט די אַלטע פרוי געשאָקלט גוטמוטיק מיטן קאָפּ. — עס איז פּשוט אַ חיות דרויסן.

איך האָב מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג דאָס פרישטיק אָפּגע־פטרט. יעדער ביסן האָט זיך מיר אין האַלז געשטעלט.

ווי עס איז מיין לעצט מאַלצייט איבערגעקומען, האָב איך נאָך אַמאָל מיינע זאַכן איבערגעלייגט, האָב צעשטערט אייניקע בריוו, האָב זייער נעט דאָס בעט געמאַכט און בין צום לעצטן מאָל פון מיין צימער אַרויס.

מיין האַרץ איז געווען רויק, יאָ, ריכטיקער געזאָגט, פאַרשטיינערט, קיין טרער איז אין מיינע אויגן נישט געקומען, ווען איך האָב געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויף די פיר ווענט, וועלכע האָבן מאַנאָטנלאַנג דעם אָפּ־קלאַנג פון מיינע פאַרצווייפלטע זיפצן אין זיך איינגעזאַפּט.

מיר איז פאַרגעקומען ווי בערנאַרד איז צוזאַמען מיט מיר פון צי־מער אַרויס, אַז ער האָט די טיר פאַר מיר געעפנט און אַז ער האָט מיר די טרעפּ אויף ביז צו דער גאַס באַגלייט.

דאַן איז ער פּלוצלינג נישט געוואָרן.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב זיין שטילן „גוד־באַי" געהערט, אָבער ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט, האָב איך קיינעם נישט געזען.

---

איך זיץ אויף אַ פייכטער באַנק און דאָס פרישע גרינס פון פּאַרק טוליעט זיך צו מיין נשמה. האַלב־געעפנטע קנאָספּן קוויקן זיך מיטן טוי־זאַפט און די מילדע שטראַלן פון דער זון זוכן אַריינצודרינגען אין זיי־ערע עטוואָס פונאַנדערגעעפנטע בוזימלעך. פייגעלעך שפּרינגען איבער

דינע צווייגלעך מיט א מונטערער געצוויטשעריי און אין דער לופט טראָגן זיך קלאַנגען: „פרילינג! פרילינג!"

עס טוט מיך האַסטיק א צופּ באַם האַרץ.

מיין פאַרצווייפלונג שלאָגט זיך אָן אָן א בלאַסן האָפענונגס-שטראַל און מיין נשמה הייבט זיך אָן צו פילן שוואַכלעך. אַן אומבאַקאַנטע בענקעניש און עפּעס א בלינדער באַגער הייבן אָן זיך אין מיר צו צאַפּלען און א פאַרבאָרגענע האַנט נעמט מיך שלעפּן — צום לעבן.

— זיי נישט קיין נאַר, — הייבט א שטימע אין מיר אָן צו רעדן, — מען גיט נישט אויף אַזאַ שיינע וועלט צוליב א נאַרישן קאַפּריז! ליבע גייט נישט אונטער דורך איין אַנטוישונג. עס איז קינדיש, עס איז נאַריש צו גלייבן, אַז מער ווי איינעם קאָן איינע נישט ליבן. מען קאָן ליב האָבן הונדערט מאָל. עס איז נישטאָ קיין באַשערטס, עס איז דאָ בלויז געלעגנהייט, און דאָס האָט יעדער איינער כל-זמן דאָס האַרץ איז יונג.

איך האָב זיך גענומען פילן קליין אין מיינע אייגענע אויגן, פאַרוואָס איך הער זיך צו צו דער פאַרפירערישער שטימע, האָב איך דידאַזיקע טענות אירע שוין נישט געהערט טויזנט מאָל?

די געשטאַלטן פון אַלע מיינע פריינט און באַקאַנטע האָבן אין גרויס האַסט גענומען מיר פאַרביילויפן. די עטוואָס געבויגענע פיגור פון מיין פאָטער האָט זיך אָוועקגעשטעלט גלייך מיר אַקעגן און האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

---

איך האָב זיך גענומען לאָזן האַסטיק צום ריוועך, ווי איך וואָלט געזוכט צו אַנטלויפן פון דער פאַרפירערישער שטים. אָבער אָנשטאָט צו נעמען דעם קורצן גראַדן וועג, האָט מיין אינסטינקט מיך פאַרפירט אויפן לאַנגן געדרייטן שטעגל. הינטער מיר, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַלע ווײַלע, האָב איך געהערט טריט פון גאַנצע מחנות און מיר איז פאָרגעקומען ווי די גאַנצע וועלט יאָגט מיך נאָך צו שטערן מיר פון מיין באַשלוס.

און צום סוף בין איך דאָ, צום לעצטן מאָל...

---

ווי רויק פליסט עס הייגט דער טייך, נישט שוין־זשע דערוואַרטעט ער גאָרנישט, פאַרדעכטיקט נישט קיין זאַך ? ער איז זיך אויסגעלייגט איינגאַנצן אין דינע געבראָכענע פעלטלעך, ווי ער וואָלט אין אַ ליילעך פון כינעזישן קרעפּ געווען איינגעהילט. אָ, ליב טייער וואַסער, קיינער אויסער דיר זאָל מיין לעצטן זיפץ נישט נעמען, קיינער אויסער דיר...

גוד־באַי !

איך גיי.

נאָר נאָך איין מינוטקעלע, נישט מער ווי איינס.

איך וויל צום לעצטן מאָל אַ מיש טון דורך די בלעטלעך פון מיין טאָגבוך, בלויז איין מיש טון.

אָט אַזוי... אָט אַזוי...

איצט בין איך פאַרטיק, איצט גיי איך. מיטן ביכל צוזאַמען. אָ, גאָט מיינער !

גוד־באַי אַלע ! גוד־באַי טאַטע ! גוד־באַי בער !...

# דאָרע פאַרענדיקט איר ראָמאַן

ערגעץ אין דער סויטה, אויגוסט 1916.

ווערטער הער:

איך דאַנק אייך זייער פאַר דעם פלאַץ, וואָס איר זענט געווען אַזוי פריינדלעך צו געבן פאַר די בלעטלעך פון מיין פאַרלוירענעם טאָגבוך. און — פאַר דער איינזעעניש, וואָס איר האָט געהאַט מיט מיר, איבערדרוקנדיק די בלעטלעך וואָרט פאַר וואָרט ווי איך האָב זיי געשריבן.

מעגלעך, אַז ווען איר וואָלט געענדערט ווי-נישט-ווי אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, אַ סצענקע, אַ בילדל, וואָלט דאָס בוך געווען אַ ביסל מער אינטערעסאַנט. עס וואָלט אָבער דאַן געווען נישט דער ריינער אמת. אָבער אַזוי ווי עס איז אַרויסגעקומען, איז עס, אַזוי צו זאָגן, אַ „מענטשלעכער דאָקומענט". אַ שטיק לעבן, אַ שטיק טרויעריק לעבן, וואָס חזרט זיך איבער אַזוי אָפט ווי די אומשטענדן גרייטן צו פאַר אים דעם נייטיקן באָדן.

ווי שטאַרק עס ווילט זיך מיר צו דערציילן ווייטער וועגן זיך, פיל איך אָבער, אַז איך בין עפּעס שולדיק געבליבן דעם לעזער און איך קאָן נישט פאַרטראָגן צו בלייבן אַ בעל-חוב. איך וועל זיי דעריבער איבערגעבן אַזוי קורץ ווי מעגלעך וואָס דער „סוף מיט מיר" איז געוואָרן.

איך דאַנק אייך, ווערטער הער, נאָכאַמאָל פאַר אייער פריינדלעכקייט און איינזעעניש און פאַרבלייב מיט פיל אַכטונג, ד. ה.

---

אייניקע מינוט נאָכדעם ווי איך האָב די לעצטע שורות אין מיין טאָגבוך פאַרשריבן, האָט מען מיך אַ באַוווסטלאָזע פון בראָנקס־ריווער אַרויסגעצויגן.

גענוי וואָס איך האָב געפילט, ווען איך האָב דעם פאַרצווייפלטן שפרונג געטון, האָב איך נישט געוווּסט אפילו קורץ נאָכדעם, ווי איך האָב מיין באַוווסטזיין צוריקגעקריגן. אַלץ, וואָס איך האָב זיך געקאָנט דערמאָנען און איז נאָך אויך איצט קלאָר פאַר מיר, איז, אַז שפּרינגענ־דיק האָט זיך מיר אָפּגעדאַכט, ווי מיין האַרץ האָט פון זיין פּלאַץ זיך אַרויסגעגליטשט און איז געפאַלן באַזונדער און שנעלער ווי דאָס איבעריקע פון מיין קערפּער. מיר איז פאָרגעקומען ווי איך וואָלט אין צווייען זיך צעטיילט און יעדע טייל באַזונדער האָט אויף אַ באַזונדערן אופן גע־שטרעבט זיך צו פאַרלירן אין אַ וועלט פון אייביקן סוד.

ווען מיין באַוווסטזיין האָט פון הין־הער־פּלעט זיך אויפגעכאַפּט און איך האָב מיינע אויגן געעפנט, האָב איך זיך געפונען צווישן אַ צענדליק פּאַציענטקעס אין אַ שפּיטאָל.

אַ נוירס איז צו מיר צוגעקומען, האָט מיר איינגעגעבן אַ לעפעלע מעדיצין און מיט אַן אָנגעשטעלטן ליבלעכן שמייכל האָט זי געפרעגט, ווי איך פיל זיך. אָנשטאָט אַן ענטפער, האָב איך אַ צי געטון מיט די שולטערס און פאַרלייגט דעם קאָפּ אָן אַ זייט. רעדן האָב איך נישט גע־קאָנט, אַזוי שוואַך בין איך געווען.

די נוירס האָט „גענומען" מיין פּולס און מיין טעמפּעראַטור, האָט פאַרשריבן אויפן „טשאַרט", וואָס איז געהאָנגען צופוסנס פון מיין בעטל און האָט געזאָגט, ווי צו זיך אַליין, אַז איך וועל זיין „אָל־ראַיט". זי איז דאַן אַרויס און אַ פּאָר מינוט שפּעטער צוריקגעקומען מיט אַ יונג דאָק־טאָרל, וואָס האָט מיך באַקוקט און באַטאַפּט פון קאָפּ ביז די פיס און באַשטעטיקט די באַהויפּטונג פון דער נוירס: אַז איך וועל זיין „אָל־ראַיט".

אָן דעם מינדסטן אינטערעס האָב איך זיך צוגעהערט, ווי דאָס דאָקטאָרל האָט געגעבן אינסטרוקציעס צו דער נוירס, וואָס פאַר אַ מעדי־צין זי זאָל מיר געבן און וואָס זי זאָל מיר מאַכן צום עסן. מיר איז פאָרגעקומען ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן איינער, וואָס האָט קיין ברעקל שייכות נישט צו מיר. איך האָב זיך געפילט שוואַך אין אַלע

אבריס און האָב נישט געהאַט די מינדסטע מאַכט צו רירן מיט אַ גליד אָדער קאָנצענטרירן מיינע געדאַנקען אין אַ וועלכע עס איז באַשטימטע ריכטונג. אַלץ איז מיר פאַרגעקומען צופעליק, האַלב פאַרשטעלט און קוים באַגרייפלעך. מיין השגה וועגן זיך אַליין איז געווען, ווי וועגן אײנער, וואָס האָט אַ פאַרמעקטע פאַרגאַנגענהייט, אַן אומקלאָרע קעגנוואַרט און אַ פאַרשטעלטע צוקונפט.

מיר האָט זיך געמישט, געטומלט און געפּלאָנטערט אין מוח ביז איך בין איינגעשלאָפן — עס איז אַפנים געווען דער רעזולטאַט פון דער מעדיצין.

ווען איך האָב זיך אַ צווייט מאָל אויפגעכאַפּט, האָב איך זיך געפילט אַ ביסל פרישער און קרעפטיקער. אין קאָפּ איז מיר געווען אַ ביסל אויסגעלייטערט.

דאָס ערשטע, וואָס איז אויף מיין געדאַנק געקומען, איז געווען: דאָס טאָגבוך. מיין האַנט האָט אינסטינקטיוו זיך גענומען ציען אונטערן קישן.

מיט איין מאָל איז מיר אַלץ געוואָרן קלאָר.

איך האָב זיך דערמאַנט, וואָס איך בין געגאַנגען טון אין מיין גרויס פאַרצווייפלונג, און בין געווען זיכער, אַז איך האָב דאָס ביכל געהאַלטן צוגעדריקט צו דער ברוסט, ווען איך בין צום טייך צוגעלאָפן.

בא מיר איז קיין ספק נישט געווען, אַז מען האָט דאָס ביכל צוזאַמען מיט מיר פון טייך אַרויסגעצויגן און אַז דאָס ביכל געפינט זיך צוזאַמען מיט מיינע זאַכן אויף איין אָרט.

ווען די נוירס איז צו מיר ווידער צוגעקומען, האָב איך זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות און זי געפרעגט פאַרן ביכל.

די פרוי מיטן קאַלטבלוטיקן פנים איז אַוועק און ערשט אין אַ היפּשער צייט אַרום איז זי צוריקגעקומען — מיט ליידיקע הענט. זי האָט געזאָגט, אַז צווישן מיינע זאַכן איז קיין ביכל נישטאָ, ווייל מען האָט אַזוינס נישט געפונען. דאַן האָט זי גוטמוטיק-שטרענג מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל זיך נישט קימערן און אויפרעגן פון קיין זאַך, ווייל עס קאָן מיר שטאַרק שאַטן.

אויף מאָרגן האָט מען מיך איבערגעטראָגן אין אַ פּריוואַט-צימער, וועמענס ברייטע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט קעגן בראָנקס-פּאַרק און

אַן אַנדערע נוירס און אַן אַנדערער דאָקטאָר האָבן געגומען מיך באַהאַנדלען.

די פריינדלעכע, מער פּריוואַטע באַהאַנדלונג פונם נייעם דאָקטאָר און די נייע נוירס און דערצו דאָס פּריוואַטע צימער און די פרישע בלומען-בוקעטן און די צוויי וואַזעס אויפן טישל, האָבן אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנע ווירקונג. איך האָב גענומען פילן, אַז איך בין נישט קיין אי-בעריקע אויף דער וועלט און אַז עמעצער — איך ווייס נישט ווער — דענקט וועגן מיר און נעמט אין מיר אַן אינטערעס.

איך האָב געבעטן די נוירס, זי זאָל מיר דערלאַנגען די בוקעטן און זי האָט עס מיט פיל פריינדלעכקייט געטון.

איך האָב געמיינט, אַז איך וועל געפינען אַ קאַרטל מיט „בעסטע ווונטשן" אויף די פּרעכטיק שמעקעדיקע בלומען, איך האָב אָבער נישט געפונען און בין געוואָרן שטאַרק נייגיריק צו וויסן, ווער עס האָט די בלומען געקאָנט ברענגען. אַלע מיינע באַקאַנטע זענען מיט איין מאָל אויף מיין געדאַנק געקומען און איך האָב געזוכט צו טרעפן, ווער פון זיי האָט עס מיר די בוקעטן געשיקט. איך האָב מיך נאָר געשראָקן, עס זאָל נישט זיין ז י י ן אַרבעט, בערנאַרדס.

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך קיין האַס און קיין כעס צו אים נישט געפילט, אפילו אויך נישט קיין סימן פון פאַראַכטונג. דאָך האָב איך גע-פילט, אַז צווישן אים און מיר איז אַ טיפער אָפּגרונט און די קלענסטע באַרירונג צווישן אונז איז פאַרבונדן מיט געפאַר און אומגליק.

שפּעטער האָב איך דערפאַרן, אַז איינעם פון די בוקעטן האָט מיר געבראַכט מיין טאַנטע און דעם צווייטן האָט מיר געשיקט אַ „פריינט פון דער פאַמיליע".

דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט-צו, איז מיין טאַנטע געקומען מיך מבקר חולה זיין.

די אָרימע פרוי, וועלכע ווי איך האָב שפּעטער דערפאַרן — האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון האָספּיטאַל דעם טאָג, וואָס מען האָט מיך אַהינגעבראַכט — האָט זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון וויינען, ווען זי האָט מיך דערזעען אַן „אָפּגעראַטעוועטע". זי איז צוגעלאָפן צו מיר, האָט מיט פיל ליבע און צערטלעכקייט מיך געגלעט און געקושט, ביז די נוירס האָט זי געוואָרנט נישט אויפצורעגן זיך און מיך.

איך האָב דער טאַנטעס בליק קוים געקאָנט פאַרטראָגן. אַזוי פיל רחמנות, אַזוי פיל באַרמהאַרציקייט האָט ער אויסגעדריקט. איך האָב געזען אָן איר, אַז זי קוקט אויף מיר ווי אויף דעם אומגליקלעכסטן, אומבאַהאָלפנסטן באַשעפעניש אויף דער וועלט און אַז זי איז גרייט מיר צו פאַרצייען און פאַרגעבן אַלץ. אַלץ, אַבי נישט אויפצורירן די ווונדן פון מיין האַרץ...

די נוירס האָט נישט דערלויבט מיין טאַנטע לאַנג צו זיצן. זי האָט איר געזאָגט, אַז מאָרגן, ווי זי האָפט, וועל איך זיין אַ ביסל מער צו זיך געקומען און זי וועט קאָנען אַ ביסל לענגער זיצן מיט מיר.

אַרויסגייענדיק האָט די טאַנטע עפּעס גערעדט מיט דער נוירס. זי האָט איר, קענטיק, וואָס געבעטן אָדער געפרעגט, און איך האָב געהערט, אַז די נוירס האָט איר שטיל געענטפערט: „מיט די נייעס מוזט איר נאָך אַ ביסל אָפּוואַרטן, מעגלעך ביז מאָרגן און מעגלעך ביז איבערמאָרגן. איך קאָן אייך נישט זאָגן באַשטימט".

אַ שטאַרקע נייגיריקייט האָט זיך אין מיר גלייך אויפגעוועקט:

וואָס פאַר אַ נייעס קאָן דאָ די טאַנטע פאַר מיר האָבן? אפשר איז דער טאַטע שוין דאָ? אפשר גאָר עפּעס וועגן בערנאַרדן? מיר האָט זיך זייער נישט געוואָלט מיין טאַטע און איבערהויפּט מיין שטיפמאַמע זאָלן מיך געפינען אין אַזאַ צושטאַנד און ווער רעדט נאָך, ווען זיי דערוויסן זיך, וואָס איך האָב אויפגעטון?

אויף מאָרגן האָב איך זיך געפילט שוין גאָר נישקשהדיק און ווען די טאַנטע איז נאָכמיטאָג מיר געקומען געזעגענען, בין איך צוגעשטאַנען צו דער נוירס זי זאָל איר דערלויבן איבערגעבן די נייעס, וואָס זי האָט פאַר מיר. די נוירס האָט אָבער געזאָגט, אַז כאָטש די נייעס איז אַ פריילעכע, קאָן זי עס אָן דאָקטאָר נישט דערלויבן און איך מוז האָבן געדולד, ביז ער וועט קומען.

---

ז

איך האָב קוים דערלעבט דער דאָקטאָר זאָל קומען.

ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו מיר, האָט מיר אַ טאַפּ געטון דעם שטערן און דעם פּולס און האָט שמייכלענדיק זיך געווענדט צו דער

נוירס: — אונזער פאַציענט בעסערט זיך פון שעה און איך גלייב, אַז אין אַ צוויי טעג אַרום וועט זי זיין אויס פאַציענטקע.

די נוירס האָט אָפּגערופן דעם דאָקטאָר אָן אַ זייט און אים שטיל אַריינגעשושקעט אין אויער. דער דאָקטאָר האָט לאַנגזאַם דעם קאָפּ אויסגעדרייט, האָט אַ ווײַלע באַטראַכט די טאַנטע און מיך און האָט מיט אַן אומזיכערער שטים געזאָגט:

— וועל, וועל, איך וואָלט געוועזן מער צופרידן, ווען מען לייגט עס אָפּ אויף נאָך אַ טאָג. נאָר אַזוי ווי די פּאַציענטקע איז שטאַרק אומגעדולדיק, קאָן עס געשעען היינט.

בײַ דער טאַנטע האָבן די אויגן זיך אָנגעצונדן פון שמחה. זי איז צוגעשפּרונגען צום בעט, האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער מיר, האָט מיך גענומען קושן און האַלזן און זיך בעטן:

— ווער נאָר נישט אויפגערעגט, דאַרלע, דו האָסט אַ טייערן גאַסט, טייערע געסט געקריגן. איך גיי זיי שוין ברענגען. זיי וואַרטן דאָ אין די בראָנקס, בײַ לאַנדסלייט.

— איר דאַרפט עס מיר נישט זאָגן, טאַנטע! — האָב איך כמעט אויסגעשריגן. — איך ווייס, אַז דער טאַטע און די פאַמיליע זענען שוין דאָ, נאָר איצט וואָלט איך וועלן זען בלויז דעם טאַטן, די איבעריקע וועל איך זען מאָרגן, איבערמאָרגן, ווען איך וועל פון האָספּיטאַל אַרויס.

דאָס האַרץ האָט מיר גענומען שטאַרק קלאַפּן, ווען די טאַנטע איז אַרויס.

אין קאָפּ האָט מיר גענומען טומלען און מישן און מיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפן פון אומגעדולד.

דער דאָקטאָר איז געשטאַנען צופוסנס פון מיין בעט און אויפמערקזאַם געקוקט אויף מיר. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו באַהאַלטן פון אים מיין אויפרעגונג, איך האָב עס אָבער אויף קיין פאַל נישט געקאָנט.

— באַהערשט זיך, מיס בערמאַן, באַהערשט זיך, — האָט ער מיך געוואָרנט, שמייכלענדיק.

— איך בין נישט אויפגערעגט, — האָב איך געענטפערט פאַרשעמט און אומזיכער. איך האָב געוווּסט, אַז איך האָב אים אַ ליגנט געזאָגט.

די מינוטן האָבן זיך בײַ מיר געצויגן ווי יאָרן. איך האָב געהאַלטן

אין איין קוקן אויפן זייגער, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר אויפן טישל און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די ווייזערס רירן זיך פון אָרט נישט.

— וואָס נעמט עס אַזוי לאַנג? — האָב איך פון מאָל צו מאָל קאַפּריזנע זיך געפרעגט, — מען האָט אין דער צייט, דאַכט זיך, שוין געקאָנט איינפאָרן פון בראַנזוויל!

עס האָבן זיך דערהערט טריט הינטער דער טיר און איך האָב זיך מיט אימפעט אויפגעזעצט און אויסגעשטרעקט די הענט קעגן דער טיר.

דער דאָקטאָר איז צו מיר צוגעקומען און האָט מיט העפלעכקייט מיך צוריק אַוועקגעלייגט.

— האָב איך אייך נישט אָנגעזאָגט צו האַלטן זיך רויק? — האָט ער זיך כלומרשט געבייזערט. — אויב איר וועט מיר מאַכן אַזעלכע קונצן, וועל איך אייך נישט דערלויבן צו זען אייערע געסט היינט.

— אָ, פּליעז, דאָקטאָר, פּליעז, — האָב איך זיך געבעטן, — לאָזט מיך זען מיין טאַטן, איך וועל זיין רויק, איך וועל זיך נישט אויפרעגן, איך שווער אייך.

די טריט אין קאָרידאָר האָבן זיך געהערט אַ היפּשע ווײַלע, דאַן האָט אַ טיר זיך ערגעץ ווייט צוגעמאַכט און עס איז געוואָרן שטיל.

איך האָב געמיינט, אַז איך וועל פון אומגעדולד פון זינען אַראָפּ. מיר איז פאָרגעקומען, ווי קוועקזילבער וואָלט אין מיינע אָדערן געפלאָסן און מיינע נערוון האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין עלעקטרישע דראָטן, וואָס זענען צוגעטשעפּעט צו אַ „באַטערי". עס האָט מיך געצופּט און גע־קרעמפּעט אין האַרץ און נשמה און איך האָב געמיינט, אַז איך וועל צעשפּרונגען.

— איך וועל באַלד זען מיין טאַטן! איך וועל באַלד זען מיין טאַטן! — האָט אַ שטימע אויפגערעגט אין מיר געשריגן.

און ענדלעך האָבן זיך ווידער דערהערט טריט אין קאָרידאָר און באַלד האָט די טיר פון מיין צימער זיך געעפנט און עס איז אַריין די מאַמע און נאָך איר אַן איינגעבויגענער מאַן מיט אַ גרויער באָרד און געל בלאַס פּנים.

— טאַטע!! — האָב איך ווילד אַ קוויטש געטון און בין אין אָנ־מאַכט געפאַלן.

ווען מען האָט מיך צו זיך געבראַכט, האָב איך זיך געפילט אינגאַנצן אַ צעבראָכענע, אין האַרץ איז מיר געווען פּוסט, פאַר די אויגן האָט מיר געשווינדלט און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין נישט מער איך, אַז איך האָב נישט מער קיין ווילן, קיין ווונטש, קיין האָפנונג, קיין צוקונפט און בין אינגאַנצן אין די הענט פון דערבאַרמונגסלאָזן שיקזאַל.

מיין טאַטע איז געזעסן לעבן מיר אויפן בעט, דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט, די הענט צוזאַמענגעלייגט, ווי אַ מענטש, וואָס האָט די לעצטע האָפנונג פאַרלוירן, און פון די אויגן האָבן זיך אים גרויסע טראָפנס געקייקלט.

— קינד מיינס — האָט ער מיט אַ פאַרשטיקט קול, ווי צו זיך אַליין גערעדט. — וואָס גאָט האָט אויף אונז אַלץ נישט געבראַכט! זע נאָר, ווי דו קוקסט נעבעך אויס, עס איז דאָך גאָרנישט די זעלבע דבורהלע. מיין געזונטע, פרישע, טאָכטער דבורהלע! די טאַנטע איז געזעסן אויף דער שטול דערביי און געכליפּעט אין די הויפּנס.

איך בין געלעגן אויסגעצויגן, ווי אַ שטיק האָלץ, און האָב מיט קיין גליד נישט געקאָנט אַ ריר טון, נאָר מיינע אויגן האָבן פיבעריש געקוקט אַרום זיך און מיינע געדאַנקען האָבן געאַרבעט אַזוי שנעל ווי די בליצן.

— טאַטע, אָרימער אומגליקלעכער טאַטע! — האָב איך געשעפּטשעט אין זיך — ווער האָט דאָס געקאָנט גלויבן, אַז פון מיין טאַטן זאָל אַזוי ווערן. דער שטאָלצער, שיינער און קרעפטיקער ר׳ שאול — אַן אַלטער מאַן, אַ זקן, ווי איז מיר, אין אַזאַ קורצע צייט, אין אַכט יאָר?

איך האָב מיינע אויגן איינגעגראָבן און מיין טאַטנס געל, צעקנייטשט פּנים און אין זיין גרויער, כמעט ווייסער, באָרד און אַ קאַלטער שוידער איז מיר דורכן לייב געגאַנגען. איך בין געווען גרייט מיין גאַנץ לעבן אוועקצוגעבן צו קאָנען פאַרטרייבן די פריצייטיקע עלטער פון אים.

נאָכן טאַטנס און דער טאַנטעס אַוועקגיין בין איך געבליבן ווי אין חלום פאַרזונקען.

די נוירס האָט אויפן באַפעל פון דאָקטאָר מיר איינגעגעבן עפּעס אַ מעדיצין, פון וועלכער איך בין באַלד איינגעשלעפערט געוואָרן.

אויף מאָרגן איז דער טאַטע ווידער געקומען אין אײנעם מיט דער טאַנטע, אָבער אונזער צווייטע באַגעגעניש איז נישט געווען אזוי שמערצ-לעך ווי די ערשטע. מיר האָבן, קענטיק, זיך ביידע שוין א ביסל צוגעוואוינט איינער צו דעם צווייטנס לאַגע...

דער טאַטע האָט מיר דערציילט וואָס פאַר א חורבן פון דער שיינער שטאָט ס. איז געוואָרן און וואָס פאַר א צרות ער און די גאַנצע פאַמיליע זענען אויסגעשטאַנען, ביז זיי איז געלונגען צו ראַטעווען זיך פון דער מלחמה-בראַנד, וואָס האָט שוין באַלד גאַנץ איירָאָפּע פאַר-וויסטעט. ווען נישט זיין אַלטער גוטער פריינט מר. האַנדעלסמאַן — האָט ער געזאָגט, וואָלט פון אים און זיין גאַנצער פאַמיליע קיינער לעבעדיק נישט אַרויס.

א פאָר הייסע טרערן האָבן פון מיינע אויגן זיך אַרויסגעקייקלט, ווען דער טאַטע האָט די לעצטע ווערטער אַרויסגערעדט און איך האָב געפילט, אַז דאָס זענען געווען טרערן פון טיפער דאַנקבאַרקייט. ווען מר. האַנדעלסמאַן קומט בעת מעשה אָן, וואָלט איך אים די הענט געקושט.

---

צוויי טעג אַרום בין איך פון שפּיטאָל אַרויס.

די טאַנטע האָט מיך גענומען צו זיך אין הויז און האָט זיך גלייך גענומען צו געבן מיר „וויגאָדע״. דער טאַטע איז געקומען יעדן טאָג, אַמאָל אַליין, אַמאָל מיט דער שטיפמאַמע, וועלכע האָט, פאַר דער צייט, וואָס איך האָב זי נישט געזען, זיך פאַרענדערט נישט ווייניקער ווי דער טאַטע — און אַמאָל מיט א שוועסטערל, אָדער א ברודערל, וואָס זענען מיר געווען אינגאַנצן פרעמד. איך האָב זיך געפילט מאָדנע. מיר איז פאָרגעקומען ווי איך וואָלט געווען א פויגל מיט איבערגעבראָכענע פלי-געלעך, ווי א האָפנונגסלאָזער אינוואַליד, וואָס לעבט, ווייל אים פעלט די קראַפט צו ברענגען זיך דעם טויט. איך האָב געפילט אין מיין האַרץ און אין מיין נשמה, אַז איך בין נישט מער פעיק צו טון, וואָס איך וויל און האָב געזאָגט צו זיך אַליין: „אָט זאָל שוין גיין ווי עס גייט, איך בין סיי-ווי-סיי נישט מער איך״.

און ווען די טאַנטע האָט עטלעכע טעג שפּעטער דערהאַלטן א בריוו

פון מר. האַנדעלסמאַן, אַז ער קומט זיך זעען מיטן טאַטן, האָב איך אַ שמייכל געטאָן מיט אַ קאַלטן ביטערן שמייכל און צו זיך געזאָגט:

— אַז עס איז באַשערט אַ ייד אויסצופירן!

איך האָב געזעען, אַז איך בין מאַכטלאָז און קאָן זיך נישט ווערן קעגן אַ פליג אפילו.

---

מיינע באַציונגען צו בערנאַרדן זענען פאַר מיר געוואָרן אַ זאַך פון דער ווייטער, ווייטער פאַרגאַנגענהייט און די דערינערונגען פון אונזערע גליִענדע ליבעס־מאָמענטן, פון אונזער גייסטיקן צוזאַמענלעבן, האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו דערוועקן אין מיר וועלכע אויפרעגונג. מיין האַרץ איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ קעלטער און טעמפּער צו אַלץ, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט און גאַנץ אָפט איז בײַ מיר געווען אַ צווייפל, אויב איך האָב דאָס אַלץ גאָר דורכגעמאַכט. די דערפאַרונגען פון גאַנצן יאָר האָבן ווי רעשטלעך פון אַ ווינטער־נאַכט־חלום געשוועבט פאַר מיין גייסט און צייטנווייז איז מיר פאַרגעקומען, ווי איך אַליין וואָלט געווען אַ רעשטל פונם חלום.

און מיין קעגנוואַרט, און מיין צוקונפט — זענען געשטאַנען פאַר מיר אַזוי קאָלירלאָז, אַזוי בלאַס, אַז איך האָב זיי קוים געקאָנט באַמערקן.

די איינציקע זאַך, וואָס פאַר מיר איז געווען קלאָר, איז געווען, אַז מיין טאַטע, דער טאַטע פון דער אַמאָליקער דבורהלע, איז איצט געקומען קיין אַמעריקע אַ צעבראָכענער, פאַר דער צייט אַלט געוואָרענער מאַן, און אַז איך בין די איינציקע, וואָס קאָן העלפן אים און זיין גרויסע הילפלאָזע פאַמיליע.

איך דאַרף בלויז אָפּפערן מיין יוגנט, איז ער אַ פאַרזאָרגטער.

און מישטיינס געזאָגט, מיין יוגנט! וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט שוין פאַר מיר און וואָס פאַר אַ ווערט עס קאָן האָבן פאַר עמעצן אַנדערש. בין איך נישט איצט עלטער אין גייסט פון מיין טאַטן און ווער רעדט נאָך פון זיין אַמאָליקן חבר, וועלכער איז גרייט צו באַצאָלן דעם פּרייז?

אָרימער מר. האַנדעלסמאַן. ער מיינט, אַז ער וועט האַנדלען אַ

מציאה: אַז ער וועט קריגן — ווי די טאַנטע האָט אַמאָל געזאָגט — אַ באַלעבאַטיש, אָנשטענדיק, ערלעך קינד.

ערלעך קינד! בין איך דאָס איצט, אין דעם זין ווי מר. האַנ־דעלסמאַן און אפילו מיין אייגענער טאַטע פאַרשטייען? בין איך נישט געווען אין... אין זיינע אָרעמס און האָבן מיינע ליפּן נישט בעזויגן דעם זאַפט פון זיינע ליפּן?

אָ, גאָט מיינער!

---

אַזוינע און ענלעכע געדאַנקען האָבן מיר אין קאָפּ זיך אַרומגע־פּלאָנטערט אין דער צייט, וואָס איך האָב ציל און צוועקלאָז זיך אַרומ־געדרייט איבער דער טאַנטעס הויז, נישט וויסנדיק וואָס צו טון מיט זיך אַליין.

גאַנץ אָפט פלעגט מיך אָנכאַפּן אַ שטאַרקע בענקעניש נאָך מיין טאָגביכל. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז עמעצער האָט עס געפונען, אָבער איך האָב נישט געזעען קיין וועג ווי אַזוי עס צוריקצוקריגן. איך האָב נישט געהאַט קיין באַגריף ווי צו אָנהייבן עס זוכן. איינמאָל האָב איך זיך געוואָלט אַרויסגנבענען פון הויז און צופאָרן אין בראָנקס־פּאַרק צום פּלאַץ ווו... אָבער ווען איך האָב גענומען גיין, האָט אַ פאַרבאָרגענע האַנט מיך אָפּגעהאַלטן.

די טאַנטע האָט, ווי ווייט זי האָט געקאָנט, אויסגעמיטן צו רעדן מיט מיר וועגן דער פּאַסירונג... זי האָט, קענטיק, געמיינט, אַז איך האָב יסורים, אָדער איך שעם זיך פאַר מיין טאַט. זי האָט זיך אַלץ געמאַכט, ווי זי האָט קיין צייט נישט און פונדערוווייטנס געוואָרפן בליקן צו זעען, וואָס איך טו מיט זיך. אָפט האָט איר איבערטריבענע אויפמערקזאַמקייט מיך געמאַכט צו קלערן, אַז זי היט מיך איך זאָל נישט פּרובירן אַ צווייט מאָל צו טון עפּעס מיט זיך...

דער טאַטע איז געקומען מיך זעען יעדן טאָג אויף, פּונקט ווי די טאַנטע, האָט ער אויסגעמיטן צו פאַרציען מיט מיר אַ לענגערן געשפּרעך און ווען ער האָט מיט מיר וועגן וואָס גערעדט, איז זיין טאָן געווען דורכגעדרונגען מיט אַזוי פיל רחמנות, אַז מיר איז געווען שווער עס צו פאַרטראָגן.

צו דער זעלבער צייט האָט מיך אָנגעהויבן באַאומרויִקן דעם טאַטנס לאַגע. איך האָב געוווּסט, אַז ער האָט נישט קיין סענט בײַ דער נשמה און ווען נישט די טאַנטע, וואָלט זײַן פֿאַמיליע נישט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. און ווי שוואַך איך האָב זיך געפֿילט, האָב איך באַשלאָסן צו גיין זוכן אַ „דזשאַב”, אָבער ווען די טאַנטע האָט זיך דערוווּסט, וואָס איך גיי טון, האָט זי געמאַכט אַזאַ ליאַרעם, אַז איך האָב מײַן באַשלוס געמוזט אויפֿגעבן.

— ס'טײַטש, גזלנטע, וואָס ווילסטו טון? — האָט די טאַנטע זיך צעשריגן. — האָסט נאָך ווייניק אָפּגעפּאַקוטעוועט איבער דער שרײַב-מאַשין, דיך אַרט נאָך, וואָס דו ביסט געבליבן מיט אַ גלײַכער פּלייצע? נישקשה, נישקשה, קאָנסט באַשטיין דײַן שטעטל נישט צו אַרבעטן.

— איך זע נישט איין ווי אַזוי, — האָב איך געענטפֿערט מיט אַ קאַלט שמייכעלע. — מיר דאַכט זיך, טאַנטע, אַז איר מאַכט אינגאַנצן אַ טעות אין רעכנונג, אַז איר מאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס! דערבײַ האָב איך איר אַרײַנגעקוקט אין די אויגן, זי זאָל זען, אַז איך מיין האַנדעלסמאַנען.

— הלוואַי וואָלסטו אַזוי קיין טעותן נישט געמאַכט, ווי איך מאַך נישט. — האָט די טאַנטע אויסגערופֿן. — פֿאַרלאָז זיך נאָר אויף מיר. זאָל מיר זײַן, וואָס איך ווינטש דיר.

---

אויף מאָרגן פֿאַרנאַכט, ווען איך בין געשטאַנען אויף דער וועראַנדע און געקוקט פֿאַרטראַכט דורך די ליליען-קוסטעס, איז אַ גרויסער אויטאָ-מאָביל צוגעפֿאָרן צום הויז און אַ מאַן אין אַ ברייטן פּאַנאַמאַ-הוט איז אַרונטערגעשפּרונגען און זיך אַרומגעקוקט ווי ער וואָלט געזוכט דעם נומער פֿון הויז. אין האַרץ האָט מיר געטון אַ שטאַרקער צופּ און מײַן גאַנצער קערפּער האָט אַ ציטער געטון. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין פּאַרענטש, איך זאָל נישט אומפֿאַלן.

איך דאַרף אײַך נישט זאָגן, אַז דער מאַן איז געווען מר. האַנדעלס-מאַן, נאָר גלייבט מיר, אַז איך אַליין האָב מײַנע אויגן נישט געקאָנט גלייבן. ער האָט אויסגעזען אַמווייניקסטנס מיט פֿינפֿצן יאָר ייִנגער ווי איך האָב אים געזען צום לעצטן מאָל.

— מיין טאַטנס אַ חבר, צוזאַמען אין איין חדר געלערנט — איז אַ געדאַנק דורכן קאָפּ מיר דורכגעלאָפן. נאָר איידער אַ צווייטער געדאַנק האָט אין מיין מוח געקאָנט געבוירן ווערן, איז דער מאַן אין דעם פּאַנאַמע-הוט געשטאַנען אויף דער וועראַנדע און געדריקט מיין האַנט נאַיוו-פאַרשעמט ווי אַ חתן-בחור.

— וואָס מאַכט איר פאָרט מיס... דאָרע, — האָט ער געשטאַמלט און געזוכט אַן אָנהאַלטס-פּונקט פאַר זיינע בליקן.

איך בין געשטאַנען הילפלאָז און צעטומלט. נישט האָבנדיק דעם מוט אַרויסצוציען מיין האַנט פון זיינער, ביז די טאַנטע האָט זיך אין טויער באַוויזן.

— אַזוי, אַזוי, פאָרט נישט פאַרגעסן אָן אונז! — האָט די טאַנטע אויסגערופן, שטאַרק פאַסמאַקעווענדיק זיך.

אַ האַלבע שעה שפּעטער איז געקומען דער טאַטע און די שטיפמאַמע און אין הויז איז געוואָרן אַ גאַנץ גערודער.

די צוויי חברים זענען זיך אַרויפגעפאַלן איינער דעם אַנדערן אויפן האַלז און האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן. זיי האָבן ביידע געוויינט, געשלוכצט און צום סוף אויפגעלעבט געדעדט פון די גוטע, גוטע קינדער-יאָרן און פון די גליקלעכע חדר-טעג.

שפּעט אין אָוונט, זיצנדיק אין אַ ווינקל אויף דער וועראַנדע, האָב איך נישט ווילנדיק אונטערגעהערט אַ געשפּרעך, וואָס איז פאָרגעקומען אין פאָדערשטן צימער צווישן טאַטן, מר. האַנדעלסמאַן, דער טאַנטע און דעם אָנקל. זיי האָבן אפילו גערעדט גאַנץ שטיל, האָבן זיך כמעט געשושקעט, דאָך האָב איך געקאָנט הערן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן מיר.

איך האָב זיך באַלד איבערצייגט, אַז עס איז נישט קיין סוד, נישט פאַר מיין טאַטן און נישט פאַר מר. האַנדעלסמאַן, אַז איך בין אַרויס פון טויט לעבעדיק... איך האָב זיך געפילט שטאַרק צופרידן, ווען איך האָב פון זייערע רייד ווייטער דערפאַרן, אַז זיי מיינען, אַז מיין טרינקען זיך איז געווען אַ צופאַל.

---

אַ פאָר טעג אַרום האָט דער טאַטע מיך געפרעגט, וואָס איך דענק פון מר. האַנדעלסמאַן און איך האָב אים געזאָגט, אַז ער פאַרשפאָרט מיך

צו פֿרעגן קשיות, אַז איך וועל נישט אַנטזאָגן קיין האַנט, וואָס איז גרייט צו העלפֿן מיין אומגליקלעכער פֿאַמיליע.

דער טאַטע האָט זיך מיט טרערן באַגאָסן, הערנדיק מיין ענטפֿער. איך האָב זיך אויך צעוויינט און האָב געוויינט אַזוי לאַנג, ביז באַ מיר איז געוועזן קלאָר, אַז מיין האַרץ, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר אַזוי גליענד געליבט און געליטן, וועט פֿון איצט אָן, אַן אויסגעלאָשנס, אַ קאַלטס, געהערן צו דעם מאַן, וואָס באַצאָלט פֿאַר דעם מיט דער פֿולער האַנט.

אַ וואָך אַרום בין איך געוואָרן מרס. האַנדעלסמאַן און בין צוזאַמען מיט מיין מאַן, מיין טאַטן און דער גאַנצער פֿאַמיליע אַוועקגעפֿאָרן אין דער סוויטה.

---

וועגן מיין פֿאַרהייראַט לעבן גלייב איך, אַז איך האָב קיין רעכט נישט אייך צו שרייבן. ווייל עס איז אַ לעבן, וואָס איך פֿיר בשותּפֿות מיט אַ שותּף, וואָס האָט אַריינגעטון אין די „ביזנעס" אַ סך מער ווי איך. איר פֿיל, אַז איך האָב קיין רעכט נישט צו פֿאַרלאַנגען, צופֿאָדערן און צו ווינטשן און — איך טו עס אויך נישט.

איך לעב ווייל — עס לעבט זיך.

און וועגן טאַטן?

וואָס זאָל איך אייך זאָגן. איך ווייס אַליין נישט. גאַנץ אָפֿט דאַכט זיך מיר, אַז ער איז צופֿרידן צו זעען, ווי זיין טאָכטער גייט אָנגעטון אין זיידנס און אין אַטלעס, האָט אַ הויז פֿון כּל טוב מיט דינסטן, אויטאָמאָבילן און וואָס נישט? אָבער ווען איך קוק אים אַריין טיף אין האַרץ, זע איך, וואָס ער ליידט נעבעך צוליב מיר.

יאָ, באַ מיין טאַטן איז נישט קיין סוד, אַז איך האָב זיך מפֿקיר געווען פֿאַר אים און פֿאַר זיין פֿאַמיליע.

און ווי האָב איך אַנדערש געקאָנט טון?

און מיין מאַן? — ער איז דער איינציקער, וואָס איז צופֿרידן מיטן מסחר. ער ווייסט, אַז ער האָט באַצאָלט אַ גוטן פּרייז, דערפֿאַר אָבער ווייסט ער אויך, אַז ער האָט זיך איינגעהאַנדלט אַ באַלעבאַטישע ערלעכע טאָכטער.

יאָ, דאָס בין איך איצט און דאָס איז די איינציקע זאַך, וואָס באַרעכטיקט מיין עקזיסטענץ.